


# שטערנ

ליטעראריש־
קינסטלערישער
אונ פּאָליטיש־
געזעלשאַפטלעכער
כוידעש־
זשורנאַל

10—11

מינסק — 1937

פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

# שטערן

1937 אָקטיאבער־נאָיאבער — דרײַצנטער יאָרגאנג — № 10—11

אָרגאַן פון פאַרבאַנד סאָוועטישע שרײַבער פון ווססר

# 1917—XX—1937

## יאָר פון דער גרויסער אָקטיאבערישער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע אין פססר

ו. אי. לענינ

# א בריוו צו די מיטגלידער פונעמ צ.ק.

כאווײרימ!

איכ שרײַב די דאָזיקע שורעס דעמ 6־טנ נאָיאבער (24 אָקטיאבער) אינאָוונט, די לאגע איז ביז גאָר א קריטישע. ס׳איז קלאָרער ווי קלאָר, אז איצט, איז שוינ בעעמעס, א פארזאמונג אינעמ אופשטאנד געגליכנ צו טויט.

מיט אלע קויכעס איבערצײַג איכ די כאווײרימ, אז איצט הענגט אלצ אפ א האָרעלע, אז אינ טאָג־אָרדענונג שטײענ פראגנ, וועלכע ווערנ באשלאָסנ ניט דורכ בּאראטונגענ, ניט דורכ צוזאמענפאָרנ (זאָל זײַנ אפילע דורכ ראטנ־צוזאמענפאָרנ), נאָר אויסשליסלעכ דורכ די פעלקער, דורכ דער מאסע, דורכנ קאמפ פונ באַ־וואָפנטע מאסנ.

דער בורזשואזער דראנג פונ די קאָרנילאָווצעס, דאָס באזײַטיקנ ווערכאָווסקינ באווײַזט, אז ווארטנ טאָר מענ ניט. מע דארפ, אומ יעדנ פרײַז, הײַנט אינאָוונט, הײַנט באנאכט ארעסטירנ די רעגירונג, אנטוואָפענענדיק (באזיגנדיק, אויב זיי וועלנ געבנ א ווידערשטאנד) די יונקערס א. א. וו.

מע טאָר ניט ווארטנ!! מע קאָנ פארלירנ אלצ!!

דער פרײַז פונ נעמענ די מאכט באלד איז: פארטײדיקנ דאָס פ א ל ק (ניט דעמ צוזאמענפאָר, נאָר דאָס פאָלק, די ארמיי אונ די פויערימ אינ דער ערשטער ריי) קעגנ דער קאָרנילאָווישער רעגירונג, וועלכע האָט דורכגעטריבנ ווערכאָווסקינ אונ האָט געבילדעט א צווייטע קאָרנילאָווישע פארשווערונג.

ווער דארפ נעמענ די מאכט?

דאָס איז איצט ניט וויכטיק: זאָל זי נעמענ דער מיליטעריש־רעוואָליוציאָנערער קאָמיטעט „אָדער אנ אנדער אנשטאלט", וואָס וועט דערקלערנ, אז ער וועט אָפּ־געבנ די מאכט בלויז די עמעסע פאָרשטײער פונ די אינטערעסנ פונ פאָלק, פונ די אינטערעסנ פונ דער ארמיי (א פאָרשלאג פונ שאָלעמ באלד), פונ די אינטערעסנ פונ די פויערימ (די ערד דארפ מענ נעמענ באלד, אָפּשאפנ דאָס פריוואטע אייגנטומ), פונ די אינטערעסנ פונ די הונגעריקע.

מע דארפ, אז אלע ראיאָנענ, אלע פאָלקנ, אלע קרעפטנ זאָלנ זיכ מאָביליזירנ גלײַכ אונ זאָלנ טײקעפ שיקנ דעלעגאציעס אינ דעמ מיליטעריש־רעוואָליוציאָנערנ קאָמיטעט, אינ צק פונ די באָלשעוויקעס, קאטעגאָריש פאָדערנדיק: פאר קיינ פאל ניט לאָזנ די מאכט אינ די הענט פונ קערענסקינ אונ קאָמפּ. ביזנ 7־טנ נאָיאבער

(25 אָקטיאבער), פאר קיינ פאל ניט; באשליסנ די זאכ הײַנט אומבאדינגט אינאָוונט אָדער באנאכט.

די געשיכטע וועט ניט שענקענ קיינ פארזאמונג די רעוואָליוציאָנערנ, וואָס האָבנ געקאָנט זיגנ הײַנט (אונ וועלנ געוויס זיגנ הײַנט), ריזיקירנדיק צו פארלירנ אסאכ מאָרגנ, ריזיקירנדיק צו פארלירנ אלצ.

נעמענדיק די מאכט הײַנט, נעמענ מיר זי ניט קעגנ די ראטנ, נאָר פאר זיי.

נעמענ די מאכט איז א זאכ פונ אנ אופשטאנד; זײַנ פאָליטישער ציל וועט קלאָר ווערנ נאָכנ נעמענ.

עס וואָלט געווענ אנ אומקום אָדער א פאָרמאליטעט צו ווארטנ אפ דער זיכ וואקלענדיקער אָפשטימונג דעם 7־טנ נאָיאבער (25 אָקטיאבער), דאָס פאָלק האָט רעכט אונ איז מעכויעו צו ליזנ ענלעכע פראגעס ניט מיט אָפשטימונגענ, נאָר מיט קראפט; דאָס פאָלק האָט רעכט אונ איז מעכויעו אינ די קריטישע מאָמענטנ פונ דער רעוואָליוציע צו ריכטנ זײַנע פאָרשטייער, אפילע זײַנע בעסטע פאָרשטייער, אונ ניט ווארטנ אפ זיי.

דאָס האָט דערוויזנ די געשיכטע פונ אלע רעוואָליוציעס, אונ אומגעהויער גרויס וואָלט געווענ דער פארברעכנ פונ די רעוואָליוציאָנערנ, ווענ זיי וואָלטנ דורכגע־לאָזנ דעם מאָמענט, וויסנדיק, אז פונ זיי הענגט אָפ די ר ע ט ו נ ג פ ו נ ד ע ר ר ע ו ו אָ ל י ו צ י ע, דאָס פאָרלייגנ א שאָלעם, דאָס ראטעווענ פיטער, דאָס ראטעווענ זיכ פונ הונגער, דאָס איבערגעבנ די ערד די פויערים.

די רעגירונג וואקלט זיכ. מע דארפ זי דערשלאָגנ אום יעדנ פרײַז!
א פארזאמונג אינ דער ארויסטרעטונג איז געגליכנ צו טויט.

אָנגעשריבנ דעם 6 נאָיאבער (24 אָקטיאבער) 1917 יאָר.
לענינ, ב. XXI, ז. 363—362.

י. וו. סטאַלינ

# וואָס דאַרפנ מיר?

אינ פעוראַל כוידעש האָבנ די סאָלדאַטנ אונ די אַרבעטער אַראָפּגעוואָרפנ דעמ קייסער, אָבער, באַזיגנדיק דעמ קייסער, האָבנ זײ ניט געוואָלט נעמענ די מאַכט אינ זײערע הענט. אָנגעפירט פונ שלעכטע אָנפירער,—עסערנ אונ מענשעוויקעס, האָבנ די אַרבעטער אונ סאָלדאַטנ פרײַוויליק איבערגעגעבנ די מאַכט די געשטעלטע פונ די גוטבאַזיצער אונ קאַפּיטאַליסטנ: די מיליוקאָווס אונ די לוואָווס, די גוטשקאָווס אונ קאָנאָוואַלאָווס.

דאָס איז געווענ אַ פאַטאַלער פעלער פונ די זיגער. פאַר דעמ דאָזיקנ פעלער צאָלנ זיכ איצט פאַנאַנדער די סאָלדאַטנ אפנ פראָנט, די אַרבעטער אונ פויערימ אינ טיל.

אַראָפּוואַרפנדיק דעמ קייסער, האָבנ די אַרבעטער גערעכנט באַקומענ ברויט אונ אַרבעט. אָבער אָנשטאָט דעמ האָבנ זײ „באַקומענ“ יאָקרעס אונ הונגער, לאָקאַוטנ אונ אַרבעטסלאָזיקײַט. פאַרוואָס?

— דערפאַר, ווײַל אינ דער רעגירונג זיצנ געשטעלטע פונ קאַפּיטאַליסטנ אונ ספעקוליאַנטנ, וועלכע ווילנ נעמענ די אַרבעטער מיט אויסצערונג.

אַראָפּוואַרפנדיק דעמ קייסער, האָבנ די פויערימ גערעכנט באַקומענ ערד. אָבער אָנשטאָט דעמ האָבנ זײ „באַקומענ“ אַרעסטנ פונ זײערע דעפּוטאַטנ אונ שטראָף־עקספּעדיציעס. פאַרוואָס?

— דערפאַר, ווײַל אינ דער רעגירונג זיצנ געשטעלטע פונ פריצימ, וואָס וועלנ פאַר קיינ פאַל ניט גײנ אפ האַנאָכעס די פויערימ.

אַראָפּוואַרפנדיק דעמ קייסער, האָבנ די סאָלדאַטנ גערעכנט באַקומענ שאָלעמ. אָבער אָנשטאָט דעמ האָבנ זײ „באַקומענ“ אַ פאַרצויגענע מילכאָמע, וועלכע מע וויל דערצו נאָכ אָפּציִענ ביז דעמ קומענדיקנ האַרבסט. פאַרוואָס?

— דערפאַר, ווײַל אינ דער רעגירונג זיצנ געשטעלטע פונ די ענגליש־פראַנצויזישע באַנקירנ, וועמענ עס לוינט ניט דאָס „גיכ“ פאַרענדיקנ די מילכאָמע, וועלכע באַרײַכערנ זיכ רויבעריש פונ דער מילכאָמע.

אַראָפּוואַרפנדיק דעמ קייסער, האָט דאָס פאָלק גערעכנט, אַז אינ אַ כאָדאָשימ צוויי־דרײַ אַרומ וועט מענ צונויפרופנ די גרינדונג־פאַרזאַמלונג. אָבער דאָס צונויפרופנ די גרינדונג־פאַרזאַמלונג איז שוינ איינ מאָל אָפּגעלייגט געוואָרנ, אונ איצט גרייטנ זיכ בעפייִרעש די סאָנימ אַראָפּצורײַסנ זי ענדגילטיק. פאַרוואָס?

— דערפאר, ווײַל אינ דער רעגירונג זיצנ סאָנימ פונ פאָלק, וועמענ עס לוינט ניט דאָס רעכטצײַטיק צונויפרופנ די גרינדונג־פארזאמלונג.

נאָכנ זיג פונ דער רעוואָליוציע איז די מאכט פארבליבנ אינ די הענט פונ די פריצימ אונ קאפיטאליסטנ, באנקירנ אונ ספעקוליאנטנ, אופקויפער אונ מאראָדיאָרנ, — אָט אינ וואָס עס איז דער פאטאלער פעלער פונ די ארבעטער אונ סאָלדאטנ, אָט ווו עס איז די סיבע פונ די איצטיקע צאָרעס אינ טיל אונ אפנ פראָנט.

דעמ דאָזיקנ פעלער דארפ מענ פאריכטנ טאקע שוינ. עס איז אָנגעשטאנענ דער מאָמענט, ווענ די ווײַטערדיקע פארזאמונג דראָט מיט אומקומ דער גאנצער זאכ פונ דער רעוואָליוציע.

מע דארפ די איצטיקע רעגירונג פונ די גוטבאזיצער אונ קאפיטאליסטנ פארבײַטנ מיט א נײַער רעגירונג פונ ארבעטער אונ פויערימ...

מע דארפ די איצטיקע אוזורפאטאָרישע רעגירונג, וואָס איז דורכנ פאָלק ניט אויסגעוויילט אונ פארנ פאָלק ניט פאראנטוואָרטלעכ, פארבײַטנ אפ א רעגירונג, וואָס איז אנערקענט פונעמ פאָלק, וואָס איז אויסגעוויילט דורכ פאָרשטייער פונ די ארבעטער, סאָלדאטנ אונ פויערימ אונ איז פאראנטוואָרטלעכ פאר די דאָזיקע פאָרשטייער.

מע דארפ די רעגירונג פונ קישקינ־קאָנאָוואלאָוו פארבײַטנ אפ א רעגירונג פונ סאָוועטנ פונ ארבעטער, סאָלדאטנ אונ פויערימ-דעפוטאטנ:

דאָס, וואָס ס'איז ניט געטאָנ געוואָרנ אינ פעווראל, דארפ געטאָנ ווערנ איצט.

מיט אָזא אונ נאָר מיט אזא וועג קענענ דעראָבערט ווערנ שאָלעמ, ברויט, ערד, פרײַהײַט.

— ארבעטער, סאָלדאטנ, פויערימ, קאזאקנ, אלע ארבעטנדיקע!

צי ווילט איר, אז אָנשטאָט דער איצטיקער רעגירונג פונ גוטבאזיצער אונ קאפיטאליסטנ זאָל זיכ שטעלנ בא דער מאכט א נײַע רעגירונג פונ ארבעטער אונ פויערימ?

צי ווילט איר, אז די נײַע רעגירונג פונ רוסלאנד זאָל דערקלערנ, אינ איינקלאנג מיט דער פאָדערונג פונ די פויערימ, דאָס אָפשאפנ די גוטבאזיצ;רישע רעכט אפ ערד אונ זאָל איבערגעבנ אלע גוטבאזיצערישע ערדנ אָנ אויסקויפ די פויערימ־קאָמיטעטנ?

צי ווילט איר, אז די נײַע רעגירונג פונ רוסלאנד זאָל פארעפנטלעכנ די געהיימע אָפמאכנ פונ דעמ קייסער, זאָל זיי אנערקענענ פאר ניט אָבליגאטאָריש אונ זאָל פאָרלייגנ אלע מילכאָמע־האלטנדיקע פעלקער א גערעכטיקנ שאָלעמ?

צי ווילט איר, אז די נײַע רעגירונג ונ רוסלאנד זאָל אײַנצוימענ ביז לעצט די לאָקאוטשיקעס אונ די ספעקוליאנטנ, וואָס פארשארפנ בעקיווני דעמ הונגער אונ די ארבעטסלאָזיקײַט, די צערויִנירונג אונ דעמ יאקרעס?

אויב איר ווילט עס, זאמלט צונויפ אלע אײַערע קויכעס, שטייט אופ אלע אָנ אויסנאמ, ווי איינ מענטש, אָרדנט אײַנ פארזאמלונגענ, וויילט אויס דעלעגאציעס אונ גיט איבער אײַערע פאָדערונגענ דורכ זיי דעמ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר, וועלכער עפנט זיכ מאָרגנ אינ סמאָלני.

אויב איר וועט אלע אָפערירנ סאָלידאר אונ שטאנדהאפטיק, וועט קיינער ניט וואגנ צו קעגנשטעלנ זיכ דעמ ווילנ פונ פאָלק. די אלטע רעגירונג וועט אָפטרעטנ דאָס אָרט פאר דער נײַער אלצ מער פרידלעכ, וואָס שטארקער, אָרגאניזירטער אונ מעכ־

טיקער איר וועט ארויסטרעטנ. אונ דאָס גאנצע לאנד וועט דאנ גיינ דרייסט אונ פעסט צומ דעראָבערנ שאָלעמ די פעלקער, ערד די פויערימ, ברויט אונ ארבעט די הונגערנדיקע.

די מאכט דארפ אריבערגיינ אינ די הענט פונ די סאָוועטנ פונ ארבעטער, סאָלדאטנ־ אונ פויערימ־דעפוטאטנ.

בא דער מאכט דארפ זײַנ א נײַע רעגירונג, וואָס ווערט אויסגעוויילט דורכ די סאָוועטנ, ווערט אומגעביטנ דורכ די סאָוועטנ, וואָס איז פאראנטוואָרטלעכ פאר די סאָוועטנ.

נאָר אזא רעגירונג קענ זיכערנ דאָס רעכטצײַטיק צונויפרופנ די גרינדונג־פאר־זאמלונג.

דער דאָזיקער ארטיקל פונעמ כאווער סטאלינ איז געווענ געדרוקט אינ № 44 פונ דער באָלשעוויסטישער צײַטונג „ראבאָטשי פוט“ דעמ 6־טנ נאָיאבער (24 אָקטיאבער) 1917 י.

דער טעקסט פונעמ ארטיקל איז גענומענ געוואָרנ פונ בוכ: י. סטאלינ „אפ די וועגנ צומ אָקטיאבער“. ארטיקלענ אונ רעדעס. מארט—אָקטיאבער 1917 י. צווייטע אויפלאגע, מעלוכע־פארלאג, 1925 י.

# צומ צוואנציקסטנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע

(פאָרטראג פונ כ׳ וו. מ. מאָלאָטאָוו אפ דער פײַערלעכער זיצונג אינ גרויסנ טעאטער דעמ 6-טנ נאָיאבער 1937 יאָר)

## I. די באַדײַטונג פונ אונדזער זיג

כאווײרימ!

הײַנט פײַערנ די ארבעטנדיקע פונ סאָוועטנפארבאנד מיטנ באוווסטזײַנ פונ גרויסער שטאָלצ דעמ צוואנציקסטנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע (שטורמישע אפלאָדיסמענטנ).

יענע פונ אונדז, וואָס האָבנ אָנגעהויבנ זייער באוווסטזיניקנ לעבנ ביזנ 1917 יאָר, שטעלנ זיכ פאָר, לויט דער אייגענער דערפארונג, די קארדינאלע ענדערונגענ אינ אונדזער לעבנ, וואָס זײַנענ ארויסגערופנ געוואָרנ דורכ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. דער דאָר, וואָס איז אויסגעוואָקסנ אינ די לעצטע צוואנציק יאָר, האָט זיכ באטייליקט אינעמ ענדגילטיקנ צעגראָמירנ די קויכעס פונעמ אלטנ, בורזשואז־פריצישנ רוסלאנד אונ אינ שאפנ א נײַע, סאָציאליסטישע אָרדענונג. אינ די דאָזיקע טעג זײַנענ אינ אלע אונדזערע שטעט אונ דערפער, אינ יעדער לעבעדיקנ ווינקעלע פונ לאנד די געדאנקענ פונ די ארבעטנדיקע צוגעשמידט צו די געשעענישנ פונ גרויסנ צוואנציקסטנ יאָרטאָג פונ דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע, צו אירע רומפולע דעראָבערונגענ אונ צו דער ליכטיקער צוקונפט, וואָס האָט זיכ צעעפנט פאר אונדז.

ניט בלויז די ארבעטער אונ פויערימ פונ סאָוועטנפארבאנד, נאָר אויכ די ארבעטנדיקע פונ די קאפיטאליסטישע לענדער אונ קאָלאָניעס לעבנ איבער אינ די דאָזיקע טעג א פרײדיקנ געפיל צוליבנ זיג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. (שטורמישע אפלאָדיסמענטנ).

אינעמ אומאָפנויגלעכנ וווּקס פונ די קויכעס פונ סאָוועטנפארבאנד, אינעמ אופבלי פונ די דאָזיקע קויכעס, וואָס קומט פאָר פאר זייערע אויגנ, זעענ זיי, וואָס עס קענענ דערגרייכנ די ארבעטנדיקע, פארנעמענדיק די מעלוכע־מאכט. וואָס עס זאָלנ ניט טאָנ אונדזערע סאָנימ, די סאָנימ פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, וואָס זיי זאָלנ ניט צוטראכטנ אפ צו פארמינערנ איר באַדײַטונג, איז דער עמעס וועגנ אונדזער רעוואָ־

ליוציע,—דער ניט־געקינצלטער, ניט־צוגעפּאַרבטער עמעס וועגן סאָוועטנפאַרבאַנד,—
דרינגט דורך אומעטום, דרינגט דורך ווײַט הינטער די גרענעצן פון פסטר און דראָ־
בערט אַפּ זײַן זײַט אַלץ, וואָס איז באַוווסטזיניק, אַלץ, וואָס איז פײַיק צום קאַמפ
קעגן קאַפּיטאַליזם. (ש ט ו ר מ י ש ע א פּ ל אָ ד י ס מ ע נ ט ן).

די גרויסע קראַפט און די צווישנפעלקערלעכע באַדײַטונג פון דער אָקטיאַבער־
רעוואָליוציע באַשטייט אין דעם, וואָס זי האָט פאַרווירקלעכט די פאַרבאָרגענע טרוי־
מען פון די אַרבעטנדיקע וועגן באַפרײַען זיך פונעם יאָך פון די עקספּלואַטאָרן
און פון דער שקלאַפּערישער אַרבעט בא די קאַפּיטאַליסטן און פּריצים. זי האָט
פאַרווירקלעכט דאָס, וועגן וואָס עס האָבן געטרוימט די בעסטע מענטשן פון דער
מענטשהײַט אין משך פון פיל, פיל יאָרהונדערטער.

ס'איז אַריבער ניט איין יאָר־טויזנטער ביז דער אַזויגערופענער „נײַער ערע".
ס'איז נאָך אַריבער העכער 1900 יאָר פון דער „נײַער ערע", ווען עס האָט זיך,
ענדלעך, געפונען א קויעך, עס האָט זיך געפונען א רעוואָליוציאָנערע אָרגאַניזאַציע,
וועלכע האָט אויפגעפירט די אַרבעטנדיקע אין שלאַכט קעגן קאַפּיטאַל, קעגן דער
מאַכט פון דער בורזשואַזיע און פּריצים. אין 1917 יאָר האָבן די אַרבעטער צוזאַ־
מען מיט די פּויערים צעבראָכן זייערע אונטערדריקער, פאַרכאַפּנדיק די מאַכט אין
זייערע הענט, אײַנשטעלנדיק די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט אין אונדזער לאַנד.

די ערשטע אַלוועלטלעכע אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע האָט פאַרגיכערט די סאָציאַ־
ליסטישע רעוואָליוציע. די מילכאָמע האָט דערפירט צו פאַרצווייפלונג די אַרבעטער
און די פאָלקס־מאַסן ניט בלויז פון רוסלאַנד. אָבער, דער אַמערסטנס שוואַכער רונג
פון וועלט־קאַפּיטאַליזם האָט זיך אַרויסגעוויזן אין דער דאָזיקער צײַט דאָס אַלטע,
צאַרישע, בורזשואַז־פּריצישע רוסלאַנד. פון דער אַנדער זײַט האָט זיך פאַרן אַמערסטן
רעוואָליוציאָנערן קלאַס אין דער גאַנצער וועלט אַרויסגעוויזן דער אַרבעטער־קלאַס
פון אונדזער לאַנד, וועלכער האָט געשאַפן א באָלשעוויסטישע פּאַרטיי אונטער דער
אָנפירונג פון גרויסן לענין. (א פּ ל אָ ד י ס מ ע נ ט ן).

די זיך פאַרצויגענע אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע האָט צוערשט געבראַכט צום
אומקום פון צאַריזם. זי האָט אַפּ אַזויפיל אויסגעצערט די קויכעס פון רוסלאַנד, אַז
עס האָט אָנגעהויבן דראָען דער מעלוכע א פולשטענדיקער קראַך, א צעפאַלונג.
דאָס גאַנצע פאָלק האָט געפאָדערט שאָלעם, אַן אָטעם־איבערכאַפּ. די קאַרעטן, עסערן
און מענשעוויקעס, וועלכע זײַנען געשטאַנען בא דער מאַכט און וועמען עס האָט
אונטערגעהאַלטן די רוסלענדישע בורזשואַזיע און די ענגליש־פראַנצויזישע אימפּעריאַ־
ליסטן, האָבן אָבער געשריִען וועגן פאָרזעצן די מילכאָמע „אום וואָס עס זאָל ניט
גיין". די דאָזיקע מאַכט האָט געוואָלט פאַרהיטן דעם קאַפּיטאַליזם און די הערשנדיקע
לאַגע פון די בורזשואַזע קלאַסן. זי האָט זיך ניט גערעכנט מיט דעם, וואָס די פיל־
מיליאָניקע מאַסע פּויערטום האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם צאַריזם, קעדיי צו זיכערן דעם
איבערגאַנג פון דער פּריצישער ערד אין אירע הענט. אָנשטאָט איבערגעבן די ערד
די פּויערים האָט די קאַדעטיש־עסעריש־מענשעוויסטישע מאַכט געשפּײַזט זיי מיט
פּוסטע צוזאָגן. די לאַגע פון די אַרבעטער און אַנדערע אַרבעטנדיקע שיכטן פון שטאָט
האָט זיך פאַרערגערט מיט יעדן טאָג, און קערענסקיס רעגירונג האָט אַלץ מער אַרויס־
געוויזן איר פולשטענדיקע אומפײַיקײַט צו ענדערן די לאַגע. די פראַגע וועגן אַראָפּ־

ווארפנ די בורזשואזע מאכט האָט זיכ געשטעלט שארפ. דעמלט האָט זיכ די באָלשעוויסטישע פארטיי געווענדעט צו די ארבעטער אונ צו דער פויערישער אָרעמשאפט מיטנ רופ צו שטעלנ זיכ אפנ וועג פונ דער רעוואָליוציע, וועלכע וועט, לויט לענינס אויסדרוק,

„געבנ א זיג איבער די עקספלואטאטאָרנ, געבנ ערד די פויערים, געבנ שאָלעמ די פעלקער, עפענענ א ריכטיקנ וועג צו דער זיגרייַכער רעוואָליוציע פונ אלוועלטלעכנ סאָציאליסטישנ פראָלעטאריאט".

אזוי האָט לענינ פאָרמולירט די צילנ פונ דער רעוואָליוציע פארנ אָקטיאבער־אופשטאנד. די דאָזיקע צילנ האָבנ געמאכט אונדזער רעוואָליוציע ניט ענלעכ אפ אנדערע רעוואָליוציעס.

צוליב דער גאנצער אינערלעכער אונ אויסערלעכער סיטואציע האָט די אָקטיאבער־רעוואָליוציע באקומענ א באזונדער כאראקטער, וואָס שיידט זיכ אונטער פונ אנדערע רעוואָליוציעס. אונטערפירנדיק די ערשטע סאכאקלענ פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע אפנ רוסלענדישנ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר אינ יאנואר 1918 יאָר, האָט לענינ געזאָגט:

„אלע גרויסע רעוואָליוציעס האָבנ שטענדיק געשטרעבט אראָפצוקערנ ביזנ גרונט די אלטע קאפיטאליסטישע אָרדענונג, האָבנ געשטרעבט ניט בלויז דעראָבערנ די פאָליטישע רעכט, נאָר אויכ ארויסרייַסנ די פארוואלטונג גופע מיט דער מעלוכע פונ די הענט פונ די הערשנדיקע קלאסנ, פונ אלע עקספלואטאטאָרנ אונ אונטערדריקער פונ די ארבעטנדיקע, קעדיי אייַנמאָל פאר אלעמאָל מאכנ א סאָפ צו יעטווידער עקספלואטאציע אונ צו יעטווידער אונטערדריקונג. די גרויסע רעוואָליוציעס האָבנ טאקע געשטרעבט צעברעכנ דעמ דאָזיקנ אלטנ עקספלואטאטאָרישנ מעלוכע־אפאראט, אָבער ביז איצט פלעגט זיכ דאָס ניט אייַנגעבנ צו פארענדיקנ ביזנ סאָפ. אונ אָט האָט רוסלאנד, צוליב די באזונדערקייַטנ פונ איר ווירטשאפטלעכער אונ פאָליטישער לאגע איצט די ערשטע דערגרייכט דעמ דאָזיקנ אריבערגיינ פונ דער מעלוכע־פארוואלטונג אינ די הענט פונ די ארבעטנדיקע גופע. איצט וועלנ מיר אפ א וועג, אנ אָפגערייניקטנ פונעמ היסטאָרישנ ברוכווארג, בויענ די מעכטיקע, ליכטיקע געבייַדע פונ דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט, עס ווערט געשאפנ א נייַער, ניט געזעענער אינ דער געשיכטע, טיפ מעלוכע־מאכט, וועלכער איז דורכנ ווילנ פונ דער רעוואָליוציע בארופנ אָפצורייניקנ די ערד פונ יעטווידער עקספלואטאציע, גוואלדטאט אונ שקלאפערייַ". (אנ אופרייַס פונ אפלאָדיסמענטנ).

אינ די דאָזיקע ווערטער האָט לענינ אָנגעוויזנ דעמ אנטשיידנדיקנ אונטערשייד צווישנ אונדזער רעוואָליוציע אונ אלע אנדערע רעוואָליוציעס.

אלע אנדערע רעוואָליוציעס זייַנענ אפילע אינ בעסטנ פאל ווייַטער פונ א געוויסער פארברייטערונג פונ די פאָליטישע רעכט אונ פונ צייַטווייַליק פארגרינגערנ די לאגע פונ די ארבעטנדיקע ניט געגאנגענ, אויב מע זאָל אויסשליסנ די פאריזשער קאָמונע מיט איר קורצטערמיניקנ דערפאָלג, ווענ די מאכט האָט זיכ געפונענ אינ די הענט פונ די ארבעטנדיקע. די דאָזיקע אלע רעוואָליוציעס פלעגנ איבערלאָזנ די מאכט אינ די הענט פונ די עקספלואטאטאָרנ אונ אונטערדריקער פונ די ארבעטנדיקע.

איינע עקספּלואַטאַטאָרנ פלעגנ פאַרבײַטנ בא דער מאַכט אַנדערע, אָבער די פּריוויר־לעגירטע קלאַסנ פלעגנ ניט פאַרלירנ זייער הערשנדיקע לאַגע. בא די דאָזיקע אַלע רעוואָליוציעס פלעגט זיכ דער בורזשואַזיע אײַנגעבנ צו פאַרהיטנ איר בורזשואַזע דיקטאַטור, איר מאַכט.

דאָס אַלצ האָט ניט געקענט ניט ברענגענ צו א געוויסער אַנטוישונג פונ די אַרבעטנדיקע, וועלכע האָבנ זיכ באַטייליקט אינ די בורזשואַזע רעוואָליוציעס. די אַרבעטנדיקע האָבנ זיכ באַטייליקט אינ די דאָזיקע רעוואָליוציעס מיט זייערע צילנ, מיט זייערע שטרעבונגענ אונ האָפענונגענ צו באַפרײַענ זיכ, ענדלעכ, פונעמ דרוק פונ די מאַכט־האָבנדיקע קלאַסנ. אָבער אַלע בורזשואַזע רעוואָליוציעס פלעגנ ברענגענ צו דעמ, אַז די דאָזיקע שטרעבונגענ אונ האָפענונגענ פלעגנ זיכ צעקלאַפּנ אָנ דעמ ווידערשטאַנד פונ די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסנ, וואָס פלעגנ פאַרהיטנ די מאַכט פאַר זיכ. די דאָזיקע אַלע רעוואָליוציעס פלעגנ זיכ ענדיקנ מיט דעמ, וואָס דאָס פאָלק פלעגט זיכ פילנ ניט באַפרידיקט, ניט דערגרייכט דעמ ציל. דאָס פלעגט געבוירנ אינ די מאַסנ אַנ אַנטוישונג אינ דער רעוואָליוציע, אַנ אומצוטרוי פונ די אַרבעטנדיקע צו די אייגענע קריכעס, וואָס איז געווענ צומ גונסטנ די אונטערדריקנ־דיקע קלאַסנ.

אינ אָקטיאַבער 1917 יאָר איז פאָרגעקומענ אַנ אַלוועלטלעכ־היסטאָרישער קער פונ די פריִערדיקע רעוואָליוציעס, פונ די רעוואָליוציעס פונ בורזשואַזנ טיפּ צו א רעוואָליוציע פונ א נײַעמ, סאָציִאַליסטישנ טיפּ. צומ ערשטנ מאָל אינ דער געשיכטע איז די מאַכט פונ די עקספּלואַטאַטאָרנ אַראָפּגעוואָרפנ געוואָרנ, עס האָט געזיגט די דיקטאַטור פונ אַרבעטער־קלאַס, די מעלוכע־פאַרוואַלטונג איז אַריבער אינ די הענט פונ די אַרבעטנדיקע. פונ שקלאַפנ, פונ אונטערדריקטע, פונ עקספּלואַ־טירטע האָבנ די אַרבעטנדיקע זיכ פאַרוואַנדלט אינ פרײַע מענטשנ אונ אינ פולשטענ־דיקע באַלעבאַטימ פונ זייער גורל. די אַרבעטער אונ אַרבעטנדיקע פויערימ, שטעלנ־דיק זיכ בא דער מאַכט, האָבנ צומ ערשטנ מאָל באַקומענ א מעגלעכקײַט צו אײַנאָר־דענענ דאָס לעבנ אַזוי, ווי זיי ווילנ אַלײנ. געלייזט די קאַרדינאַלע פראַגע, די פראַגע וועגנ מאַכט, האָט דער אַרבעטער־קלאַס צוזאַמענ מיטנ פויערטומ אָנגעהויבנ א נײַ לעבנ, איז צוגעטראָטנ צו דער בויונג פונ דער „ליכטיקער געבײַדע פונ דער סאָציִאַליסטישער געזעלשאַפט".

מיטנ זיג פונ דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע זײַנענ פאַרווירקלעכט געוואָרנ די טרוימענ פונ די אַרבעטנדיקע אונ פונ אַלע בעסטע פאָרשטייער פונ דער מענטשהײַט. פונ דער דאָזיקער צײַט אָנ האָט זיכ אָנגעהויבנ די פאַרמעסטונג פונ צוויי וועלטנ, וועלכע זײַנענ געגרינדעט אַפ קעגנזעצלעכע פּרינציפּנ, א פאַרמעסטונג פונ דער נײַער געזעלשאַפט מיט דער אַלטער, א פאַרמעסטונג פונ סאָציִאַליזמ מיטנ קאַפּיטאַ־ליזמ. צו דער דאָזיקער פאַרמעסטונג איז צוגעשמידט די אויפמערקזאַמקײַט אינ אַלע לענדער.

דער גרונט פונ דער אַלטער געזעלשאַפט איז געווענ פּריוואַט־אייגנטומ, ווענ אַלע פּראָדוציר־מיטלענ האָבנ געהערט צו די קאַפּיטאַליסטנ, צו די רײַכע. אַפ דעמ האָט זיכ געהאַלטנ די מאַכט פונ די קאַפּיטאַליסטנ, אַפ דער מעכטיקײַט פונ קאַפּיטאַל. די סאָוועטנמאַכט האָט ליקווידירט די קאַפּיטאַליסטישעווירטשאַפט־סיסטעמ אונ האָט

אָפּגעשאַפנ פּריוואַט־אײגנטום אַפ די ווערקצײַג אונ פּראָדוציר־מיטלענ, אײַנשטעלנדיק אַ סאָציאַליסטישע ווירטשאַפט־סיסטעמ אונ אַ סאָציאַליסטישע אײגנטום. די ווערקצײַג אונ פּראָדוציר־מיטלענ האָבנ אָנגעהויבנ געהערנ אָדער צו דער סאָציאַליסטישער מעלוכע, אָדער צו אונדזערע סאָציאַליסטישע קאָלווירטנ אונ צו דער קאָאָפּעראַציע. אינ דעמ אונ אינ יענעמ פאַל האָבנ זײ אָנגעהויבנ דינענ ניט די אינטערעסנ פונ דער באַרײַכערונג פונ באַזונדערע פּערזאָנענ אַפנ כעזשבנ פונ אַנדערע, נאָר די אינטערעסנ פונ פאָלק, די אינטערעסנ פונ די אַרבעטנדיקע. דאָס איז ניט קײנ קלײנינקע ענדערונג, נאָר אַ קאַרדינאַלע איבערבײַונג פונ דער געזעלשאַפט, אַ קאַרדינאַלע איבעראַנדערשונג פונ איר עקאָנאָמישנ יעסאָד.

דאָס אָפּשאַפנ פּריוואַט־אײגנטום אַפ ערד, דאָס אָפּשאַפנ פּריוואַט־אײגנטום אַפ די פאַבריקנ אונ זאַוואָדנ, דאָס אָפּשאַפנ פּריוואַט־אײגנטום אַפ די אײַזנבאַנענ אונ אַפ די וווינונג־הײַזער אינ די שטעט אונ אַנדערע מאָסמיטלענ פונ דעמ מינ האָבנ געבראַכט צו אַ פולשטענדיקער ליקווידירונג פונ די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסנ אונ פונ אַלע פּאַראַזיטישע, ניט־אַרבעטנדיקע עלעמענטנ אינ אונדזער לאַנד. בא אונדז איז ניט געוואָרנ ניט קײנ קאַפּיטאַליסטנ, ניט קײנ פּריצימ, ניט קײנ באַלעגופים, ניט קײנ סאָכרימ, ניט קײנ אַנדערע, וועלכע פלעגנ זיצנ אַפנ קאַרק פונ פאָלק. אונדזערע געזעצנ האָבנ אָנגעהויבנ ניט דערלאָזנ זײער עקזיסטענצ אונ עס זאָלנ פונ־דאָסנײַ זיכ באַווײַזנ וועלכע ניט איז פּאַראַזיטנ. אונדזער געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג באַזירט זיכ אַפ די פרײַנטלעכע באַציִונגענ פונ די אַרבעטער אונ פויערימ, וועלכע פאַרוואַלטנ דורכ די סאָוועטנ פונ די אַרבעטנדיקע מיטנ לאַנד אונ בויענ זײער נײַעמ לעבנ.

צי ניט אינ דעמ טאַקע זײַנענ באַשטאַנענ די גרונט־צילנ פונ דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע? אומבאַדינגט, אינ דעמ. הײסט עס, אַז דער אַרבעטער־קלאַס צוזאַמענ מיט די אַרבעטנדיקע פויערימ, נעמענדיק די מאַכט אינ די אײגענע הענט, האָט זיכ ווירקלעכ באַנוצט מיט איר, קעדײ צו פאַרווירקלעכנ די גרונט־צילנ פונ דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. מיט וועלכע קאָלאָסאַלע דערפאָלגנ עס פלעגנ פאַרווירקלעכט ווערנ די דאָזיקע צילנ, וואָס מיר האָבנ שוינ דערגרײכט אונ איז שוינ איצט פאַרשריבנ אינ אונדזער גרונט־געזעצ,—ווענג דעמ אַלעמענ רעדט מיט פּאָשעטע, אָבער פײַערדיק העלע ווערטער די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע, וואָס איז אָנגענומענ דורכנ סאָוועטנפאַרבאַנד. (אַפּלאָדיסמענטנ). די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע רעדט ווענג דעמ זיגרײַכנ דערפאָלג פונ דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, ווענג דעמ, אַז אונדזער רעוואָליוציע האָט זיכ ווירקלעכ דערשלאָגנ איר גרונט־ציל אונ האָט פאַר זיכ אָפּגערײניקט אַ וועג צו נײַע גרויסע דעראָבערונגענ.

פונ דאַנענ איז דער וווּקס פונ דער צווישנפעלקערלעכער באַדײַטונג פונ דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע אונ פונ דער נײַער אָרדענונג, וואָס זי האָט געשאַפנ.

דער גרונט פונ דער נײַער אָרדענונג איז דאָס באַטײליקנ זיכ פונ די אַרבעטנדיקע מאַסנ אינ דער מעלוכע־פאַרוואַלטונג. אָנ דעמ וואָלט ווענג קײנע דערפאָלגנ פונ דער סאָוועטנמאַכט ניט געקענט זײַנ אַפילע קײנ רײד. בלויז אַדאַנק דעמ, וואָס אינ אונדזער לאַנד האָט געזיגט די דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט אונ ס׳איז פאַרווירקלעכט געוואָרנ דער דעמאָקראַטיזמ פונ העכסטנ טיפּ, דער סאָציאַליסטישער דעמאָקראַטיזמ,

וועלכער עפנט אומכאגרענעצטע מעגלעכקײַטנ פארנ באטײליקנ זיכ פונ אלע ארבעטנדיקע אינ דער מעלוכע־פארוואלטונג, בלויז אדאנק דעמ עקזיסטירט אונ פעסטיקט זיכ אומאָפּנויגבאר די סאָוועטישע מעלוכע (אפּלאָדיסמענטנ).

דער דאָזיקער דעמאָקראטיזמ איז ניט ענלעכ אפנ דעמאָקראטיזמ פונ די בורזשואזע מעלוכעס. ווער עס האָט דאָס ניט פארשטאנענ, יענער איז ניט קײנ סאָציאַליסט, ניט קײנ פּראָלעטארישער רעוואָליוציאָנער, יענער קענ ניט זײַנ קײנ באוווסטזיניקער אָנהענגער פונ באפרײַענ די ארבעטנדיקע פונעמ דרוק פונ קאפּיטאל.

אינ די בורזשואזע מעלוכעס פונ דעמאָקראטישנ טיפּ דעקלארירט מענ די פאָרמעלע גלײַכהײַט פונ די רעכט פונ די בירגער, אָבער אײניקע פונ זײ, ווי זײ זײַנענ געווענ, אזוי טאקע פארבלײַבנ זײ די עקספּלואטירטע אונ אונטערדריקטע, אונ אנדערע—די עקספּלואטאטאָרנ אונ אונטערדריקער פונ זײער פאָלק! אפילע אינעמ סאמע דעמאָקראטישנ בורזשואזנ לאנד איז די דעמאָקראטיע פאר די ארבעטנדיקע באגרענעצט מיט שמאָלע ראמענ אונ זי ווערט געדולדעט בלויז אפ אזויפיל, אפ וויפל דאָס רירט ניט אָנ די הערשנדיקע לאגע פונ די עקספּלואטאטאָרישע קלאסנ. אינ די בורזשואזע לענדער ווערט דער דעמאָקראטיזמ אויסגענוצט דורכ די באלעבאטימ פונ דער לאגע אינ זײערע אינטערעסנ, אונ יעטווידער פארברײטערונג פונ די פּאָליטישע רעכט פונ די ארבעטנדיקע שטויסט זיכ אָנ אפ אנ אקשאָנעסדיקנ ווידערשטאנד.

אונדזער אָרדענונג באזירט זיכ אפ אנ אנדער זאכ. אונדזער אָרדענונג ווערט אלצ שטארקער, וואָס אקטיווער אונ אלזײַטיקער די ארבעטנדיקע באטײליקנ זיכ אינ דער מעלוכע־פארוואלטונג.

די סטאלינישע קאָנסטיטוציע האָט געגעבנ א נײַעמ באווײַז פונ דעמ, אז מיר שטײענ אפנ באָדנ פונ אלזײַטיק אנטוויקלענ דעמ דעמאָקראטיזמ פונ די ארבעטנדיקע, אז מיר גײענ איבערנ וועג פונ אלמעגלעכ פארשטארקנ דעמ אָנטײל פונ די ארבעטנדיקע אינ די איניאָנימ פונ דער מעלוכע אונ אינ אונדזער גאנצנ געזעלשאפטלעכנ לעבנ. דער דעמאָקראטיזמ פונ אונדזער אָרדענונג כאראקטעריזירט זיכ ניט בלויז מיטנ באזײַטיקנ אלע באגרענעצונגענ אינ די וואל־רעכט פאר אלע בירגער פונ סאָוועטנפארבאנד, ניט בלויז מיט דער פולבארעכטיקונג פונ דער פרוי מיטנ מאנצביל, ניט בלויז מיט דער פולבארעכטיקונג פונ אלע פעלקער פונ פּססר אונ מיט דער פארשטארקטער מעלוכישער הילפ די אָפּגעשטאנענע נאציאָנאליטעטנ. דער דעמאָקראטיזמ פונ אונדזער אָרדענונג כאראקטעריזירט זיכ אויסער דעמ, מיט דעמ, וואָס אונדזער קאָנסטיטוציע רעדט וועגנ אזוינע רעכט פונ די ארבעטנדיקע, ווי דאָס רעכט אפ ארבעט, דאָס רעכט אפ אָפּרו, דאָס רעכט אפ אומגעצאָלטער בילדונג, ביז הויכ־בילדונג פאר אלע ארבעטנדיקע (אפּלאָדיסמענטנ). וועגנ קײנ שומ ענלעכעס ווייסנ ניט די קאָנסטיטוציעס פונ די בורזשואזע לענדער, אײַנשליסנדיק אפילע די סאמע דעמאָקראטישע פונ זײ. וועגנ אזוינע רעכט פונ די ארבעטנדיקע רעדט בלויז די סטאלינישע קאָנסטיטוציע, די קאָנסטיטוציע פונ זיגרײַכנ סאָציאַליזמ, די קאָנסטיטוציע פונ סאָציאַליסטישנ דעמאָקראטיזמ (אפּלאָדיסמענטנ).

גיט א קוק ניט נאָר אפ דער קאָנסטיטוציע. נעמט פּאָשעטע פאקטנ. נעמט אזא פאקט, ווי די געזעלשאפטלעכע באציִונג צו פּאָשעטע מענטשנ פונ ארבעט, כאָטש

צו יענע, וועלכע מיר רופנ אָנ סטאַכאַנאָווצעס פונ די פאַבריקנ, זאַוואָדנ, קאָלווירטנ. אינ אונדזער לאַנד באַקומענ פּאָשעטע אַרבעטער און אַרבעטערנס, פּאָשעטע קאָלווירטניקעס אונ קאָלווירטניצעס, וואָס האָבנ געגעבנ גוטע מוסטערנ פונ אַרבעט אַפ דער פּראָדוקציע, אַנ אַלגעמיינע באַוווּסטקייט אונ קאָוועד. אינ וועלכנ לאַנד איז מעגלעכ, אַז נעכטנ נאָכ גאָר אומבאַוווּסטע סטאַכאַנאָווצעס פונ פּאָשעטע אַרבעטער אונ פּויערימ ווערנ, בלויז דערפאַר, וואָס זיי האָבנ געגעבנ גוטע מוסטערנ פונ אַרבעט אַפ דער פאַבריק אָדער אינ אַנ אַנדער געזעלשאַפטלעכער ווירטשאַפט, די סאַמע באַוווּסטע נעמענ אונ ליבלינגענ פונ פאָלק? (אַפּלאָדיסמענטנ). צי איז עפּעס ענלעכעס מעגלעכ אינ די בורזשואַזע לענדער, ווו מיט דער אַרבעט גופע פונעמ אַרבעטער אינטערעסירט זיכ, אייגנטלעכ, קיינער ניט, אונ דער באַלעבאָס, אַפ וועמענ עס אַרבעט דער אַרבעטער, אינטערעסירט זיכ בלויז מיט איינ זאַכ — מיטנ רעווח, וואָס ער באַקומט פונ דער דאָזיקער אַרבעט.

אינ קיינ איינ בורזשואַזער לאַנד איז ניט מעגלעכ פאָרצושטעלנ אַזאַ לאַגע, אַז פּאָשעטע מענטשנ פונ אַרבעט זאָלנ פאַר זייער גוטער אַרבעט ווערנ באַוווּסט דעמ גאַנצנ פאָלק. אונ באַ אונדז איז עס געוואָרנ געוויינלעכ. אונדז אַלעמענ איז באַוווּסט, אַז דאָס קומט פאָר ניט צומ שאָדנ די מענטשנ פונ דער וויסנשאַפט אונ קונסט, ניט צומ שאָדנ די בויער פונ דער ווירטשאַפט אונ קולטור. די אָנגעזעענסטע פאָרשטייער פונ אַלע צווײַגנ פונ אונדזער בויונג אונ פונ אַלע מינימ פונ דער שעפערישער טעטיקייט, די גאַנצע אַרבעטנדיקע אינטעליגענצ אונדזערע איז אַרומגערינגלט מיט דער אויפמערקזאַמקייט פונ דער געזעלשאַפט אונ מיט דער אַקטיווער אונטערשטיצונג פונ דער מעלוכע. אַרבעטנדיק פאַרנ פאָלק, ערלעכ אָנפירנדיק מיט דעמ אָדער יענעמ צווײַג פונ דער זאַכ, האָבנ אונדזערע אָנפירער „יעדער גרונט צו באַנוצנ זיכ מיטנ צוטרוי אונ ליבע פונ פאָלק", ווי עס האָט אָנגעוויזנ אַפ דעמ דער כאַווער סטאַלינ (אַפּלאָדיסמענטנ). אַזאַ אָרדענונג, ווו די אַרבעטנדיקע שטייענ באַ דער מאַכט אונ ווו דעמ מענטשנ פונ אַרבעט געהערט אַנ ערנ־אָרט אינ דער געזעלשאַפט, קענ ניט ניט צוציִענ דעמ מיטגעפיל פונ די אַרבעטנדיקע פונ אַלע לענדער. די צווישנפעלקערלעכע באַדײַטונג פונ דער נײַער סאָוועטישער אָרדענונג וואַקסט פאַר אונדזערע אויגנ.

ווײַטער. ס'איז אויכ באַוווּסט די ראָל פונ דער סאָוועטישער מעלוכע אינ די צווישנפעלקערלעכע באַציִונגענ. געגרינדעט אַפ דער גרויסער פעלקער־פרײַנטשאַפט, פאַרנעמט פּסס"ר אַ באַזונדער לאַגע צווישנ אַנדערע מעלוכעס אינ די גרעסטע צווישנפעלקערלעכע געשעענישנ.

עס איז גענוג צו זאָגנ וועגנ דער פּאָזיציע פונ סאָוועטנפאַרבאַנד בענעגייע דעמ שפּאַנישנ פאָלק, וואָס קעמפט פאַר זײַנע דעמאָקראַטישע רעכט אונ פרײַהײַט. דער סאָוועטנפאַרבאַנד ניט נאָר ער האָט ניט באַהאַלטנ זײַנ מיטפילנדיקע באַציִונג צו דער רעפּובליקאַנישער שפּאַניע, נאָר האָט אָפנ דערקלערט, אַז ער האַלט די זאַכ פונ דער שפּאַנישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק אַלס אַ נאָענטע זאַכ פאַר זיכ, אַלס די זאַכ פונ דער גאַנצער פּראָגרעסיווער מענטשהײַט (אַפּלאָדיסמענטנ. אויסרופ: „וויוואַט קאַמראַד סטאַלינ!" שטורמישע אַפּלאָדיסמענטנ. אויסרופנ: „זאָל לעבנ די רעפּובליקאַנישע שפּאַניע! הוראַ!"). ווי ווײַט עס זײַנענ פונ דער דאָזיקער ערלעכער פּאָזיציע

פון אונטערשטיצן די שפאנישע דעמאָקראַטיע די רעגירונגען פון יענע מעלוכעס, וועלכע זײַנען אָבער באַלאַנים פאָרשטעלן זיך פאַר דעמאָקראַטישע לענדער.

אָדער נעמט די געשעענישן אין כינע. זײַן מיטגעפיל צום כינעזישן פאָלק און די באַציִונג צו דער יאַפּאָנישער אַגרעסיע האָט דער סאָוועטנפאַרבאַנד אויסגעדריקט שוין מיטן שליסן דעם סאָוועטיש-כינעזישן פאַקט וועגן ניט אָנפאַלן (אַפּלאָדיסמענטן). עס איז נאָך אָבער ניט באַוווּסט קיין איין טראָט, וועלכן עס זאָלן מאַכן אַנדערע מעלוכעס אַף קעגנשטעלן זיך דער אומדערהערטער אַגרעסיע קעגן כינעזישן פאָלק. אויך דאָ טיילט זיך אויס דער סאָוועטנפאַרבאַנד פון דעם כאָר מעלוכעס מיט זײַן באַזונדער פּאָזיציע, מיט זײַן ערלעכער באַציִונג און אויפריכטיקע סימפּאַטיעס צום פאָלק, וואָס לײַדט פון דער אויסלענדישער אַגרעסיע (אַפּלאָדיסמענטן).

די צווישנפעלקערלעכע פּאָליטיק פון סאָוועטנפאַרבאַנד האָט זיך ניט געענדערט אין די דאָזיקע אַלע יאָרן. א מער געטרײַע און קאָנסעקווענטן אָנהענגער פון שאָלעם וועט קיינער ניט אָנווײַזן. עס וועט זײַן ריכטיק, ווען מע וועט זאָגן, אַז אין דער קאָנסעקווענטער דורכפירונג פון דער שאָלעם-פּאָליטיק און אין דער שטרעבונג צו פאַרשטאַרקן די פרידלעכע צווישנפעלקערלעכע באַציִונגען געפינט איר אויסדרוק די זיכערקײַט פון אונדזער לאַנד אין די אייגענע קויכעס. (אַפּלאָדיסמענטן). בא אונדז גייט אַן אומאָפּנויגלעכער וווּקס פון דער פאָלקסווירטשאַפט, אַן אומאָפּנויגלעכער אופשטײַג פון דער קולטור-בויונג און בא אונדז איז ניטאָ קיין שום נויטווענדיקײַט אין אויסערלעכע אַוואַנטיורעס. זאָלן זיך מיט דעם פאַרנעמען אַנדערע, אויב בא זיי ברענט שוין אַזוי אונטער די פיס. (געלעכטער, אַפּלאָדיסמענטן). אָבער איך וועל ניט באַהאַלטן, מיר זאָרגן זיך וועגן דער רויטער אַרמיי און וועגן איר מעכטיקײַט (שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן). און מיר פאַרגעסן ניט וועגן דער מעגלעכקײַט פון אַוואַנטיורעס, באַזונדערס מיצאַד די פאַשיסטן.

אָבער דאָס סאַמע וויכטיקע, אין וואָס עס ווײַזט זיך איצט אַרויס די צווישנפעלקערלעכע באַדײַטונג פון פּסטר — דאָס איז די באַזונדערע פּאָליטישע ווירקונג פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד אַף די מויכעס און שטימונגען פון די אַרבעטנדיקע פון אַנדערע לענדער.

אויב די פריִערדיקע רעוואָליוציעס פלעגן געבוירן בא די אַרבעטנדיקע אַן אַנטוישונג אין רעוואָליוציאָנערן קאַמף, פלעגן געבוירן אַן אומגלויבן אין די אייגענע קויכעס, האָט אונדזער רעוואָליוציע און איר רומפולער צוואַנציקסטער יאָרטאָג אַן אַנדערע פונקט פאַרקערטע ווירקונג. איצט דאַרף מען שוין ניט דערווײַזן, אַז די אַרבעטנדיקע קענען זיך באַגיין אָן קאַפּיטאַליסטן און פריצים, אַז די מאַכט פון די אַרבעטנדיקע איז די סאַמע גרעסטע קראַפט אין אונדזער צײַט (אַפּלאָדיסמענטן). די, וואָס האָבן אין דעם געצווייפלט, קענען איצטער מיט די אייגענע הענט אָנטאַפּן די נײַע אָרדענונג און אירע דעראָבערונגען אונטער דער מאַכט פון די סאָוועטן. ס'איז געפונען געוואָרן א לעבנס-פאָרם פון דער מאַכט פון די אַרבעטנדיקע, ס'איז פאַנאַנדערגעעפנט געוואָרן אויך איר סאָציאַליסטישער אינהאַלט. אַסאַך האָבן אָפּגעטאָן די בורזשואַזע רעוואָליוציעס, קעדיי אַרונטערצורײַסן דעם צוטרוי אין די אייגענע קויכעס בא די אַרבעטנדיקע. אָבער, וועלן מיר פרעגן, צי דען האָט ווייניק געטאָן די אָקטיאַבער-רעוואָליוציע און אונדזער סאָוועטישע אָרדענונג, קעדיי

צעקלאפנ דעם דאָזיקנ אומצוטרוי אונ אופהייבנ דעם גײַסט פונ די ארבעטנדיקע אינ גאַר דער וועלט?

עס האָט זיכ צומאָל געקענט דוכטנ, אז בא די ארבעטנדיקע איז ווייניק קויכעס, אז די דאָזיקע קויכעס וועלנ ניט קלעקנ אפ ארויסצורײַסנ זיכ פונ דער געפאנגענשאפט פונ קאפיטאליזם. די בורזשואזיע האָט אלצ געטאָנ, קעדיי צו אײַנפלאנצנ אזוינע מינים פאָרורטיילנ, קעדיי צו אײַנפלאנצנ דעם דאָזיקנ אומגלויבנ אינ די אייגענע קויכעס אונ צוליב דעם האָט זי אָנגענומענ זיכ צו דינסט אלערליי „סאָציִאַליסטנ" מיט א פסעוודאָ־סאָציִאַליסטישנ בילעט אינ קעשענע. אָבער די זאכ איז, פארשטייט זיכ, ניט אינ דעם, וואָס עס פעלנ אָפּ קויכעס בא די ארבעטנדיקע. די זאכ איז נאָר אינעם אָפּפעלנ פונ אָרגאניזירטקײַט בא די מאסנ, אונ דעריקער—אינעם אָפּפעלנ פונ קלאסנ־באוווּסטזיניקײַט.

דער סאָוועטנפארבאנד מיט זײַנע גרויסע סאָציִאַליסטישע דעראָבערונגענ קלאפּט איבער די דאָזיקע אלע פאָרורטיילנ, אײַנפלאנצנדיק בא די ארבעטער־ אונ פויערים־מאסנ א גלויבנ אינ די אייגענע קויכעס. מיר וועלנ זיכ ניט פארנעמענ מיט נעוויִעס, נאָר מיר וועלנ דערמאָנענ בלויז איינ פאקט. צי זײַנענ געווענ אסאכ מענטשנ אינ אונדזער לאנד, זיכערע אינעם זיג פונ אָקטיאבער, כאָטש נאָר מיט עטלעכע כאַדאָשים פארנ אָקטיאבער־אופשטאנד? שוינ גאָרניט אזוי פיל. די לאגע האָט זיכ פונ דעמלט אָנ שטארק געענדערט. ס'איז ניטאָ וואָס צו ריידנ וועגנ דעם, אז דער זיג פונ סאָציִאַליזם אינ פססר רײַסט ארונטער די וואָרצלענ פונעם אומגלויבנ אינ די אייגענע קויכעס צווישנ די ארבעטנדיקע פונ גאַר דער וועלט. ער פארגרינגערט אינ פיל הינזיכטנ די לאגע פונ די ארבעטנדיקע, וועלכע טרוימענ וועגנ באפרײַענ זיכ פונעם קאפיטאליסטישנ יאָכ. מע קענ ניט צווייפלענ, אז דער דאָזיקער געדאנק ווערט גיכ רײַפּ צווישנ די ארבעטנדיקע פונ פיל לענדער. דער אומצוטרוי פונ די ארבעטנדיקע צו די אייגענע קויכעס וועט איצט פארשווינדנ אלצ גיכער אונ גיכער. לאָמיר נאָר דערמאָנענ, ווי לענינ האָט אונדז געלערנט נאָכ אינ די פאראָקטיאבער־טעג, אז „דער סאמע איקער איז אײַנפלאנצנ בא די אונטערדריקטע אונ ארבעטנדיקע א צוטרוי אינ די אייגענע קויכעס".

אפ דער דערפארונג פונ די צוויייאָר־צענדליקער פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָבנ מיליאָנענ ארבעטער אונ פויערים זיכ אויסגעלערנט אסאכ נײַס, זיי האָבנ אָנגעהויבנ אפ אנ אנדער אופנ באציִענ זיכ צו די אייגענע קויכעס, זיי האָבנ אָנגעהויבנ זיכ שיידנ מיט די פאָרורטיילנ פונ אומצוטרוי אינ דער מעגלעכקײַט פונ זייער זיג. אינ דעם איז דער איקער, אונ די ווירקלעכ צווישנפעלקערלעכע באדײַטונג פונ אונדזער זיג.

## II. פארמעסטונג מיטנ קאפיטאליזם

קעדיי צו פארשטײנ די דערפאָלגנ פונ סאָציִאַליזם אינ אונדזער לאנד, דארפ מענ פארגלײַכנ דעם סאָוועטנפארבאנד פונ אונדזערע טעג מיטנ בידרעוואָליוציִאָנערנ רוסלאנד. וואָס איז געווענ אונדזער לאנד אונ ווי איז עס געוואָרנ? אינעם ביז־רע־

וואָליוציאָנערנ רוסלאנד זײַנענ בא דער מאכט געשטאנענ קאפיטאליסטנ אונ פריצימ אינדערשפיצ מיטנ צאר, וועלכנ מע האָט גערופנ אינ פאָלק „דער ערשטער גוטבאזיצער פונ רוסלאנד". רוסלאנד איז געווענ אנ אָפּגעשטאנענ לאנד, הויפּטזעכלעכ פונ ערדארבעט. די אינדוסטריע איז געווענ שוואכ אנטוויקלט אונ איז אינ אסאכ אָפּגעשטאנענ פונ דער אינדוסטריע פונ אנדערע מעלוכעס. לענינ האָט געזאָגט וועגנ דעמ דעמלטיקנ רוסלאנד, אז דאָס איז געווענ אנ „אומגלויבלעכ, אומגעזעענ אָפּגעשטאנענ לאנד, אנ אָרעמע אונ א האלב־ווילדע, וואָס איז אויסגעשטאט מיט מאָדערנע פּראָדוציר־געצײַג אינ פיר מאָל ערגער ווי ענגלאנד, אינ פינפ מאָל ערגער, ווי דײַטשלאנד, אינ צענ מאָל ערגער, ווי אמעריקע". באזונדערס אָפּגעשטאנענ איז געווענ די שווערע אינדוסטריע, וועלכע גיט אזא וויכטיקע פּראָדוקציע, ווי קוילנ, נאפט, א״צ, אײַזנ, מאשינעס, כימישע פּראָדוקטנ. די רײַכסטע אוצרעס פונ דער ערד פלעגנ פאנאנדערגעארבעט ווערנ שלעכט. אונ בא דעמ אלעמענ זײַנענ אינ די גרעסטע צווײַגנ פונ דער אינדוסטריע די הויפּט־באלעבאטימ געווענ ניט די רוסישע, נאָר די אויסלענדישע קאפּיטאליסטנ. די אויסשטאטונג פאר די אייגענע פאבריקנ אונ זאוואָדנ פלעגט אינ דער מערהײַט פאלנ אײַנגעקויפט ווערנ אינ אויסלאנד. אינ אלצ האָט זיכ געלאָזט פילנ די אינדוסטריעלע אָפּגעשטאנענקײַט פונ לאנד.

אינ דאָרפ האָבנ פולשטענדיק געהערשט די פריצימ אונ באלעגופימ, די אוריאדניקעס אונ זעמסקע נאטשאלניקעס. זאָגנדיק מיט לענינס ווערטער, האָבנ מיר געהאט פאָלגנדיקעס:

„ארומ 70 מיליאָנ דעסיאטינ ערד, בא 30.000 גרעסטע גוטבאזיצער אונ אומגעפער דאָסזעלבע בא 10 מיליאָנ פויערישע הויפנ—אזא איז דער גרונט־פאָנ פונעמ בילד".

טעלעכע מיליאָנ פויערימ זײַנענ אינגאנצנ געווענ אָנ ערד אונ אָנ א פארזייונג. די מערהײַט פויערימ האָבנ געליטנ פונ ווייניק ערד. צוויי דריטל פונ דאָרפ זײַנענ באשטאנענ פונ הונגעריקער אָרעמשאפט. די איבערוועגנדיקע מאסע אָרעמשאפט אונ מיטל־פויערימ האָט באארבעט די שטיקלעכ אייגענע ערד אונ די ארענדירטע באמ פּאָרעצ מיט אלטפרענקישע מעטאָדנ בא דער הילפ פונ דער סאָכע. אינ פיל ערטער איז אינ דאָרפ געווענ פארשפרייט די סיסטעמ פונ פאנשטשינע, ד. ה., ווענ די פויערימ באארבעטנ די פריצישע ערד מיטנ אייגענעמ אָרעמנ אינווענטאר.

די אָקטיאבער־רעוואָליוציע איז פאָרגעקומענ אפנ 4־טנ יאָר פונ דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע, וועלכע האָט צערויִנירט די פאָלקסווירטשאפט אונ האָט דערפירט די שווערקײַט פונ דער לאגע פונ די פאָלקס־מאסנ ביז לעצט. צו דעמ זײַנענ אינגיכנ צוגעקומענ נײַע צאָרעס, ווײַל די פריצימ אונ קאפיטאליסטנ האָבנ בא דער אונטערשטיצונג פונ די אויסלענדישע אינטערווענטנ, אָנגעבונדנ אונדז א לאנגדויערנדיקנ בירגער־קריג, וואָס האָט אויכ אָפּגענומענ העכער דרײַ יאָר. דער בירגער־קריג האָט געפאָדערט פונ אונדז קאָלאָסאלע קאָרבאָנעס. צומ סאָפ פונ בירגער־קריג איז דאָס פאלנ פונ דער אינדוסטריע, פונ דער אײַזנבאנ אונ לאנדווירטשאפט דערגאנגענ ביזנ לעצטנ ראנד. די לאנדווירטשאפט האָט געגעבנ וואָסערע צוויי דריטל פונ דער פארמילכאָמעדיקער פּראָדוקציע. די אינדוסטריע איז געפאלנ נאָכ

בידריקער און האָט געגעבן אין 1920 יאָר ווייניקער פון איין זעקסטל פון דער פאַרמילכאָמעדיקער פּראָדוקציע.

באַ אַזאַ כורבן איז די סאָוועטנמאַכט צוגעטראָטן צום אויפשטעלן די פאָלקסווירטשאַפט, צום אויפהייבן די לאַנדווירטשאַפט און די אינדוסטריע, דעם טראַנספּאָרט און האַנדל. עס האָט זיך געדוכט, אַז מע וועט דאַרפן אַסאַך יאָרן. די סאָנים פון די באָלשעוויקעס האָבן געקליבן נאַכעס. און וואָס האָט זיך סאָפּקאָלסאָף באַקומען? עס האָט זיך באַקומען אַזוי, אַז די אַרבעטנדיקע פון אונדזער לאַנד האָבן זיגרײַך זיך ספּראַוועט מיט דער דאָזיקער אויפגאַבע פאַר אַ קורצן טערמין.

אויב די פּראָדוקציע פון דער גאַנצער גרויסער אינדוסטריע (אין די פּרײַזן פון 1926־27 י.) האָט באַטראָפן אין 1913 י. 11 מיליאַרד רובל און אין 1920 יאָר האָט זי זיך אַראָפּגעקײַקלט ביז 1,7 מיליאַרד רובל, איז אין לויפנדיקן 1937 יאָר וועט זי דערגרייכן העכער 90 מיליאַרד רובל. דאָס באַטײַט, אַז קעגן דעם פאַרמילכאָמעדיקן ניוואָ האָט זיך די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע פאַרגרעסערט שוין מער, ווי אין אַכט מאָל. גיט צו דעם צו נאָך איין זאַך — דעם אָנגעוויזענעם פאַרמילכאָמעדיקן ניוואָ פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע האָבן מיר דערגרייכט ערשט אין 1926 יאָר. אַף אַזאַ אויפן איז די פאַרגרעסערונג פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע מער ווי אין אַכט מאָל קעגן פאַרמילכאָמעדיקן ניוואָ פאָרגעקומען בלויז פאַר די לעצטע 11 יאָר. אין אַלע צווײַגן פון דער אינדוסטריע איז די אַרבעט איצט פאַרבאַנדערגעוויקלט אין פולן גאַנג. אין פיל צווײַגן איז דורכגעפירט געוואָרן אַ קאַרדינאַלע רעקאָנסטרוקציע אַפן גרונט פון דער הײַנטצײַטיקער פאָרגעשריטענער טעכניק. אַ רײ גרעסטע אינדוסטריעלע צווײַגן איז געשאַפן געוואָרן פונדאָסנײַ: אין דער מאַשינבויונג, כימיע, מעטאַלורגיע א. א. וו. די אינדוסטריע פון ביז־רעוואָליוציאָנערן רוסלאַנד איז געשטאַנען אַפן פינפטן אָרט צווישן אַנדערע לענדער, אַפן פערטן אָרט — אין אייראָפּע. איצט שטייען נאָר די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, לויט דער אַלגעמיינער פּראָדוקציע פון דער אינדוסטריע, פאַר פססר. די אינדוסטריע פון סאָוועטנפאַרבאַנד איז אַרויסגעגאַנגען אַפן ערשטן אָרט אין אייראָפּע (אַפּלאָדיסמענטן).

אין די שטייגערישע באַדינגונגען פון די אַרבעטער איז פאָרגעקומען אַ שאַרפע ענדערונג. נאָך מיט 10 יאָר צוריק האָבן מיר געציילט אָנדערהאַלבן מיליאָן אַרבעטלאָזע. אָבער אָט איז שוין עטלעכע יאָר, ווי באַ אונדז איז ניטאָ קיין אַרבעטלאָזיקײַט, ניטאָ קיין אַרבעטלאָזע. און דאָס איז אין יענער צײַט, ווען אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע זײַנען פאַראַן 9—10 מיליאָן אַרבעטלאָזע, אין דײַטשלאַנד — העכער 3 מיליאָן אַרבעטלאָזע, אין ענגלאַנד — 2 מיליאָן אַרבעטלאָזע. צום צענטן יאָרטאָג פון דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע האָט די סאָוועטנמאַכט דעקלאַרירט דאָס אַריבערגיין פון די אינדוסטריעלע אַרבעטער אַף אַ 7־שאָיִקן אַרבעטס־טאָג, און דער דאָזיקער באַשלוס איז דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן, ניט רײדנדיק שוין וועגן דעם, וואָס אַף די אונטערערדישע און אַף אייניקע אַנדערע שווערע אַרבעטן איז באַ אונדז אַלעמאָל געווען אַ 6-שאָיִקער אַרבעטס־טאָג. אין קיין איין לאַנד קענען די אַרבעטער באַם קאַפּיטאַליזם ניט טרוימען וועגן אַזאַ קורצן אַרבעטס־טאָג. די צאָל אַרבעטער, באַשעפטיקטע אין דער אינדוסטריע און זייער אַרבעטלוין וואַקסט אין

אונדזער לאַנד אומאָפּהענגיקער. נאָכ אינ 1928 י. האָט דער אַלגעמײנער פאָנד פונעמ אַרבעטלוינ באַטראָפנ עטוואָס מער פונ 8 מיליאַרד רובל, אונ אינ לויפנדיקנ 1937 י. וועט ער באַטרעפנ העכער 80 מיליאַרד רובל, ד. ה., ער האָט זיכ פאַרגרעסערט אומגעפער אינ צענ מאָל. (אַפּלאָדיסמענטנ).

איר ווײסט וועגנ דעמ, אַז אינ צוזאַמענהאַנג מיטנ צוואַנציקסטנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרנ א דעקרעט פונ דער רעגירונג װעגנ העכערנ דעמ אַרבעטלוינ די נידעריק־באַצאָלטע אַרבעטער, אַפּ וואָס עס איז ספּעציעל אַסיגנירט געוואָרנ 100 מיליאָנ רובל אַפּ די לעצטע 2 כאָדאָשימ פונ דעמ יאָר אונ 600 מיליאָנ רובל אַפּנ 1938 יאָר (אַפּלאָדיסמענטנ).

אינדערצײַט, ווענ אינ אַלע לענדער פונ קאַפּיטאַליזמ: סײַ אינ דײַטשלאַנד, סײַ אינ איטאַליע, סײַ אינ יאַפּאָניע, סײַ אינ די פאַראײניקטע שטאַטנ, סײַ אינ ענגלאַנד איז פאַר די לעצטע יאָרנ פאָרגעקומענ ניט קײנ פאַרגרעסערונג, נאָר א פאַרקלענערונג פונעמ אַרבעטלוינ פונ די אַרבעטער.

דאָס אַלצ רעדט בולעט וועגנ דעמ, אַז די דערפאָלגנ פונעמ וווּקס פונ דער אינדוסטריע פונ סאָוועטנפאַרבאַנד, ווי אויכ אַנדערע דערפאָלגנ פונ סאָציאַליזמ, פירנ צו דער קאַרדינאַלער פאַרבעסערונג פונ דער לאַגע פונ די אַרבעטער־מאַסנ.

אינ אונדזער לאַנדווירטשאַפט איז פאָרגעקומענ אַנ עמעסע רעוואָליוציע אינ טעכניק אונ אינ אָרגאַניזירנ די זאַכ. פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר האָט זיכ די לאַנדווירטשאַפט איבערגעבויט, אַלס גרויסע סאָציאַליסטישע ווירטשאַפט, אַפּנ גרונט פונ קאָלווירטנ אונ סאָווירטנ. ענדגילטיק האָט געזיגט די קאָלווירטישע אָרדענונג. די מאַשינ־טראַקטאָר־סטאַנציעס באַדינענ מיט זײערע מאַשינעס אַלע קאָלווירטנ מיט א קלײנעמ אויסנאַמ. די צאָל טראַקטאָרנ אינ דער קאָלווירטישער אונ סאָווירטישער ווירטשאַפט דערגרײכט 450 טויזנט, אונ די מעכטיקײַט זײערע באַטרעפט איצט מער פונ 8 מיליאָנ פערד־קראַפט, קאָמבײַנענ אַפּ די פעלדער איז שוינ העכער 120 טויזנט. אויסער דעמ אַרבעטנ ביז 120 טויזנט לאַסט־אויטאָמאָבילנ אינ די קאָלווירטנ אונ סאָווירטנ.

אויסער יענע ערדנ, וועלכע האָבנ זיכ פריער געפונענ אינ די הענט פונ די פויערימ, האָט די סאָוועטנמאַכט איבערגעגעבנ די פויערימ מער פונ 150 מיליאָנ העקטאַר געוועזענע פריצישע, קאַזיאָנע אונ מאָנאַסטירישע ערדנ. עס וואַקסט די געראָטנקײַט פונ די קאָלווירטישע אונ סאָווירטישע פעלדער. היאָר האָבנ מיר צונויפגעקליבנ בא 7 מיליאַרד פּוד טבוע (אַפּלאָדיסמענטנ), וואָס אונדזער לאַנד האָט נאָכ קײנמאָל ניט געוווּסט. באַדײַטנדיק האָט זיכ אופגעהויבנ די געראָטנקײַט פונ בוימוואָל אונ בורעקעס. איבערנ גאַנצנ לאַנדווירטשאַפטלעכנ פראָנט גײט א קאַמפ פאַר העכערנ די געראָטנקײַט, פאַר פאַרגרעסערנ די פּראָדוקטיווקײַט פונ דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט.

אינ דעמ ביז־רעוואָליוציאָנערנ רוסלאַנד איז די מערהײַט פויערטומ באַשטאַנענ פונ הונגעריקער אָרעמשאַפט. נאָכ מיט 10 יאָר צוריק האָבנ מיר גערעכנט, אַז ניט װײניקער פונ א דריטל פונ דאָרפ באַטרעפט די אָרעמשאַפט. איצט איז שוינ בא אונדז ניטאָ מער קײנ אָרעמשאַפט אינ דאָרפ. די אָרעמ־פויערימ בויענ צוזאַמענ מיטנ גאַנצנ אַרבעטנדיקנ דאָרפ אינ די קאָלווירטנ א נײַעמ, ווירקלעכ פאַרמעגלעכנ אונ ווירקלעכ קולטורעלנ לעבנ (אַפּלאָדיסמענטנ).

די זאָרג פונ דער סאָוועטנמאכט וועגנ קאָלווירטישנ פויערטום האָט זיכ האיאָר אויסגעדריקט אינ א רייע נייַע ספּעציעלע מאָסמיטלענ, ניט ריידנדיק שוינ וועגנ די ניט לאנג פארעפנטלעכטע להאָטעס פאר. די קאָלווירטניקעס אפּ אָפּגעבנ מילכ דער מעלוכע, זייַנענ האיאָר שטארק פארקלענערט געוואָרנ די נאָרמעס פונעמ ברויט־אָפּגעבנ דער מעלוכע לויט די טוווע־צושטעלונגענ אונ לויט דעמ נאטור־אָפּצאָל פאר דער ארבעט פונ די מטס. די דאָזיקע פארקלענערונג פונ די נאָרמעס דערגרייכט העכער 20 פראָצ. קעגנ פאָריקנ יאָר. עס זייַנענ אראָפּגעשריבנ געוואָרנ אויכ די האלוואָעס אפּ ברויט, וואָס די מעלוכע האָט געגעבנ די קאָלווירטנ אינ די פאָריקע יאָרנ. אָט די אלע להאָטעס אפּ טוווע באטרעפנ בלויז פאר האיאָר אלייננ בא 600 מיליאָנ פּוד, וועלכע זייַנענ איצט פארבליבנ בא די קאָלווירטנ גופע אונ בא די קאָלווירטניקעס. מיר האָבנ עפּעס ניט געהערט, אז אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער זאָל ארויסגעוויזנ ווערנ אזא זאָרג וועגנ וווילשטאנד פונעמ פויערטום.

זאָלנ די פויערימ אונ ארבעטער פארגלייַכנ, אפּ וועמעס צאד איז דער עמעס אינ דער פארמעסטונג, וואָס גייט צווישנ סאָציאליזמ אונ קאפּיטאליזמ. זאָלנ די ארבעטער אונ פויערימ מאכנ דערפונ זייערע אויספירנ. אפּאָנעמ, אז די דאָזיקע אויספירנ וועלנ זייַנ ניט צו גונסטנ פונ קאפּיטאליזמ, נאָר דערפאר צו גונסטנ פונ אונדזער אָרדענונג. (אפּלאָדיסמענטנ).

דעמ אלגעמיינעמ אויסדרוק פונ ווירטשאפטלעכנ וווּקס פונ סאָוועטנפארבאנד זעענ מיר אינעמ וווּקס פונ דער פאָלקס־האכנאָסע פונ לאנד. ס'איז באוווּסט, אז אינ צארישנ רוסלאנד איז נייַנ צענטל באפעלקערונג באשטאנענ פונ א ווייניק־פארמעגלעכער אונ ניט־פארמעגלעכער מאסע, וואָס אינ אירע הענט פלעגט ארייַנקומענ אומגעפער איינ פערטל פונ דער פאָלקס־האכנאָסע. אנדערש גערעדט, א צענטכיילעק פונ דער באפעלקערונג, וואָס באשטייט פונ רייַכע מענטשנ, פלעגט ארייַנשארנ אינ זייערע קעשענעס די איבעריקע דרייַ פערטל פונ דער פאָלקס־האכנאָסע. פונ דעמאָלט אָנ האָט זיכ די לאגע שארפּ געענדערט. איצט קומט ארייַנ די גאנצע פאָלקס-האכנאָסע אינ די הענט פונ די ארבעטנדיקע, דערבייַ קומט ארייַנ 99 פראָצ. פונ דער פאָלקס־האכנאָסע אינ די הענט פונ די ארבעטער, אָנגעשטעלטע אונ פויערימ, וועלכע זייַנענ פארנומענ אינ דער סאָציאליסטישער ווירטשאפט, אונ בלויז איינ הונדערטל פונ די האכנאָסעס קומט אויס אפּנ כיילעק פונ די ארבעטנדיקע פונ די איינצל־פויערימ אונ ניט־קאָאָפּערירטע קוסטארנ. אינ פארגלייַכ מיט דער ביז־מילכאָמעדיקער צייַט האָט זיכ די אלגעמיינע גרייס פונ דער פאָלקס־האכנאָסע פארגרעסערט האיאָר אינ פינפ מאָל.

אזעלכע זייַנענ די פאקטנ, וועגנ וועלכע מע דארפּ וויסנ.

עטלעכע ווערטער וועגנ דעמ קולטורעלנ וווּקס פונ אונדזער לאנד.

אָט זייַנענ די אמערסטנ וויכטיקע ציפערנ. די אלגעמיינע צאָל שטודירנדיקע אינ אלע לערנ־אנשטאלטנ איז אויסגעוואָקסנ פונ 8 מיליאָנ אינ 1914 יאָר ביז 38 מיליאָנ אינ פאָריקנ יאָר. א פארגרעסערונג, אפּ אזא אויפנ, אינ 4,7 מאָל. אינ אזוינע רעפובליקנ, ווי די אוזבעקישע, טאדושיקישע, טורקמענישע, קירגיזישע איז די צאָל שטודירנדיקע אויסגעוואָקסנ אינ צענדליקער מאָל. מיט דער אָנפאנג־שול זייַנענ איצט ארומגעכאפּט געוואָרנ אלע קינדער. די צאָל שילער אינ די מיטל־שולנ איז אויסגעוואָקסנ אינ 18 מאָל אינ פארגלייַכ מיט דער ביז־רעוואָליוציאָנערער צייַט. די צאָל

שטודירנדיקע אין די העכערע לערנ־אנשטאלטן איז אויסגעוואָקסן קימאט אין 5 מאָל. איצט לערנען זיך אין אונדזערע הויכשולן 540 טויזנט סטודענטן. עס האָבן זיך ברייט פאנאנדערגעוויקלט די שולן פון אלגעמיינער בילדונג פאר דערוואָקסענע, וווּ עס לערנען זיך בא 9 מיליאָן מענטשן. אויסער די אָנגעוויזענע 38 מיליאָן שטודירנדיקע האָבן זיך אף פארשיידענע ספעציעלע קורסן פאר ארבעטער און קאָלווירטניקעס געלערנט 6,3 מיליאָן מענטשן און אין די פאָרשול־אנשטאלטן זײַנען דורכגעגאנגען א צוגרייטונג־לערע 4,3 מיליאָן קינדער.

די צאָל צײַטונגען, דאָס ארויסלאָזן ביכער און זייערע טיראזשן זײַנען אויסגעוואָקסן אין פיל מאָל. באזונדערס שנעל וואקסט דער טיראזש פון די צײַטונגען און דאָס ארויסגעבן ביכער אף די נאציאָנאלע שפראכן. בא דער סאָוועטנמאכט האָט זיך אָנגעהויבן אַן עמעסער אופבלי פון די נאציאָנאלע קולטורן, וועלכע האָבן זיך פריער געפונען אין א שווערער דערשלאָגענער לאגע. און וועגן דעם קאָלאָסאלן אופשטײַג פון דער קולטורעלער בויונג רעדט דער וווּקס פון אונדזערע אויסגאבן אף בילדונג. פאר די לעצטע 10 יאָר האָבן זיך די אויסגאבן אף בילדונג, אינגאנצן גענומען, פארגרעסערט אין 33 מאָל (אפלאָדיסמענטן). זיי דערגרייכן אין לויפנדיקן 1937 יאָר העכער 18 מיליארד רובל.

זאָלן זיך פארמעסטן מיט די דאָזיקע פאקטן די בורזשואזע לענדער (אפלאָדיסמענטן). קיין איינע פון די דאָזיקע לענדער קען ניט קעגנשטעלן די דאָזיקע ציפערן קיין וועלכע עס איז באמערקבארע פארבעסערונג פון דער זאך אין געביט פון קולטור, דערפאר וועלן זיך געפינען ניט וויייניק אזעלכע, וועלכע זײַנען פאר די לעצטע 10—20 יאָר געגאנגען ניט פאָרויס, נאָר אף צוריק אין זייער קולטורעלער בויונג.

אף וואָס זײַנען געגרינדעט די דאָזיקע דערפאָלגן פון דער סאָוועטישער אָרדענונג?

אף דאָס זעלבע, אף וואָס עס זײַנען געגרינדעט אויך אלע אנדערע דערפאָלגן פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. זיי זײַנען געגרינדעט, פריער פון אלץ, אף דער ריכטיקער פאָליטיק פון דער פארטיי באָלשעוויקעס (אפלאָדיסמענטן), וועלכע פירט אָן מיט דער גאנצער סאָציאליסטישער בויונג. אין אלע דערפאָלגן פון סאָציאליזם, אין אלע אונדזערע זיגן, זעען מיר די אלץ־באזיגנדיקע קראפט פון לעניניזם. (אפלאָדיסמענטן). מיר האָבן געזיגט מיט דער געטרײַקייט דעם לעניניזם! (אפלאָדיסמענטן). דאָס האָט געלערנט און לערנט אונדז דער כאווער סטאלין (שטורמישע, לאנגדויערנדיקע אפלאָדיסמענטן).

די פארטיי פון לענין־סטאלין האָט אונדז געפירט פון זיג צו זיג אין די טעג פונעם אָקטיאבער־אופשטאנד; אין פעריאָד, ווען מע האָט זיך געדארפט ארויסרײַסן פון פײַער פון דער אימפעריאליסטישער שכיטע; אין די העראָישע יאָרן פון בירגער־קריג און באוואָפנטן ווידערשטאנד די אינטערווענטן; באם איבערגאנג צום נעפּ, ווען מיר זײַנען איבערגעגאנגען, אזוי צו זאָגן, אף נײַע רעלסן; באם פאנאנדערוויקלען די סאָציאליסטישע אינדוסטריאליזאציע פון לאנד; באם איבערגאנג פון פריערטום אפן וועג פון קאָלעקטיוויזאציע; אין די יאָרן פון ענדגילטיקן זיג פון סאָציאליזם אין אונדזער לאנד. מיר זײַנען דורכגעגאנגען דורך גרויסע שוועריקײַטן און איבערגעטראָגן ניט וויייניק לײַדן. מיר האָבן געדארפט אויסקעמפן א פּאָזיציע נאָך א פּאָ־

זיציע, אויסרעכנענדיק בלויז אפ אונדזערע אייגענע קויכעס. אלס וועג־ווײַזנדער שטערנ אינ אונדזער גאנצער פאָליטיק איז געווענ די לענינישע אידייע פונ פארפעסטיקנ די פראָלעטארישע דיקטאטור אפנ גרונט פונ פארבאנד מיטנ פויערטום. מיר האָבנ שטענדיק געדענקט לענינס גרויסנ געבאָט אינ 1921 יאָר:

„10—20 יאָר ריכטיקע באציִונגענ מיטנ פויערטום אונ ס'איז געזיכערט דער זיג אינ אלוועלטלעכנ מאסשטאב (אפילע ווענ עס וועלנ זיך פארציִענ די פראָלעטארישע רעוואָליוציעס, וועלכע וואקסנ), אניט איז 20—40 יאָר לײַדנ פונ ווײַסגווארדייִשנ טעראָר".

מיר האָבנ דערפאר מיט אזא דערפאָלג דורכגעפירט אינ לעבנ די דאָזיקע לענינס געבאָטנ, ווײַל מיט דער גאנצער זאך אונדזערער, מיט אונדזער גאנצער ארבעט האָט אָנגעפירט דער ווירדיקער פאָרזעצער פונ לענינס זאך, וועמענ עס געהערט דער פארדינסט פונ אנטוויקלענ די לענינישע אידייענ וועגנ דער סאָציִאליסטישער רעוואָליוציע—אונדזער סטאלינ. (שטורמישע לאנגדויערנדיקע אפלאָדיסמענטנ, וועלכע גייענ אריבער אינ אנ אָוואציע. אלע שטייענ אופ. אויסרופנ: „זאָל לעבנ דער כאווער סטאלינ"! „הורא").

די דערפאָלגנ פונ אונדזער זאך האָבנ מיר אויסגעקעמפט אינ די שלאכטנ קעגנ די סאָנים פונ דער רעוואָליוציע, קעגנ די סאָנים פונ לעניניזם.

די דורכגעקראָכענע אינ דער פארטיי פרעמדע אונ אלערליי בורזשואזע איבערגעבורטלער, פראָוואָקאטאָרנ אונ שפיִאָנענ, אשטייגער טראָצקי, ריקאָוו, בוכארינ, האָבנ געפירט פארביסענע אטאקעס, קעדיי אראָפשלאָגנ אונדז פונ דער ריכטיקער ליניע, קעדיי ברענגענ די פארטיי צו א קאפיטוליאציע פאר די שוועריקײַטנ פונ דער ערשטער פראָלעטארישער רעוואָליוציע. אזעלכע זײַנענ געווענ ניט בלויז די טראָצקיסטנ, נאָר אויך די דאָזיקע אלע רעכטע, לינקאטשעס, זינאָוויעווצעס, בוכארינצעס אונ אנדערע אנטילענינישע גרופקעס.

פריִער, איידער ארויסטרײַבנ זיי מיט א בעזעם פונ די באָלשעוויסטישע רייענ, איז אונדז אויסגעקומענ אינ מעשעך פונ א ריי יאָרנ פירנ א קאָלאָסאלע אופקלערונג־ארבעט אינ דער פארטיי אונ אינ ארבעטער־קלאס, אָנעמענ ניט ווייניק מאָסמיטלענ אפ אָפהיטנ די פארטייִשע איינהײַט אונ אָפרייניקנ אונדזערע רייענ פונ די דאָזיקע אלע אגענטנ פונ דער בורזשואזיע. די רעוואָליוציע האָט באוויזנ, אז אינ דער פארטיי זײַנענ ארײַנגעקראָכנ ניט ווייניק אזעלכע פרעמדע אונ ווער־ניט־ווער פונ זיי איז דירעקט ארײַנגעשיקט געוואָרנ אינ אונדזערע אָרגאניזאציעס נאָך דורך דער צארישער אָכראנקע, ווי אויך דורך די אויסלענדישע אויסשפירונגענ.

פאר אונדז איז געשטאנענ אזא הויפט־אופגאבע: אײַנהיטנ דעם פארבאנד פונעם ארבעטער־קלאס מיטנ פויערטום, זיכערנדיק דערבײַ אזעלכע טעמפנ פונ אופשטײַג פונ דער סאָציִאליסטישער אינדוסטריע, וועלכע איז די פירנדיקע קראפט פונ דער גאנצער סאָציִאליסטישער בויונג, קעדיי אינ דעם קירצסטנ טערמינ ארויספירנ דאָס לאנד פונ דער טיפער אָפגעשטאנענקײַט, פונ דער אָפגעשטאנענקײַט דער עקאָנאָמישער, פונ דער אָפגעשטאנענקײַט דער טעכנישער, פונ דער אָפגעשטאנענקײַט דער קולטורעלער אונ מיליטערישער. דאָס האָט אונדז דירעקט דיקטירט די אינערלעכע

אונ באזונדערס די צווישנפעלקערלעכע אומגעבונג. הײַנט, אינ דעם צוואנציקסטנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, קאָנענ מיר פעסט, אָנ בארימערײַ, זאָגנ: אינ גרונט האָבנ מיר די דאָזיקע אופגאבע דערפאָלגרײַכ געלייזט. (אפלאָדיסמענטנ).
אינ קעגנפאל וואָלטנ מיר איצט ניט געהאט קיינ מעגלעכקײַט צו זאָגנ, אז מיר האָבנ זיכ שוינ ספראוועט מיטנ אײַנגעשטעלטנ אינ זײַנ צײַט פלאנ פונ דער טעכנישער רעקאָנסטרוקציע אינ די אנטשיידנדיקע צווײַגנ פונ דער פאָלקסווירטשאפט. בא אונדז וואָלט אויכ ניט געווענ קיינ זיג פונ דער קאָלווירטישער אָרדענונג, וועלכער שטעלט מיט זיכ פאָר די סאמע גרעסטע דעראָבערונג פונ דעם צווייטנ יאָרצענדליק פונ אונדזער רעוואָליוציע.

דאָס באטײַט פונדעסטוועגנ ניט, אז די פראגע וועגנ פארמעסטונג מיטנ קאפיטאליזם איז שוינ פאר אונדז געלייזט. די דאָזיקע פראגע איז ניט בלויז ניט געלייזט,—מע קענ זי פולשטענדיק ניט לייזנ אָנ דעם זיג פונ סאָציַאליזם אינ אנדערע לענדער.

דער מארקסיזם לערנט אונדז, אז נאָכנ אראָפּווארפנ די עקספלואטאטאָרנ ווערט דער קלאסנ־קאמפ ניט בלויז ניט אָפגעשוואכט, נאָר, פארקערט, ער באקומט אסאכ מער שארפערע פאָרמענ. נאָכ מער האָט עס א שײַכעס צו דער ערשטער מעלוכע, וועלכע בויט דעם סאָציַאליזם אינ א פײַנטלעכער קאפיטאליסטישער ארומרינגלונג. דוכט זיכ, ס׳איז ניט שווער צו פארשטיינ, אז די קויכעס, וואָס זײַנענ פײַנטלעכ דעם סאָציַאליזם, שפּײַזנ זיכ אינ דעם געגעבענעם פאל מיט דער דאָזיקער גאנצער אויסערלעכער ארומרינגלונג אונ מיט יעדנ קאפיטאליסטישנ לאנד באזונדער.

ניט בלויז מיר פארגלײַכנ אונדזער אנטוויקלונג מיט דער לאגע אינ די לענדער פונ קאפיטאליזם. דאָס טוענ איוכ אונדזערע סאָנים פונ דעם לאגער פונ אימפעריַאליזם. פונ דער דאָזיקער פארגלײַכונג מאכנ מיר אונדזערע פראקטישע אויספירנ, אונ זיי מאכנ אנדערע אויספירנ, קעגנזעצלעכע. איינס איז קלאָר, דער קאפיטאליזם וועט אליינ ניט אוועקלייגנ דאָס געווער פאר די דערפאָלגנ פונ סאָציַאליזם אינ אונדזער לאנד. די דאָזיקע דערפאָלגנ רופנ ארויס אינ לאגער פונ דער בורזשואַזיע א ווילדנ צאָרנ, וואָס גייט אריבער אינ א צאָרנ פונ פארצווייפלונג. מיר דארפנ זיכ מיט דעם רעכענענ, ווי מיט א פאקט.

פארלירנדיק אלצ נײַע אונ נײַע פּאָזיציעס אינ דער אָפענער, אזוי צו זאָגנ, אינ דער פרידלעכער פארמעסטונג מיטנ זיגרײַכנ סאָציַאליזם, לאָזט זיכ די בורזשואַזיע, אונ באזונדערס אירע פאשיסטישע גראָמילעס, אפ אלע אונ אלערליי אונטערגראָבונגענ, אפ אלע אונ אלערליי נידערטרעכטיקײַטנ פונ הינטערנ ווינקל. דאָס זעט מענ אָנשוילעכ אפנ בײַשפּיל פונ דעם טראָצקיזם, וועלכער האָט זיכ שוינ לאנג פארוואנדלט אינ א שפּיַאָניש־טראָצקיזם, אינ א כאָפּטע שפּיַאָנענ, שעדיקער, פראָוואָקאטאָרנ אונ טעראָריסטנ. דער כאווער סטאלינ האָט גלענצנד אופגעדעקט דעם טאָכ פונ דעם איצטיקנ טראָצקיזם. דאָס איז ניט קיינ פּאָליטישע שטרעמונג, וועלכע דארפ האָבנ איר פּראָגראם אונ ניט באהאלטנ איר פּאָנעם פאר די מאסנ. דער שפּיַאָניש־טראָצקיזם—דאָס איז א באנדע אויסשפּירער, מערדער אונ שעדיקער, מיט וועלכער מע דארפ זיכ באגיינ אזוי, ווי מע באגייט זיכ מיט די ערגסטע סאָנים פונ פאָלק. (אפלאָדיסמענטנ). אָט דער גאנצער שמוץ, וויפל עס זאָלנ זי ניט דינגענ אפ

דינסט די אויסלענדישע אויסשפירונגענ, וועלנ מיר, פארשטייט זיכ, צוקוטעטשנ דעמ עק...

אינ דעמ זעענ מיר איינע פונ די באדינגונגענ, פונ וועלכע עס איז אָפּהענגיק די רויִקע ארבעט אונ דער דערפאָלג פונ אונדזער פארמעסטונג מיטנ קאפּיטאליזמ אפ די הויפּט־פראָנטנ.

הייַנט גייט די הויפּט־פארמעסטונג מיטנ קאפּיטאליזמ אינ דעמ ווירטשאפטלעכנ געביט אונ דעריבער איז דער הויפּט־קריטעריִ (מאָס) אינ דער דאָזיקער פארמעסטונג די ארבעט־פּראָדוקטיווקייַט. אויכ דאָ געדענקענ מיר די לענינישע אָנווייַזונג, אז „די ארבעט־פּראָדוקטיווקייַט, דאָס איז, אינ לעצטנ סאכאקל, דאָס סאמע וויכטיקסטע, דאָס סאמע איקערדיקע פארנ זיג פונ דער נייַער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג״.

מיר קענענ נאָכ ניט זאָגנ, אז אינ דער דאָזיקער זאכ האָבנ מיר גענונגנדיקע דערפאָלגנ, כאָטש בא אונדז זייַנענ פאראנ זאוואָדנ אונ פאבריקנ, וועלכע ספּראווענ זיכ מוסטערהאפט מיט זייער זאכ. אינ א גאנצער ריי וויכטיקע צווייַגנ פונ דער אינדוסטריע שטייענ מיר נאָכ אָפּ פונ די פאָרגעשריטענע לויט דער טעכניק קאפּיטאליסטישע לענדער, באזונדערס פונ אמעריקע. מיר האָבנ נאָכ אינ אסאכ הינזיכטנ ניט באוויזנ צו אויסנוצנ די דערפארונג פונ די סטאכאנאָווצעס צוליב דעמ, קעדיי אפ א באָלשעוויסטישנ אופנ אוועקשטעלנ אפ די פיס די זאוואָדנ אונ פאבריקנ, גאנצענע צווייַגנ פונ דער אינדוסטריע.

אָבער מע קענ ניט פארבייַגיינ פארבייַ די ערשטע וועזנטלעכע דערפאָלגנ אינ דעמ דאָזיקנ געביט, באזונדערס, ווענ מיר פארגלייַכנ דעמ סאָוועטנפארבאנד מיט אנדערע לענדער. אָט טאָפּטשענ זיכ שוינ 7—8 יאָר די גרעסטע קאפּיטאליסטישע לענדער, אזעלכע, ווי אמעריקע, דייַטשלאנד, ענגלאנד, קימאט אפ איינ אָרט לויט דער גרייס פונ דער יאָריקער אויסארבעטונג אפ איינ ארבעטער. אינדערצייַט, ווענ פאר דעמ זעלביקנ פּעריאָד, ד. ה., פונ 1929 יאָר, האָט זיכ די ארבעט־פּראָדוקטיווקייַט פונ אנ ארבעטער אינ אונדזער אינדוסטריע פארגרעסערט מער ווי אינ צוויי מאָל.

בלויז פאר דעמ איינ 1936 יאָר, דעמ ערשטנ יאָר נאָכנ אָנהייב פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג,—האָט זיכ די ארבעט־פּראָדוקטיווקייַט אינ אונדזער גרויסער אינדוסטריע פארגרעסערט אפ 21%. אינ אונדזער לאנד, ווו עס זייַנענ ניטאָ קיינ קריזיסנ, זייַנענ ניטאָ קיינ שטערונגענ צומ קעסיידערדיקנ וווּקס פונ דער ארבעט־פּראָדוקטיווקייַט. פארקערט, בלויז איצט קענענ מיר זאָגנ, אז די קאדרענ ארבעטער אפ די זאוואָדנ, וואָס זייַנענ אויסגעבויט געוואָרנ אינ די לעצטע יאָרנ, זייַנענ שוינ דורכגעגאנגענ א באוווּסטנ טערמינ פונ טעכנישער לערע אונ איצט קענענ זיי געבנ אנ עמעסנ אופשטייַג פונ ארבעט־פּראָדוקטיווקייַט. די דאָזיקע דערוואַרטונגענ וועלנ זיכ פולשטענדיק באַרעכטיקנ, אויב אונדזערע ווירטשאפטלעכע, אינזשעניר־טעכנישע אונ פּראָפּארייניש קאדרענ וועלנ ווי געהעריק פארשטייַנ זייערע אופגאבנ, וועלנ צעברעכנ די ביוראָקראטישע שטערונגענ, וואָס טאָרמאָזירנ די זאכ, אונ וועלנ זיכ נעמענ ערנסט פאר אָרגאניזירנ די ארבעט פונ די סטאכאנאָווצעס.

גרויס זייַנענ די מעגלעכקייַטנ אויכ פונ אונדזער לאנדווירטשאפט. איצט איז אינ די קאָלווירטנ ניט ווייניק מענטשנ, וועלכע האָבנ גוט באהערשט ניט בלויז דעמ

טראַקטאָר, נאָר אויך דעם קאָמבײַן. ס'איז גענוג צו זאָגן, אַז נאָך מיט פיר יאָר צו־ריק איז די דורכשניטלעכע יאָריקע אויסאַרבעטונג פון א קאָמבײַן אין די מטס געווען אײַנגאַנצן 70 העקטאַר, בײַם אײנעם פּאָריקן יאָר האָט זי שוין דערגרייכט 350 העקטאַר, דאָס הייסט פאַר דרײַ יאָר האָט זי זיך פאַרגרעסערט אין פינף מאָל.

לאָמיר מאַכן פון דעם אַלעם פּראַקטישע אויספירן און, פריִער פון אַלץ, לאָמיר אנערקענען, אַז בא אונדז אַרבעט אָפּ א סאָציאַליסטישן אויפן בלויז יענער זאַוואָד, וועלכער גיט גוטע פּראָדוקציע ניט ווייניקער, נאָר מער, ווי פונקט אַזאַ זאַוואָד אויסער די גרענעצן פון פּססר. אונדזערע קאַדרען האָבן שוין געמאַכט גרויסע דער־פאָלגן אין באַהערשן די טעכניק. די דאָזיקע דערפאָלגן דאַרף מען פאַרקערפּערן אָפּ די פאַבריקן און זאַוואָדן אין א הויכער אַרבעט־פּראָדוקטיווקײַט, וועלכע איז ווערט די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. דאַן וועט געלייזט ווערן דער אויסגאַנג פון קאַמף אָפּן הויפּט־פראָנט פון דער פאַרמעסטונג מיטן קאַפּיטאַליזם.

אָפּ א באָלשעוויסטישן אויפן פאַנאַנדערוויקלען דעם קאַמף פאַר א הויכער אַרבעט־פּראָדוקטיווקײַט אין דער אינדוסטריע, אָפּן טראַנספּאָרט און אין דער לאַנדווירטשאַפט—אַזאַ איז די אַנטשיידנדיקע אויפגאַבע.

## III. וועגן די פּערספּעקטיוון

פון דעם סאַמע אָנהייב פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָבן ניט בלויז די סאָנים, נאָר אויך די פילצאָליקע פאַלשע „פרײַנט" נעוויִעס געזאָגט איר א נאָענטן אומקום. באַזונדערס אָפט פלעגט געלאָזט ווערן אין גאַנג אַזאַ מאָטיוו, אַז די פּראָ־לעטאַרישע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז ניט רעכטצײַטיק, אַז דער סאָציאַליזם קען ניט זיגן אין איין לאַנד. דעם דאָזיקן נישטיקן בורזשואַזן פאָרורטייל האָט לענין קעגנגעשטעלט דעם וויסנשאַפטלעכן, מאַרקסיסטישן קוק אָפּ דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, מיטן דיסקאָנטירן די באַזונדערקײַטן פון דעם אימפּעריאַליזם. נאָך אין 1916 יאָר האָט לענין, אין דעם אַרטיקל „די מיליטערישע פּראָגראַם פון דער פּראָ־לעטאַרישער רעוואָלוציע", געשריבן:

„די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם קומט פאָר אין העכסטן גראַד ניט גלײַכ־מעסיק אין פאַרשיידענע לענדער. אַנדערש קען עס ניט זײַן בא א סכוירע־פּראָדוקציע. פון דאַנען איז אַן אומבאַדינגלעכער אויספיר: דער סאָציאַליזם קען ניט זיגן אײַנצײַטיק אין אַלע לענדער. ער וועט זיגן צוערשט אין איינעם אָדער אין עטלעכע לענדער, און די איבעריקע וועלן אין משך פ.ג א געוויסער צײַט פאַרבלײַבן בורזשואַזע אָדער ביז־בורזשואַזע".

די דאָזיקע טעאָרעטישע גרונט־האַנאָכע, וואָס לענין האָט וויסנשאַפטלעך דערוויזן, איז פולשטענדיק באַשטעטיקט געוואָרן אויך פּראַקטיש, איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך מיליאָנען רומפולע בויער פון סאָציאַליזם אין אונדזער לאַנד.

מיר לעבן אין אַן עפּאָכע פונעם אַלגעמיינעם קריזיס פון קאַפּיטאַליזם, ווען די ווידערשפּרוכן אין קאַפּיטאַליסטישן לאַגער האָבן שוין דערגרייכט די העכסטע שאַרפ־

קײַט. מיט דער פארשארפונג פונ די דאָזיקע ווידערשפרוכנ איז ארויסגערופנ געוואָרנ די ערשטע אלוועלטלעכע אימפעריאַליסטישע מילכאָמע. די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט באצייכנט מיט זיכ דעם אָנהייב פונ דער צעשטערונג פונעם אלוועלטלעכנ קאפיטאליזם, אנדערש גערעדט, דעם אָנהייב פונ דער צווישנפעלקערלעכער פראָלעטארישער רעוואָליוציע.

אלזאָ, די וועלט־רעוואָליוציע האָט זיכ שוינ אָנגעהויבנ. אָבער זי האָט זיכ אָנגעהויבנ ניט דורכ א קאטאסטראָפע פונ דער גאנצער קייט פאראמאָל, נאָר דורכ פאנאנדערפאל פונ באזונדערע רינגענ פונ קאפיטאליזם. אלס ערשטער רינג אזא האָט זיכ ארויסגעוויזנ דאָס בורזשואז־פריצישע רוסלאנד, וואָס אפ פארבײַטנ עס איז געקומענ די סאָציאַליסטישע מעלוכע.

פונ איצט אָנ איז די פראָלעטארישע רעוואָליוציע, אלס סאמע פאָרגעשריטענע דערשײַנונג פונ אונדזער צײַט, געוואָרנ דער אָנשפאר פונ אלע בעעמעס פראָגרעסיווע באוועגונגענ פונ די פאָלקס־מאסנ, כאָטש אפילע ניט קיינ ריינ קאָמוניסטישע. אינ איר געפינט איצט אָנ אָנשפאר אויכ דער קאמפ פאר די דעמאָקראטישע רעכט פונ די ארבעטנדיקע קעגנ די פאשיסטנ אונ דער קאמפ פאר דער נאציאָנאלער אומאָפהענגיקײַט פונ די שוואכע לענדער קעגנ די אימפעריאַליסטישע אגרעסאָרנ. צווישנ די קאפיטאליסטישע לענדער זײַנענ שוינ ניטאָ אזעלכע, וועלכע זאָלנ זײַנ א זיכערער אָנשפאר פונ פראָגרעס. דאָס פראָגרעסיווע ווערט אלץ מער פרעמד דעם פארפוילטנ קאפיטאליזם. דעם אָנגעזעענסטנ אָרט אינ פארטיידיקנ די אינטערעסנ פונ אלץ, וואָס איז פראָגרעסיוו, אינ פארטיידיקנ די אינטערעסנ פונ דער קולטור אונ נאציאָנאלע פרײַהײַט געהערט איצט דער ערשטער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע. (שטורמישע אפלאָדיסמענטנ). אלץ, וואָס איז פראָגרעסיוו, אלץ, וואָס איז ערלעכ־דעמאָקראטיש, ציט זיכ אינ דער דאָזיקער זײַט, ענדגילטיק פארלירנדיק די האָפענונגענ אפנ קאפיטאליזם. אזוי, גייט מיטנ גאנג פונ דער היסטאָרישער אנטוויקלונג דער קאפיטאליזם צו זײַנ סאָפ, אָפטרעטנדיק דעם אָרט דער אַנוואקסנדיקער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע. (שטורמישע אפלאָדיסמענטנ).

אינ אונדזער לאנד האָט דער סאָציאַליזם געזיגט פולשטענדיק אינ פאָליטישנ געביט נאָכ אינ די אָקטיאבער־טעג פונ 1917 יאָר. וועגנ דעם ענדגילטיקנ זיג פונ סאָציאַליזם אינ דער עקאָנאָמיק פונ לאנד קענענ מיר רײדנ פונ דער צײַט פונעם קער פונ די פויערישע מאסנ אפנ וועג פונ קאָלווירטנ, ד, ה., שוינ 7—8 יאָר. וועגנ דעם ענדגילטיקנ זיג פונ סאָציאַליזם אינ געביט פונ קולטור איז נאָכ פרי צו רײדנ. מיט דעם איז פארבונדנ יענער פאקט, וואָס בא אונדז איז נאָכ אזויפיל ארבעט אפ אויסלעבנ די איבערבלײַבעכצנ פונ קאפיטאליזם אינ דעם באוווסטזײַנ פונ מענטשנ. זיי קענ מענ דערפאָלגרײַכ אויסלעבנ בלויז מיט א ברייטנ אופשטײַג פונ דער סאָציאַליסטישער קולטור. אָבער דערפאר גיט יעדער טראָט אפנ וועג פונ דער ווירקלעכ סאָציאַליסטישער קולטור ניט בלויז זײַנע טייקעפדיקע רעזולטאטנ, נאָר ער שאפט פאָרבאדינגונגענ פארנ איבערוואקסנ פונ דעם סאָציאַליזם אינ קאָמוניזם.

פאנאנדערקלײַבנדיק די באדײַטונג פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג האָט דער כאווער סטאלינ געזאָגט וועגנ דעם, אז „זי גרייט צו באדינגונגענ פארנ איבער־

גאנג פון סאָציאַליזם צום קאָמוניזם". דער כאַווער סטאַלין האָט אַזוי אַנטוויקלט דעם דאָזיקן געדאַנק אין דער זעלבער רעדע:

„איז דען ניט קלאָר, אַז די סטאַכאַנאָווצעס זײַנען נאָוואַטאָרן אין אונדזער אינדוסטריע, אַז די סטאַכאַנאָווישע באַוועגונג שטעלט פאָר די צוקונפט פון אונדזער אינדוסטריע, אַז זי אַנטהאַלט אין זיך דעם קערן פון דעם צוקונפטיקן קולטורעל־טעכנישן אויפשטײַג פון אַרבעטער־קלאַס, אַז זי עפנט אונדז יענעם וועג, אויף וועלכן מע קען זיך נאָר דערשלאָגן יענע העכסטע צײַגער פון אַרבעט־פּראָדוקטיוויקײַט, וועלכע זײַנען נייטיק פאַרן איבערגאַנג פון סאָציאַליזם צום קאָמוניזם, און צו פאַרניכטן די קעגנזעצלעכקײַט צווישן אינטעלעקטועלער אַרבעט און פיזישער אַרבעט?"

דעריבער איז די אויפגאַבע „פון אויפהייבן דעם קולטור־טעכנישן ניוואָ פון אַרבעטער־קלאַס ביזן ניוואָ פון די טוער פון אינזשעניער־טעכנישער אַרבעט", צוזאַמען מיטן אויפשטײַג פון דער קולטורעלקײַט פון דער גאַנצער מאַסע אַרבעטנדיקע, יענע גרונט־אויפגאַבע, וואָס פון לייזן זי הענגען אָפּ אונדזערע הויפּט־דערפאָלגן.

דער קאָמוניזם האָט אָנגעהויבן אַרײַנצודרינגען אין אונדזער לעבן זינט עס האָט געזיגט די סאָוועטנמאַכט. פון דאַן אָן זײַנען דורכגעגאַנגען 20 יאָר פון סאָציאַליסטיש איבערמאַכן דאָס לאַנד. צו וואָס זײַנען מיר געקומען? ווי איז דער אַלגעמײַנער סאַכאַקל?

מיר האָבן געשאַפן אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, אין וועלכער עס איז ניטאָ קיין אָרט פאַר עקספּלואַטאַטאָרס. עס איז ניטאָ קיין אָרט פאַר עקספּלואַטאַציע. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ געזעלשאַפט פון אַ נײַעם, העכערן טיפּ. אין די באַציִונגען צווישן די צוויי קלאַסן פון אונדזער געזעלשאַפט, צווישן די אַרבעטער און פּויערים, קאָלווירטניקעס איז ניט נאָר ניטאָ קיין פײַנטשאַפט און קיין אומקאָמפּראָמיסלעכע ווידערשפּרוכן, נאָר, פאַרקערט, עס קומט פאָר אַ פּראָצעס פון דערנעענטערונג לויט די לעבנס־באַדינגונגען, לויט דער קולטורעלער אַנטוויקלונג, לויט זייערע שטרעבונגען צום קאָמוניזם.

אונדזער פאָלק לעבט אויף אַ נײַעם אויפן, ווײַל דער סאָציאַליזם איז אַרײַנגעדרונגען אין אַלע פאָרן פון אונדזער אָרדענונג. דאָס דאָזיקע נײַע לעבן באַפליגלט די אַרבעטנדיקע, געבווירט אין זיי נײַע און נײַע קויכעס. פון דער יוגנט, פון אונדזערע קינדער וואַקסט יענער דאָר, וועלכער וועט זיך מיט דערפאָלג ספּראַווען זיך מיט די גיגאַנטישע און אַלץ וואַקסנדיקע אויפגאַבן פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

מיר קענען ניט זאָגן, אַז אַלדאָס פאָלקישע איז שוין געוואָרן סאָציאַליסטיש. אָבער אויף אונדזערע אויגן ווערט דאָס ווירקלעך סאָציאַליסטישע פאָלקיש, נאָענט די פאָלקס־מאַסן. פון דער אַנדער זײַט, קען יעדערער זען, אַז די אַרבעטנדיקע מאַסן פון אונדזער לאַנד נעמען אויף אַלס אַנטיפאָלקישע, אַלס פרעמדע דעם פאָלק, אַלץ וואָס איז אַנטיקאָמוניסטיש, זאָל דאָס זײַן אין פּראַקטישע איניאַנים אָדער אין וויסנשאַפטלעך־שעפערישן געביט. בײַ אונדז איז געוואָרן אַ געוווינהײַט, אַז די סאָנים

פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי אונ סאָװעטנמאכט רעכנט מענ אלס סאָנים פונ פאָלק. די פאָליטישע קאמפאניע פונ די װאלנ אינ העכסטנ ראט, װאָס האָט זיכ אָנגעהויבנ ניט לאנג, האָט זיכ פארװאנדלט אינ א זאכ פונ א נייַער מעכטיקער באהעפטונג פונ די ארבעטנדיקע ארומ דער קאָמוניסטישער פארטיי אונ סאָװעטנמאכט. (אפלאָדיסמענטנ).

װאָס באטייַט עס אלצ? דאָס באטייַט, אז אינ אונדזער לאנד האָט זיכ געשאפנ א פריִער ניט געזעענע אינערלעכע מאָראלע אונ פאָליטישע אײנהייַט פונ פאָלק. די מאָראלע אונ פאָליטישע אײנהייַט פונ דער סאָציִאליסטישער געזעלשאפט. (אפלאָדיסמענטנ).

אזא אײנהייַט פונ פאָלק האָט ניט געװוּסט אונ װייס ניט קײנ אײנ קאפיטאליסטיש לאנד. די קאפיטאליסטישע געזעלשאפט װערט צעריסנ פונ אינערלעכע װידערשפרוכנ. דאָרטנ איז א הערשנדיקע מינדערהייַט, דער עקספּלואטאטאָרישער אױבערשיכט איז שטענדיק אָפּגעטײלט אונ איז דער קעגנזאצ צומ פאָלק, דער קעגנזאצ צו די עקספלואטירטע מאסנ. די בורזשואזיע נוצט געװײנלעכ ברײט אויס די אויסערלעכע געפאר פאר פארפעסטיקנ איר אָרדענונג, אָבער אויכ דער דאָזיקער קאפטל פלאצט בא איר אינ אונדזער צייַט אינ אלע נעט. פאר אלעמענ אינ די אויגנ קייַקלט זיכ דער קאפיטאליזמ אינ אָפּגרונט.

דאָס גליק פונ אונדזער לאנד איז אינ דעמ, װאָס, ניט שרעקנדיק זיכ פאר די שװעריקייַטנ, האָט עס ארויסגעריסנ זיכ פונ דער קאפיטאליסטישער פוילנדיקער געזעלשאפט. אונ אָט איז 20 יאָר, װי מיר גײענ מיט אונדזער נייַעמ װעג, מיר גײענ צומ קאָמוניזמ. באזיניקנדיק, אז אפּ אונדזער גורל איז אויסגעפאלנ דאָס גליק צו דורכלײגנ א ריכטיקנ װעג צומ ליכטיקנ לעבנ פונ דער גאנצער מענטשהייַט, דאָס הײבט אופ דעמ באװוּסטזייַנ פונ די מאסנ פונ אונדזער לאנד אונ באהעפט די ארבעטנדיקע.

די מאָראלע אונ פאָליטישע אײנהייַט פונ די פאָלקס־מאסנ פונ סאָװעטנפארבאנד איז אויסגעשמידט אינ די אויספרוּװוּנגענ פונ העראָיִשנ קאמפ קעגנ די בורזשואזפריציִשע קלאסנ אונ אויסלענדישע אינטערװענטנ. זי האָט זיכ פארפעסטיקט אפּנ גרונט פונ פארבאנד פונ די ארבעטער אונ פויערימ אינ דער זאכ פונ אופהײבנ די כאָלקסווירטשאפט. אָבער בלויז נאָכנ שאפנ די סאָציִאליסטישע געזעלשאפט, אינ װעלכער עס זייַנענ פארמאכט אלע טירנ פאר די עקספלואטאטאָרנ אונ פאר יעסװויִדער עקספלואטאציע פונ א מענטשנ דורכ א מענטשנ, האָט זיכ גענומענ ארויסװייַזנ יענע נייַע מאָראליש־פאָליטישע אײנהייַט פונ פאָלק, װעלכע שטעלט מיט זיכ פאָר די גרעסטע קראפט. אזא מאָראלע אונ פאָליטישע אײנהייַט, װאָס איז דורכגעדרונגענ מיט א טיפנ אינטערנאציִאָנאליזמ װעט ענדגילטיק באהעפטנ אינ אײנ גאנצעס די פעלקער אונ פעלקערשאפטנ פונ סאָװעטנפארבאנד. אינ אימ װעלנ זענ א פאָרבילד פונ זײער צוקונפט אויכ די פעלקער פונ אנדערע לענדער.

די מאָראליש־פאָליטישע אײנהייַט פונ פאָלק אינ אונדזער לאנד האָט אויכ איר לעבעדיקע פארקערפערונג. בא אונדז איז פאראנ א נאָמענ, װעלכער איז געװאָרנ דער סימװאָל פונ די זיגנ פונ סאָציִאליזמ. דער דאָזיקער נאָמענ איז צוזאמענ מיט דעמ דער סימװאָל פונ דער מאָראלער אונ פאָליטישער אײנהייַט פונ סאָװעטישנ

פאָלק. איר ווייסט, אז דער דאַזיקער נאָמענ איז סטאַלינ! (אפלאָדיסמענטנ. אלע שטייענ אופ. אויסגעשרייענ: „הורא דעמ כאווער סטאַלינ!״).

ריידנדיק וועגנ אונדזערע פערספעקטיוונ האָבנ מיר אינ אכט, פריִער פונ אלצ, די פרידלעכע אנטוויקלונג פונ אונדזער לאנד. נו, אונ אויב דער שאָלעמ וועט גע־בראָכנ ווערנ, אויב דער הונט וועט זיכ אראָפרייַסנ פונ קייט אונ וועט זיכ א וואָרפ טאָנ אפ אונדז, אפ אונדזער הויז, וואָס וועלנ מיר זאָגנ אפ דעמ? מיר וועלנ ענט־פערנ: זאָל דער סוינע פרוּווּנ אויספרוּווּנ די מאַראלע אונ פאָליטישע אייַנהייַט פונ דער סאָציִאליסטישער געזעלשאפט! (אפלאָדיסמענטנ).

אינ די דאָזיקע טעג איז בעסער פונ אלצ אויסצודריקנ אונדזערע געפילנ אונ געדאנקענ מיט פאָשעטע ווערטער, פארשטענדלעכע פאר די ארבעטנדיקע פונ אלע לענדער:

זאָל לעבנ די אָקטיאבער־רעוואָליוציע!

העכער די פאָנ פונ מארקס־ענגעלס־לענינ־סטאַלינ! (אלע שטייענ אופ. שטורמישע אפלאָדיסמענטנ. אויסרופנ: „הורא דעמ כאווער סטאַלינ!״).

א. א. וואָלקאָוו—אויספּילער פונ די פליכטנ פונ סעקרעטאר פונ צק קפּ(ב)וו

# דער קאמפּ פונ די באָלשעוויקעס פונ סאָוועטנ-ווײַסרוסלאנד פאר דער זאכ פונ לענינ־סטאלינ

די פעלקער פונ אונדזער סאָציאַליסטישנ היימלאנד, די ארבעטער, קאָלווירטניקעס אונ אלע ארבעטנדיקע פונ פארבאנד סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקנ קומענ צומ רומפולנ 20־יאָריקנ יובילײ פונ דער גרויסער אָקטיאבערישער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע מיט ביז גאָר גרויסע זיגנ אינ קאמפּ פארנ סאָציאַליזמ, וועלכער הערשט איצט אומבאגרענעצט אינ אונדזער לאנד.

די דאָזיקע זיגנ זײַנענ דערגרייכט געוואָרנ אינ רעזולטאט פונ די העראָישע אָנשטרענגונגענ, פונעמ זעלבסטאָפּפּערדיקנ קאמפּ פונ די פעלקער פונ פססר, אונטער דער אָנפירונג פונעמ ארבעטער-קלאס פונ אונדזער לאנד, וואָס אינדערשפּיצ פונ אימ שטייט די מעכטיקע באָלשעוויסטישע פארטיי פונ לענינ־סטאלינ, אונטער דער אָנפירונג פונ די געניאַלע מענטשנ פונ אונדזער עפּאָכע—וו. אי. לענינ אונ זײַנ בעסטנ שילער אונ מיטקעמפּער—כאווער ס ט א ל י נ.

דעמ 20־טנ יאָרטאָג פונ דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאבער־רעוואָליוציע באגעגענענ די ארבעטנדיקע פונ ווײַסרוסלאנד צוזאמענ מיט אלע פעלקער פונ אונדזער ראכוועסדיקנ לאנד מיט קאָלאָסאלע זיגנ, וועלכע באצייכענענ מיט זיכ דעמ טריִומפ פונ דער גענעראלער ליניע פונ אונדזער באָלשעוויסטישער פארטיי, דעמ טריִומפ פונ דער לענינישע־סטאלינישער נאציאָנאלער פּאָליטיק אינ אונדזער פילנאציאָנאלער סאָציאַליסטישער מעלוכע פונ ארבעטער אונ פויערימ.

די געניאַלקײַט פונ דער לענינישע־סטאלינישער לערע אינ דער נאציאָנאלער פראגע, די געניאַלקײַט פונ דער לענינישע־סטאלינישער נאציאָנאלער פּאָליטיק, וועלכע גייט ארויס פונ דעמ, וואָס „אלע נאציעס אונ ראסעס, אומאָפּהענגיק פונ זייער פארגאנגענהײַט אונ פונ דער איצטיקער לאגע, אומאָפּהענגיק פונ זייער קראפט אָדער שוואכקײַט,—דארפנ זיכ באנוצנ מיט איינע אונ די זעלבע רעכט אינ אלע ספערנ פונ

ווירטשאַפטלעכן, געזעלשאַפטלעכן, מעלוכישן און קולטורעלן לעבן פון דער געזעל־
שאַפט" (ס ט א ל י נ),— ווערט באַשטעטיקט באַזונדערס בולעט מיט די דערפאָלגן און
מיטן וווקס פון אונדזער ווײַסרוסישער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק.

די אַרבעטער, פּויערים און אַלע אַרבעטנדיקע פונעם ביז־רעוואָליוציאָנערן ווײַס־
רוסלאַנד האָבן דוירעסלאַנג געשמאַכט אונטערן שווערן דרוק פון דער אומבראַכ־
מאָנעסדיקער, כאַיִשער עקספּלואַטאַציע פון די פּוילישע פּריצים, פון די ווײַסרוסישע
גוטבאַזיצער, באַלעגופים און פון דער צאַרישער זעלבסטהערשונג. די צאַרישע
זעלבסטהערשונג—דער זשאַנדאַרם פון אײראָפּע און דער וואַכ־הונט אַפן מיזרעכ—
פלעגט צעצינדן אין אַלטן רוסלאַנד אַ נאַציאָנאַלע סינע צווישן די פעלקער, פלעגט
אומבראַכמאָנעסדיק זיכ נויקעם זײַן און זדעקעווען זיכ איבער די אָפּגעשטאַנענע
נאַציעס.

בלויז די גרויסע אָקטיאַבערישע סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע, וועלכע עס האָט
אין 1917 יאָר דורכגעפירט דער רוסישער אַרבעטער־קלאַס, אָנשפּאַרנדיק זיכ אַפ דער
דאָרפישער אָרעמשאַפט און באַטראַקעס, האָט אונטער דער אָנפירונג פון דער פּאַרטײ
פון לענין־סטאַלין, באַפרײַט דאָס ווײַסרוסישע פאָלק פונעם דרוק פון דער צאַרישער
זעלבסטהערשונג, פון דער דוירעסדיקער עקספּלואַטאַציע פון די פּוילישע פּריצים,
ווײַסרוסישע גוטבאַזיצער, קאַפּיטאַליסטן און באַלעגופים. בלויז בא דער שטיצע און
קאָלאָסאַלער הילף פון רוסישן פּראָלעטאַריאַט, אונטער דער אָנפירונג פון דער באָל־
שעוויסטישער לענינישער־סטאַלינישער פּאַרטײ האָט דאָס ווײַסרוסישע פאָלק צום ערשטן
מאָל אין זײַן געשיכטע באַקומען זײַן מעלוכעשאַפט, באַקומען אַ מעגלעכקײַט אַפ אַ קאַר־
דינאַלן אויפן איבערצומאַכן די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג־באַזע אַפן גרונט פון דער
גרויסער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע און גרויסער סאָציאַליסטישער לאַנדווירטשאַפט,
האָט באַקומען אַ מעגלעכקײַט צו אַנטוויקלען פרײַ זײַן קולטור, די נאַציאָנאַלע לויט
דער פאָרם און סאָציאַליסטישע לויטן אינהאַלט.

נאָכ אין פעוראַל 1919 יאָר האָט דער ערשטער אַלווײַסרוסישער סאָוועטנצוזאַ־
מענפאָר דערקלערט אין נאָמען פון אַלע אַרבעטנדיקע פון סאָוועטנווײַסרוסלאַנד:
„זעלבסטבאַשטימענדיק זיכ אַפ די רויִנען פונעם לײַבייגנטימערישן צאַרישן רוסלאַנד,
אַנערקענט סאָוועטנווײַסרוסלאַנד די נייטיקײַט אײַנצושטעלן ענגע עקאָנאָמישע און
פּאָליטישע פאַרבינדונגען מיט זײַן עלטערן ברודער—רספסר, וועלכער האָט אַרויסגע־
וויזן דער ווײַסרוסישער רעפּובליק אַ וועזנטלעכע הילף אין אויפשטעלן איר צערוי־
נירטע ווירטשאַפט", און ווײַטער מערקט אָפּ דער צוזאַמענפאָר:

„... בלויז אַ פרײַער פרײַוויליקער פאַרבאַנד פון די אַרבעטנדיקע פון אַלע איצט
אומאָפּהענגיקע סאָוועטישע רעפּובליקן וועט זיכערן דעם טריוּמף פון די אַרבעטער
און פּויערים אין זייער קאַמף קעגן דער גאַנצער איבעריקער קאַפּיטאַליסטישער
וועלט". (פון דער דעקלאַראַציע פון 1־טן סאָוועטן־צוזאַמענפאָר פון ווססר).

דאָס שאַפן ווססר, אַלס אַ זעלבסטשטענדיקע פאַרבאַנדישע נאַציאָנאַלע סאָציאַ־
ליסטישע רעפּובליק, האָבן מיר צו פאַרדאַנקען אונדזער פּאַרטײ, איר צענטראַל־קאָ־
מיטעט און פּערזענלעכ ו. אי. לענינען און דעם כאַווער סטאַלין.

דער כאַווער סטאַלין האָט, לויט דער אָנווײַזונג פון ו. אי. לענינען, פּערזענלעכ
אומיטלבאַר אָנגעפירט מיט דער אַרבעט אַפּ צו שאַפן די ווײַסרוסישע סאָוועטישע

סאָציִאליסטישע רעפּובליק, האָט טאָגטעגלעכ אכטונג געגעבנ אונ האָט געריכטעט די ארבעט פונ דער פארטייִשער אָרגאניזאציע פונ ווײַסרוסלאנד.

אינ 1919 יאָר האָט ער געשריבנ וועגנ דער דעקלאראציע, וואָס דער ערשטער סאָוועטנ־צוזאמענפאָר פונ ווײַסרוסלאנד האָט אָנגענומענ:

„א פרײַוויליקער פארבאנד פונ די ארבעטנדיקע פונ אלע אומאָפּהענגיקע סאָוועטישע רעפּובליקנ... דאָס איז טאקע יענער וועג פונ פארייניקנ די פעל־קער, וועגנ וועלכנ עס האָט די גאנצע צײַט געטײַנעט די סאָוועטנמאכט אונ וועלכער גיט איצט זײַנע גוטע רעזולטאטנ...

...אזוי קומענ די פעלקער פונ רוסלאנד פונ דער צעפּאלונג פונ דער אל־טער אימפּעריִאליסטישער איינהײַט דורכ אומאָ=הענגיקע סאָוועטישע רעפּובליקנ צו א נײַער פרײַוויליקער ברידערלעכער איינהײַט...

דער דאָזיקער וועג, איז אָנ סאָפעק, ניט פונ די גאָר לײַכטע, אָבער ער איז דער איינציקער וועג, וועלכער פירט צו א פעסטנ סאָציִאליסטישנ פאר־באנד פונ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ די נאציִאָנאליטעטנ פונ רוסלאנד״ (ס ט א ל י נ—„איזוועסטיא וציק״ נומ. 30, 1919 יאָר).

איצט, פײַערנדיק דעם רומפולנ יובילײ פונ אונדזער גרויסער אָקטיאבערי־שער סאָציִאליסטישער רעוואָליוציע, ווייס יעדער ארבעטנדיקער, וואָס פאר א קראפט, וואָס פאר א מעכטיקײַט עס האָט דער דאָזיקער „סאָציִאליסטישער פארבאנד פונ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ די נאציִאָנאליטעטנ פונ רוסלאנד״, צו וואָס פאר א רעזולטאטנ עס האָט געבראכט די קלוגע לעניניש-סטאלינישע נאציִאָנאלע פּאָליטיק.

יעדער פארבאנדישע סאָציִאליסטישע רעפּובליק, וואָס גייט ארײַנ אינ דער פרײַנט-לעכער געזינד פונ גרויסנ פארבאנד פונ די סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפּובליקנ, האָט געענדערט איר פּאָנעם, זי איז געוואָרנ אנ אינדוסטריִעלע מיט א גרויס אנט־וויקלטער סאָציִאליסטישער לאנדווירטשאפט, מיט א הויכער קולטור,—אונ אונדזער פּססר האָט זיכ פארוואנדלט אינ א מעכטיקנ אונ רײַכנ לאנד פונ סאָציִאליזמ.

די ווײַסרוסישע באָלשעוויקעס, אונטערפירנדיק א סאכאקל פונעמ קאָלאָסאלנ וועג פונ קאמפּ פאר דער סאָוועטנמאכט, פארנ סאָציִאליזמ, פארגעסנ ניט אפ קיינ מינוט די אויסשליסלעכע ראָל, די קאָלאָסאלסטע הילפ אינ דער אָנפירונג מיטנ דאָזיקנ קאמפּ, וועלכע עס האָבנ זיי ארויסגעוויזנ פערזענלעכ וו. אי. לענינ אונ דער כאווער סטאלינ.

דער צק פונ אונדזער באָלשעוויסטישער פארטײ, וו. אי. לענינ אונ דער כא־ווער סטאלינ פלעגנ נאָכ ביז דער רעוואָליוציע שיקנ אינ ווײַסרוסלאנד אפ צו פאר־פעסטיקנ די באָלשעוויסטישע אָרגאניזאציעס די בעסטע באָלשעוויקעס, די בעסטע זינ פונ דער לעניניש־סטאלינישער פארטײ.

אינ 1915 יאָר קומט צו פאָרנ אינ מינסק מ. וו. פרונזע, וועלכער פירט דורכ א גרויסע ארבעט אפ צו פארפעסטיקנ אונ שאפנ באָלשעוויסטישע אָרגאניזאציעס אינ מינסק, אינ דער ארמײ פונ מײַרעוו־פראָנט. אינ 1917 יאָר פירט ער א קאמפּ קעגנ דער צארישער זעלבסטהערשונג אונ דער צײַטווײַליקער רעגירונג, פירט אָנ מיטנ שאפנ די סאָוועטנמאכט אינ מינסק.

אין 1917 י. פירט דורכ א ביז גאָר קאָלאָסאַלע ארבעט אין האָמעל דער געטרײַער לענינעצ, דער בעסטער מיטקעמפער פון כאַווער סטאַלין ל. מ. קאַגאַנאָוויטש. שטעלנדיק זיכ אין שפּיצ פון פּאָליעסער קאָמיטעט, אָרגאַניזירט ל. מ. קאַגאַנאָוויטש די באָלשעוויקעס פון האָמלער אָרגאַניזאַציע צום קאַמפּ פאַר דעם, די סאָוועטן זאָלן פאַרכאַפּן די מאַכט. דער כאַווער קאַגאַנאָוויטש ארבעט לײַדנשאַפטלעכ אפּ צו שאַפן א באָלשעוויסטישע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אין מאָליעוו, אין באָברויסק א. א. וו., געבנדיק אַן אַנטשיידענעם ווידערשטאַנד די קליינבירגערלעכע נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטייען (בונד, מענשעוויקעס, עסערן, ציאָניסטן און אַנד.), וועלכע האָבן געפירט א קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע ארבעט.

אין וויטעבסק האָט אין 1917 י. געפירט א גרויסע ארבעט צווישן די ארבעטער און סאָלדאַטן דער דעמלטדיקער נאָכ יונגער ארבעטער, דער באָלשעוויק נ. אי. יעזשאָוו, דער געטרײַער מיטקעמפער פון כאַווער סטאַלין און דער רומפולער אײַזערנער טשעקיסט, דער פאָרזעצער פון די טראַדיציעס פונעם געטרײַען ריטער פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע פ. ע. דזערזשינסקי.

וו. אי. לענין און כאַווער סטאַלין פירן אָן פּערזענלעכ און טאָגטעגלעכ מיטן שאַפן די ווײַסרוסישע סאָוועטישע רעפּובליק.

בלויז אין רעזולטאַט פון דער אומדערמידלעכער זאָרג און טאָגטעגלעכער הילפּ מיצאַד דעם רוסישן ארבעטער־קלאַס, מיצאַד אונדזער צק אלקפּ(ב) און פּערזענלעכ פונעם כאַווער סטאַלין,—קומט אונדזער אָרדענטרעגערישע ווסר צום 20־טן יאָרטאָג פון אָקטיאַבער אין די פּאָרויסגייענדיקע שערענגעס פון אונדזער גרויסן פאָלק פון פאַרבאַנד סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן.

# מיט קאָלאָסאַלע זיגן זײַנען די באָלשעוויקעס פון ווײַסרוסלאַנד געקומען צום רומפולן יובילײ

אין רעזולטאַט פון דער גרויסער אָקטיאַבערישער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, אַדאַנק דעם אומאָפּנויגבאַרן פאַרווירקלעכן די לעניניש־סטאַלינישע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק און דער ברידערלעכער הילפּ פונעם ארבעטער־קלאַס פון פּסר,—האָט ווײַסרוסלאַנד פון אַן אָפּגעשטאַנענעם אַגראַר־לאַנד, פון א לאַנד מיט אַן אָפּגעשטאַנענער קוסטאַרישער אינדוסטריע, פון א לאַנד אַן אונטערדריקטן און פאַרשקלאַפטן דורכ די פּריצים, קאַפּיטאַליסטן,—זיכ פאַרוואַנדלט אין א בליענדיקן אינדוסטריעל־אַגראַר לאַנד, אין א לאַנד מיט אַן אַנטוויקלטער גרויסער אינדוסטריע און מיט א גרויסער סאָציאַליסטישער לאַנדווירטשאַפט.

אויב אין 1913 י. האָט די אַלגעמיינע פּראָדוקציע פון דער גאַנצער אינדוסטריע אפּ דער טעריטאָריע פון איצטיקן ווסר באַטראָפן 99,9 מיליאָן רובל, וועט זי באַטרעפן אין 1937 י. 2200 מיליאָן רובל—א וווּקס אין 22 מאָל!

דער ספּעציפישער געוויכט פון דער אינדוסטריע אין דער פאָלקסווירטשאַפט פון ווסר באַטרעפט איצט 73 פּראָצ.

פאַר די יאָרן פון דער סאָוועטנמאַכט איז אין ווײַסרוסלאַנד געשאַפן געוואָרן א מאַשינבוי־אינדוסטריע, וואָס ביז דער רעוואָליוציע איז פון איר קיין זייכער ניט

געוועז. די אינדוסטריע פונ סאָוועטנ־ווײַסרוסלאנד האָט באהערשט 33 טיפנ ווערק־
שטעלנ אונ לאָזט איצט ארויס יערלעכ 4815 ווערקשטעלנ.

די ענערגעטישע באזע פונ ווסםר איז אויכ גיגאנטיש אויסגעוואָקסנ. אינ 1936 י.
איז אויסגעארבעט געוואָרנ עלעקטרע־ענערגיע 380 מיליאָנ קילאָוואט־שאָ,— אינ 97
מאָל מערער, ווי עס פלעגט אויסגעארבעט ווערנ אינ ביז־רעוואָליוציאָנערנ ווײַסרוס־
לאנד. קאָלאָסאל זײַנענ אויסגעוואקסנ אויכ אנדערע צווײַגנ פונ אונדזער סאָציאַליס־
טישער אינדוסטריע.

צוזאמענ מיטנ וווקס פונ דער אינדוסטריע איז אויסגעוואקסנ אויכ דער ארבעט־
טער־קלאס. אינ 1918 י. איז אינ ווײַסרוסלאנד געוועזנ 13 טויזנט ארבעטער. אונ
איצט ארבעטנ אפ אונדזערע גרויסע אונטערנעמונגענ, אינ די מטס 200 טויזנט אר־
בעטער. פראָפארײנ־מיטגלידער זײַנענ אפנ 1־טנ יאנוואר 1937 י. געוועזנ 510.537 מאנ;
70 פראָצ. פונ אלע ארבעטער זײַנענ לויט זייער נאציאָנאליטעט ווײַסרוסנ.

* * *

ניט צו דערקאָנענ איז געוואָרנ אויכ די סאָציאַליסטישע לאנדווירטשאפט פונ
ווײַסרוסלאנד. באזונדערס אָנשוילעכ זײַנענ דאָ אונדזערע דערפאָלגנ באם פארגלײַכנ
מיט דער לאגע פונ דער לאנדווירטשאפט אינעם ביז־רעוואָליוציאָנערנ ווײַסרוסלאנד.
דאָס פויערטום פונ ווײַסרוסלאנד האָט זיכ דורערסלאנג געפונענ אונטערנ דרוק
פונ די גרויסע קאפיטאליסטנ, פעאָדאלנ אונ ערד־מאגנאטנ. די דאָזיקע פריוואטע
אייגנטימער האָבנ געהאט אינ זייערע הענט דעמ גרונטלעכנ ערד־פאָנד. אזוי איז אפ
550 טויזנט קליינע פויערישע הויפנ אויסגעקומענ אינגאנצנ 5698 טויזנט העקטאר
ערד, אונ א ,הײַפל גראפנ, גוטסבאזיצער אונ אנדערע אינ א צאָל פונ 1500 באזיצער—
האָבנ געהאט 10493 טויזנט העקטאר ערד, דערבײַ האָבנ 1467 גוטסבאזיצער באזיצט
6141 טויזנט העקטאר ערד.

פונ אלע פויערישע הויפנ זײַנענ 15,9 פראָצ. געוועזנ אָנ ארבעטס-פי, אונ
9 פראָצ. האָבנ גאָר קיינ ערד ניט געהאט.

די פויערישע ווירטשאפט האָט זיכ באזירט אפ א נידעריקער ,טעכניק—די פרימי־
טיווע הילצערנע סאָכע, די בראָנע אונ דער הילצערנער פלוג זײַנענ געוועזנ די
גרונט־געצײַג אפ צו באארבעטנ דעמ באָדנ. אזוי איז אינ ווײַסרוסלאנד, לויט דער
פאָלקס־ציילונג פונ 1910 י. געוועזנ אינ מאָלעווער גובערניע: סאָכעס—103,1 טויזנט
שטיק, הילצערנע בראָנעס—274,9 טויזנט שטיק, הילצערנע פלוגנ—156,6 טויזנט
שטיק א. א. וו.

אפ א קארדינאלנ אויפנ האָט זיכ געענדערט די לאגע פונ פויער נאָכנ זיג פונ
דער גרויסער אָקטיאבערישער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע. דער ערשטער דעקרעט,
וואָס איז אָנגעשריבנ געוואָרנ מיט וו. אי. לענינס האנט אונ איז אָנגענומענ געוואָרנ
דורכנ 2־טנ סאָוועטנצוזאמענפאָר, האָט אָפגעגעבנ די ערד אינ די הענט פונ די
פויערימ. די פויערימ פונ ווײַסרוסלאנד האָבנ, לויט דעמ דאָזיקנ דעקרעט, באקומענ
7650 טויזנט העקטאר ערד.

אפנ גרונט פונ דער אינדוסטריאַליזאציע פונ לאנד האָט דאָס פויערטום באקר־
מענ א פארפולקומטע טעכניק אונ האָט אונטער דער אָנפירונג פונ דער באָלשע-

וויסטישער פארטײ פונ לענינ־סטאלינ, אונטער דער אָנפירונג פונ כאווער סטאלינ, געשאפנ קאָלווירטנ אונ סאָווירטנ.

איצט זײַנענ אינ ווססר אָרגאניזירט געוואָרנ 9652 קאָלווירטנ, אינ וועלכע עס זײַנענ פאראייניקט 658,3 טויזנט פויערים-ווירטשאפטנ.

איצט זײַנענ אינ ווססר פאראנ 140 מטס, אונ אינ 1938 יאָר וועלנ אויסגעבויט ווערנ 60 נײַע מטס. אפ אזא אויפנ וועלנ אינ 200 מטס ארבעטנ 10 טויזנט טראקטאָרנ, 672 קאָמבײַנענ, קאָמפליצירטע דרעש־מאשינעס—2647 שטיק, רײַקע ווײ־מאשינעס—1300 שטיק, ווײ־מאשינעס אפ פערד—2935 שטיק אונ אנדערע קאָמפליצירטע לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס. בא 1000 לאסט־מאשינעס אונ לײַכטע אווטאָמאָבילנ פארמאָגט איצט דאָס ווײַסרוסישע דאָרפ.

עס ווערט געהעכערט די גערעטענישקײַט פונ אונדזערע קאָלווירטישע פעלדער. דאָס קאָלווירטישע פויערטום פונ ווססר לעבט איצט א קולטורעלנ אונ פארמעגלעכ לעבנ. וועגנ דעמ זאָגנ איידעס בוילעטע פאָלגנדיקע פאקטנ:

אינ קאָלווירט א. נ. וואָלאָדארסקי, מאָלעווער ראיאָנ, האָבנ די קאָלווירטניקעס דורכשניטלעכ באקומענ האיאָר אפ אנ ארבעט־טאָג 6 קילאָגראמ קערנער־קולטורנ, 10 קילאָגראמ קארטאָפל, 2 רובל געלט אונ 3 קילאָגראמ גאָרטנווארג. די פאמיליע פונ קאָלווירטניק כ׳ קאָזלאָוו וואסילי האָט אויסגעארבעט האיאָר 1100 ארבעט־טעג אינ באקומענ: 400 פוד קערנער, 650 פוד קארטאָפל, 2200 רובל געלט אונ 200 פוד גאָרטנווארג.

דער קאָלווירטניק כ׳ טימאָפײעוו אנדרײ (קאָלווירט „מאיאק סאָציאַליזמא״, באָריסאָווער ראיאָנ) האָבנ באנאנד מיט דער פרוי אויסגעארבעט 745 ארבעטס־טעג אונ באקומענ 192 פוד טווע, 528 פוד קארטאָפל, 200 פוד פוראזש, 1900 רובל געלט אינ 85 פוד גאָרטנווארג. אזוינע בײַשפּילנ וואָלט מענ געקאָנט ברענגענ הונדערטער אונ טויזנטער.

* * *

מיטנ וווקס פונ דעמ מאטעריעלנ ווילשטאנד פונ די ארבעטנדיקע וואקסט אומאָפנויגלעכ אויכ די קולטור פונ די פעלקער פונ סאָוועטנ־ווײַסרוסלאנד, עס ווערט געהעכערט די גראמאָטנעקײַט פונ דער באפעלקערונג, עס אנטוויקלט זיכ די קונסט א. א. וו. די פעלקער פונ ווײַסרוסלאנד, אנטוויקלענדיק זײער קולטור, די נאציאָנאלע לויט דער פאָרמ אונ סאָציאַליסטישע לויטנ אינהאלט, באהעפטנ זיכ צו אלע רײַכקײַטנ פונ אונדזער סאָציאַליסטישנ היימלאנד.

באזונדערס גרויסע דערגרייכונגענ האָבנ די ארבעטנדיקע פונ ווײַסרוסלאנד אפנ געביט פונ פאָלקס־בילדונג.

אינ 1914 יאָר האָבנ אינ ווײַסרוסלאנד (אײַנשליסנדיק אויכ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד) זיכ געלערנט אינ די שולנ אינגאנצנ 265 טויזנט קינדער, אונ איצט לערנענ זיכ אינ ווססר 969 טויזנט קינדער. אויסער דעמ צײלט סאָוועטנ־ווײַסרוסלאנד 20 ארבפאקנ, אינ וועלכע עס לערנענ זיכ 6600 מאנ, 72 טעכניקומס מיט 27842 שטודירנדיקע, 21 הויכשולנ אונ טעכנישע הויכשולנ, אינ וועלכע עס לערנענ זיכ

1525 סטודענטן. אין ביז־רעוואָליוציאָנערן ווײַסרוסלאַנד איז ניט געווען קיין איין וויסנשאַפטלעכער אַנשטאַלט. איצט האָבן מיר 41 וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישע אַנשטאַלטן, אין וועלכע עס אַרבעטן באַ טויזנט וויסנשאַפטלעכע טוער. די אַרמיי לערער איז פון 7000 מענטשן אויסגעוואַקסן ביז העכער 30.000. אונדזער רעפובליק איז געוואָרן אַ רעפובליק פון דורכויסיקער גראַמאָטנעקײַט, ווו עס ווערט דורכפאָלגרײַכט פאַרווירקלעכט די אַלגעמיינע אָנפאַנג־לערע און זיבנ־יאָריקע בילדונג. אַפן 1937 יאָר איז אַסיגנירט געוואָרן אַפ פאָלקס־בילדונג 479,2 מיליאָן רובל.

די באַפרײַטע פעלקער פון ווײַסרוסלאַנד שאַפן אויך זייער אייגענע קונסט. און ביז־רעוואָליוציאָנערן ווײַסרוסלאַנד זײַנען גאָרניט געווען קיין טעאַטערן. ס׳זײַנען בלויז געווען עטלעכע קלובן פאַר אַדלטום. פאַרן פעריאָד פון דער סאָוועטנמאַכט זײַנען אין ווײַסרוסלאַנד געשאַפן געוואָרן אייגענע נאַציאָנאַלע טעאַטערן: דער ווײַסרוסישער מעלוכישער דראַמאַטישער טעאַטער, דער ווײַסרוסישער מעלוכע־טעאַטער פון אָפּערע און באַלעט, פאַר וועלכן עס ווערט צום 20־טן יאָרטאָג פון גרויסן אָקטיאַבער פאַרענדיקט די בויונג פון אַ פּרעכטיקער געבײַדע; דער מעלוכישער ייִדישער דראַמאַטישער טעאַטער, דער מעלוכישער טעאַטער פון יונגן צושויער און אַנד.

אין 1937 י. איז געשאַפן געוואָרן און עס אַרבעט די ווײַסרוסישע מעלוכישע פילאַרמאָניע. אין ווססר זײַנען פאַראַן אויך אַ קאָנסערוואַטאָריע, מוזיקאַלע שולן, אין וועלכע עס לערנען זיך 3500 מאַן.

ווענג קינאָ האָבן אינעם ביז־רעוואָליוציאָנערן ווײַסרוסלאַנד די ברייטע מאַסן אַרבעטנדיקע אפילו קיין פאָרשטעלונג ניט געהאַט. אין 1914 יאָר זײַנען אין גאַנץ ווײַסרוסלאַנד געווען אינגאַנצן 23 קינאָ־אײַנשטעלונגען און אויך נאָר אין די שטעט. איצט האָבן מיר אין ווססר 1029 קינאָ־אײַנשטעלונגען (פון זיי 278 קלאַנג־קינאָען), דערבײַ אין די שטעט — 271 קינאָ־אײַנשטעלונגען, אין די קאָלווירטן און סאָווירטן — 758.

קאָלאָסאַלע דערפאָלגן האָבן מיר אַפן געביט פון געזונט־פאַרהיטונג. אויב אין 1914 יאָר האָט אין ווײַסרוסלאַנד דער ביודזשעט אַפ געזונט־פאַרהיטונג באַטראָפן 800 טויזנט רובל, באַטרעפט ער אין 1937 יאָר 206.024.600 רובל. אויב אין 1914 יאָר זײַנען געווען 118 שפיטאָלן מיט 2900 בעטלעך, איז אין 1937 י. — 239 שפיטאָלן מיט 15959 בעטלעך. די צאָל אַמבולאַטאָריעס איז אויסגעוואַקסן פון 198 ביז 591.

די דאָזיקע אַלע פאַקטן באַווײַזן אָנשוילעך, ווי שאַרף עס האָט זיך געענדערט דער אויסזען פון אונדזער סאָוועטן־ווײַסרוסלאַנד. פון אַן אָפּגעשטאַנענעם, אָרעמן, אומקולטורעלן, פּעאָראַל־אייגנטימערישן לאַנד האָט זיך עס פאַרוואַנדלט פאַר די יאָרן פון דער סאָוועטנמאַכט אין אַ מעכטיקער סאָציאַליסטישער רעפובליק, וואָס איר באַפעלקערונג לעבט אַ פאַרמעגלעכן קולטורעל לעבן.

דעם גרויסן אַלפאָלקישן יאָנטעוו — דעם 20־טן יאָרטאָג פון דער גרויסער אָקטיאַבערישער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע באַגעגענען די אַרבעטנדיקע פון סאָוועטן־ווײַסרוסלאַנד מיט אַ נײַעם אופשטײַג פון סאָציאַליסטישן געוועט און פון סטאַכאַנאָווישער באַוועגונג אַפ די פאַבריקן און זאַוואָדן, אין די קאָלווירטן און סאָווירטן,

מיט נאָכ א גרעסערנ שווּנג פונ דער פּאָליטישער אקטיװקײַט אינ דער צוגרייטונג צו די וואלנ אינ העכסטנ ראט פונ פססר.

דאָס ווײַסרוסישע פאָלק וייס, אז פאר אלע אונדזערע דערפאָלגנ האָבנ מיר צו פארדאנקענ פריִער פונ אלצ אונדזער סאָוועטישער רעגירונג פונ פססר, דער באָלשעוויסטישער פארטיי, איר לעניניש־סטאלינישנ צענטראל־קאָמיטעט אונ פערזענלעכ דעם כאווער סטאלינ.

די סאָנים פונ פאָלק, די דרײַמאָל פאראכטע פארעטער פונ היימלאנר—די טראָצקיסטנ, בוכארינצעס, נאציִאָנאל־פאשיסטנ אונ אנדערע פאשיסטישע געדונגענע האָבנ, אופהאלטנדיק זיכ אינ סאָוועטנ־ווײַסרוסלאנד, געפירט א פײַנטלעכע, שעדיקערישע ארבעט, טרוימענדיק וועגנ אָפרײַסנ סאָוועטנ־ווײַסרוסלאנד פונעם גרויסנ פארבאנד סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליקנ אונ אָנבינדנ די ארבעטנדיקע ווידער די עקספלואטאטאָרנ, קאפיטאליסטנ אונ גוטבאזיצער, אײַנשטעלנ פאשיסטישע פאראָנדקעס. זייער פײַנטלעכע ארבעט פלעגנ זיי ווענדנ אפ צו אָפנעמענ בא די פעלקער פונ ווײַסרוסלאנד די קאָלאָסאלע דעראָבערונגענ, וועלכע זיי האָבנ זיכ דערשלאָגנ פאר די 20 יאָר פונ דער סאָוועטנמאכט.

אונטער דער אָנפירונג פונ צק אלקפ(ב) אונ פערזענלעכ פונ כאווער סטאלינ, בא דער אומיטלבארער הילפ פונ אונדזערע רומפולע אָרגאנענ פונ נקווד, אינדערשפיצ מיטנ בעסטנ סטאלינעצ נ. אי. יעזשאָוו—האָבנ די באָלשעוויקעס פונ ווײַסרוטלאנד געקענט דעמאסקירנ די דאָזיקע פאשיסטישע דעגענעראטנ, שפּיִאָנענ, דיווערסאנטנ אונ מערדער, האָבנ געקענט אופדעקנ זייערע פײַנטלעכע נעסטנ אונ פארניכטנ.

דער היסטאָרישער באשלוס פונ ראטפאָלקאָם פססר אונ פונ צק אלקפ(ב) פארנ 2 אווגוסט 1937 י. וועגנ ליקווידירנ די פאָלגנ פונ דער שעדיקערײַ אינ דער קאָלווירטישער אײַנאָרדענונג אונ וועגנ הילפ דעם קאָלווירטישנ פויערטום פונ ווײַסרוסלאנד האָט ארויסגעוויזנ א קאָלאָסאלע הילפ אינעם שנעלסטנ ליקווידירנ די פאָלגנ פונ דער שעדיקערײַ. די ארבעטנדיקע פונ ווײַסרוסלאנד האָבנ אלס ענטפער אפ דעמ דאָזיקנ באשלוס פונ דער פארטיי אונ רעגירונג נאָכ שטארקער באהעפט זייערע רייענ ארומ אונדזער פארטיי פונ לעניג־סטאלינ, ארומ דעם לערער אונ פרײַנט פונ ווײַסרוסישנ פאָלק—כאווער ס ט א ל י נ, זיי פארפעסטיקנ נאָכ סאָלידארער די קאָלווירטישע אָרדענונג, קאָרטשעווען אויס די לעצטע וואָרצלענ פונ די פאראכטע שעדיקער. אפנ גרונט פונ דעם דאָזיקנ באשלוס וועלנ די באָלשעוויקעס פונ ווײַסרוסלאנד, אונטער דער אָנפירונג פונ צק אלקפ(ב) אונ פונ כאווער ס ט א ל י נ, קענענ ביזנ סאָפ אויסקאָרטשעווען אלע שפּיִאָנענ, דיווערסאנטנ אונ שעדיקער, נאָכ בעסער פארפעסטיקנ די קאָלווירטישע אָרדענונג.

די באָלשעוויקעס פונ ווײַסרוסלאנד ליקווידירנ דערפאָלגרײַכ אפנ גרונט פונ דעם דאָזיקנ באשלוס, אונטער דער אָנפירונג פונ צק אלקפ(ב) אונ פערזענלעכ פונעם כאווער סטאלינ, די פאָלגנ פונ דער שעדיקערײַ. איצט זײַנענ אומגעקערט געוואָרנ די קאָלווירטנ 230 טויזנט העקטאר ערד, וואָס איז ניט געזעצלעכ אָפגעשניטנ געוואָרנ בא זיי, עס איז איבערגעגעבנ געוואָרנ אינ אייביקנ באנוצ 480 טויזנט העקטאר וואלד, 93 טויזנט העקטאר וואלד־שטאָכים; ס'זײַנענ אומגעקערט געוואָרנ די קאָלווירטניקעס

32 טויזנט העקטאַר בײַהויפישע באַצירקנ, וואָס זײַנענ אומגעזעצלעכ בא זיי אָפּגענומענ געוואָרנ דורכ די שעדיקער.

פאַר די קאָלווירטניקעס פונ ווײַסרוסלאַנד זײַנענ אויכ אָפּגעלאָזנ געוואָרנ 800 טויזנט קובאָמעטער בוי־געהילצ אונ 1 מיליאָנ 200 טויזנט קובאָמעטער האָלצ.

איצט באַגעגנט דאָס קאָלווירטישע פויערטומ דעמ גרויסנ יובילײ—דעמ 20־טנ יאָרטאָג פונ אָקטיאַבער מיט אַ פריידיקנ, פאַרמעגלעכנ אונ קולטורעלנ לעבנ.

אָבער אָפּמערקנדיק אונדזערע זיגנ, דאַרפנ מיר זיכ ניט פאַרײַסנ. צעגראָמירנדיק אונ פאַרניכטנדיק די פײַנטלעכע נעסטנ, דאַרפנ מיר מיט נאָכ אַ גרעסערער אַקשאָנעס אונ אײַנגעשפּאַרטקײַט ביזנ סאָפּ אויסקאָרטשעווענ די רעשטלעכ פונ די ניט־דערשלאָגענע סאָנימ. מיר דאַרפנ געדענקענ, אַז די גרונט־אויפגאַבע פונ יעדער פאַרטייִשנ אונ ניט פאַרטייִשנ באָלשעוויק איז איצט, ווי עס ווײַזט אָנ דער כאַווער סטאַלינ—באַהערשנ דעמ באָלשעוויזמ. אויפנ גרונט פונ דער דאָזיקער אָנווײַזונג פונ כאַווער סטאַלינ, דאַרפנ מיר נאָכ מערער דערציִענ אינ זיכ אַ באָלשעוויסטישע אומקאָמפּראָמיסלעכקײַט צו די סאָנימ, קענענ דערקענענ דעמ סוינע, מיט וואָס פאַר אַ מאַסקע ער זאָל זיכ ניט צודעקנ. קענענ צעגראָמירנ די סאָנימ, קענענ פאַריכטנ אַפ אַ באָלשעוויסטישנ אויפנ אַלע פעלערנ אינ אונדזער אַרבעט, וועלכע פאַרגרינגערנ די טעטיקײַט פונ די סאָנימ—אַזאַ איז די אויפגאַבע.

מיר וועלנ מיט די דאָזיקע אַלע אויפגאַבנ זיכ ספּראַווענ מיט ערע, ווײַל מיט אונדז פירט אָנ דער לענינ־סטאַלינישער צק אַלקפּ(ב), ווײַל מיט אונדז פירט אָנ טאָגטעגלעכ דער כאַווער סטאַלינ.

אָט פאַרוואָס, גייענדיק צומ פײַערלעכנ יאָנטעוו, גיבנ אָפּ די פעלקער פונ סאָוועטנ־ווײַסרוסלאַנד דאָס ערשטע וואָרט פונ ליבע אונ איבערגעגעבנקײַט אונדזער גרויסנ אונ טײַערנ כאַווער סטאַלינ.

אָט פאַרוואָס איצט, אינ די טעג פונ דער וואַל־קאַמפּאַניע רוקנ אַרויס די אַרבעטנדיקע פונ ווײַסרוסלאַנד אָפּ זייערע פילקעפּיקע פאַרוואַל־פאַרזאַמלונגענ אָפּ די זאַוואָדנ, פאַבריקנ אונ אינ די קאָלווירטנ אַלס ערשטע קאַנדידאַטנ פאַר דעפּוטאַטנ אינ העכסטנ ראַט פונ פססר דעמ כאַווער סטאַלינ אונ זײַנע געטרײַע מיטקעמפער—די כ׳כ מאָלאָטאָוו, וואָראָשילאָוו, קאַגאַנאָוויטש, מיקאָיאַנ, אַנדרייעוו, טשובאַר, זשדאַנאָוו, יעזשאָוו—יענע, וואָס האָבנ צוזאַמענ מיט לענינענ געפירט די פעלקער פונ פססר צומ אַראָפּוואַרפנ די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג אונ האָבנ געבראַכט צומ זיג, יענע, וואָס פירנ צוזאַמענ מיטנ כאַווער סטאַלינ—דעמ בעסטנ פאָרזעצער פונ לענינס זאַכ—די אַרבעטנדיקע פונ אונדזער היימלאַנד פונ איינ זיג צומ צווייטנ.

אָט פאַרוואָס דעמ כאַווער סטאַלינס נאָמענ איז אַזוי נאָענט יעדנ אַרבעטנדיקנ. דער דאָזיקער נאָמענ ווערט אַרויסגערעדט מיט אַנטציקונג אונ ליבע אינ אַלע ווינקעלעכ פונ אונדזער סאָוועטנ־ווײַסרוסלאַנד.

די וואַלנ אינ העכסטנ ראַט פונ פססר איז פאַר אונדזער פאַרטייִשער אָרגאַניזאַציע, פאַר די ווײַסרוסישע באָלשעוויקעס אַנ ערנסטער עקזאַמענ. דער איקער איז אינ דער וואַל־קאַמפּאַניע ניט אָפּגרענעצנ זיכ פונ די אומפּאַרטייִשע, נאָר אַרבעטנ צוזאַמענ מיט די אומפּאַרטייִשע אונ צוזאַמענ מיט זיי אַרויסרוקנ אַלס קאַנדידאַטנ אונ אויסוויילנ פאַר דעפּוטאַטנ אינ העכסטנ ראַט די סאַמע בעסטע מענטשנ, מענטשנ

ערלעכע אונ ביזנ סאָפ איבערגעגעבענע דער זאכ פונ דער פארטיי פונ לענינ־סטאלינ, דער זאכ פונ קאָמוניזמ.

מיר פארזיכערנ דעמ צק אלקפ(ב) אונ פערזענלעכ דעמ כאווער סטאלינ, אז די דאָזיקע אופגאבע וועלנ מיר אויספילנ מיט ערע.

די באָלשעוויקעס פונ ווײַסרוסלאנד זײַנען אלעמאָל געווענ געטרײַ אונ איבערגעגעבנ דער זאכ פונ לענינ־סטאלינ, דער זאכ פונ דער סאָציאליסטישער בויונג, זיי זײַנענ געווענ אונ וועלנ זײַנ ביזנ סאָפ איבערגעגעבנ דער זאכ פונ קאָמוניזמ, זיי וועלנ דינענ אלס זיכערער אָנשפאר פאר אונדזער לענינישסטאלינישנ צענטראל־קאָמיטעט, פאר אונדזער גרויסנ סטאלינ אונ וועלנ אנטשיידנ פירנ א קאמפ קעגנ אלע סאָנימ פונ דער פארטיי אונ פונ פאָלק.

---

מ. גאָרקי

# דאָס געבורט פונ א מענטשנ

דאָס איז געווענ אינ צוויי אונ נײַנציקסטנ יאָר, אינ דער הונגער־צײַט, צווישנ סוכום אונ אָטשעמטשירי, אפנ ברעג פונ דער טײַכ קאָדאָר, ניט ווײַט פונ יאם—דורכ דעם פריילעכנ גערויש פונ די ליכטיקע וואסערנ פונעם בארג־טײַכל האָט זיכ דײַטלעכ געהערט דער אומקלאָרער געפליעסק פונ די יאם־כוואליעס.

הארבסט. אינעם ווײַסנ שוים פונ קאָדאָר האָבנ זיכ ווי קליינינקע געשווינדע לאקסנ געדרייט אונ געפינקלט געלע בלעטער פונ לאָרבער־ווײַנשלביימער. איכ בינ געזעסנ אפ שטיינער לעמ טײַכ אונ געטראכט, אז די מעווע אונ יאמ־ראָבנ נעמענ אויכ מיסטאָמע אָנ די בלעטער פאר פיש אונ—נארנ זיכ אָפ, אָט פארוואָס זיי שרײַענ אזוי פארדראָסיק, דאָרטנ רעכטס, הינטער דיביימער, ווו ס׳פליעסקעט דער יאם.

די קאשטאנענ איבער מיר זײַנענ באפוצט מיט גאָלד, בא מײַנע פיס—אסאכ בלעטער, ענלעכע אפ אָפגעהאקטע דלאָניעס פונ עמיצנס הענט. די צווײַגנ פונ א האָרנבוים, וואָס אפ יענער זײַט, זײַנענ שוינ נאקעט אונ הענגענ אינדערלופטנ ווי א צעריסענע נעץ; אינ איר, פונקט ווי א געפאנגענער, שפרינגט א רויט־געלער בארגיקער פיקהאָלץ, קלאפט מיט דער שווארצער נאָז אָנ דער קאָרע פונ שטאם, ארויסטרײַבנדיק פונדאָרטנ די אינזעקטנ, אונ די געשיקטע בלויערלעכ אונ העל־בלויע פיקערס—די געסט פונ ווײַטנ צפונ—שלינגענ זיי.

לינקס פונ מיר האָבנ זיכ איבער די שפיצנ בערג שווער צעשפרייט רויכיקע וואָלקנס אונ דראָענ מיט א רעגנ. עס פויזענ פונ זיי שאָטנס איבער די גרינע אָפ־האנגענ, ווו עס וואקסט דער רויטער שאמשיט־בוימ, אונ אינ די אויסהוילונגענ פונ די אלטע בוקנ־בוימער אונ ליפעס קענ מענ געפינענ „שיקערנ האָניק“, וועלכער האָט אינ דער אוראלטער צײַט שיר ניט אומגעבראכט מיט זײַנ שיקערער זיסקײַט די סאָלדאטנ פונ פאָמפיי דעמ גרויסנ, דער האָניק האָט דעמלט ארויפגעשלאָגנ פונ די פיס א גאנצנ באטאליאָנ אײַזערנע רוימער; די בינענ מאכנ אים פונ די קוויטנ פונ לאָרבער־בוימער אונ אזאליעס אונ „פארבײַגייענדיקע“ מענטשנ נעמענ אים ארויס פונ די אויסהוילונגענ אונ עסנ, אָנשמירנדיק אפ לאוואש—א דינער פלעצל פונ ווייצענע מעל.

דערמיט האָב איכ זיכ פארנומענ, זיצנדיק אפ די שטיינער אונטער די קאשטא־נענ, א שטארק צעביסענער פונ די בייזע בינענ—איכ האָב געטונקט שטיקלעכ ברויט

אין א קעסעלע, פול מיט האָניק, געגעסן און אָנגעקוואָלן פון דער פוילער שפיל פון דער הארבסטיקער מידער זון.

הארבסט־צײַט אפ קאווקאז, איז פונקט ווי אין א רײַכן קלויסטער, וועלכן ס׳האָבן אויסגעבויט גרויסע כאכאָמים—זיי זײַנען אלעמאָל אויך גרויסע זינדיקער—קעדיי אויסבאהאלטן זייער אָוועך פון די שארפזיכטיקע אויגן פונעם געוויסן, האָבן זיי אויסגעבויט אַן אומענדלעכן טעמפל פון גאָלד, פון טורקיזן, פון סמאראגדן, צעהאנגען איבער די בערג די בעסטע טעפיכער, וואָס די טורקמענער אין סאמארקאנד און אין שעמאכא האָבן אויסגעניית מיט זײַד, בארויבט די גאנצע וועלט און אלצדינג געבראכט אהער, דער זון פאר די אויגן, ווי וועלנדיק זאָגן איר:

— דײַנע—פון דײַנע—דיר!

... איך זע, ווי לאנגבערדיקע גרויע ריזן, מיט מוירעדיק־גרויסע אויגן פון פריילעכע קינדער לאָזן זיך אראָפּ פון די בערג, באפוצן די ערד, זייען אומעטום מיט א פולער האנט פארשיידנפארביקע אוצרעס, באדעקן די בארגשפיצן מיט גראָבע פלאסטן זילבער און די טרעפּ זייערע—מיט א לעבעדיקן געוועב פון פילארטיקעביימער, און—אומזיניק־שיין ווערט אונטער זייערע הענט דאָס דאָזיקע שטיקל געבענטשטע ערד.

אַן אויסגעצייכנטע שטעלע—זײַן א מענטש אפ דער ערד, וויפל וואונדערלעכע זאכן דו זעסט, ווי פּײַנלעך־זיס עס רעגט זיך דאָס הארץ אין שטילער אנטציקונג פאר דער שיינקײַט!

נו, יאָ—צײַטנווײַז איז שווער, די גאנצע ברוסט גיסט זיך אָן מיט גליִענדיקער סינע, און א בענקשאפט זויגט גיריק דאָס בלוט פון הארץ. נאָר—דאָס איז געגעבן געוואָרן ניט אפ אלעמאָל, אויך דער זון איז דאָך אָפטמאָל זייער טרויעריק־לעך קוקן אפ די מענטשן: זי האָט זיך אזוי פיל באמיט צוליב זיי, און—ס׳האָבן זיך ניט אײַנגעגעבן די מענטשעלעך...

פארשטענדלעך, עס זײַנען פאראן ניט ווייניק גוטע, נאָר—זיי דארף מען פארריכטן אָדער—בעסער—איבערמאכן פונדאָסנײַ.

... איבער די קוסטעס, לינקס פון מיר, וויגן זיך שווארצע קעפּ: אינעם גערויש פון די יאם־כוואליעס, אין די טײַגעס פונעם טײַך הערט זיך קוים ווי עס קלינגען מענטשלעכע שטימען—דאָס גייען „הונגערנדיקע" אפ ארבעט קיין אָטשעמטשירי פון סוכום, וווּ זיי האָבן דורכגעלייגט א שאָסיי.

איך קען זיי—ווי זײַנען אָרלאָווער, איך האָב צוזאמען מיט זיי געארבעט און נעכטן צוזאמען צערעכנט זיך און אוועק, איך בין אוועק פריִער פון זיי, בא־נאכט, קעדיי באגעגענען דעם זון־אופגאנג אפן ברעג פון יאם.

פיר מאנצביל און א פרוי מיט ברייטע קינבאקן, א יונגע, א טראָגעדיקע, מיט א מוירעדיק־גרויסן בויך, אופגעבלאָזן צו דער נאָז און מיט דערשראָקן־אויסגעגלאָצטע אויגן פון א בלוילעך־גרויען קאָליר.

איך זע איבער די קוסטעס איר קאָפּ אין א געלן טיכל, דער קאָפּ וויגט זיך, ווי א בליִענדיקער זונרויז אונטערן ווינט. אין סוכום איז בא איר געשטאָרבן דער

מאנ—ער האָט זיכ איבערגעגעסנ מיט פרוכטנ. איכ האָב געוויגט איג א באראק צווישנ אָט די דאָזיקע מענטשנ: לויט דער גוטער רוסישער געוווינהייַט האָבנ זיי געשמועסט וועגנ זייערע אומגליקנ אזוי פיל אונ הויכ, אז זייערע רייד, וואָס האָבנ געוועקט, האָבנ זיכ געהערט אפ א וויאָרסט זיבנ ארומ.

דאָס זייַנענ אומעטיקע מענטשנ, דערשלאָגענע פונ זייערע צאָרעס, די צאָרעס האָבנ זיי ארױפגעריסנ פונ זייער אייגענער, מידער פארדאָרבנ געוואָרענער ערד, אונ ווי א ווינט פארטראָגט די טרוקענע הארבסטיקע בלעטער, פארטראָגנ זי אהער, ווו דער פראכט פונ דער אומבאקאנטער נאטור האָט זיי פארוווּנדערט אונ פארבלענדט, אונ ווו די שווערע ארבעטס־באדינגונגענ האָבנ ענדגילטיק דערשלאָגנ אָט די מענטשנ. קוקנדיק אפ אלצדינג דאָ, האָבנ זיי פארלאָרנ געפינטלט מיט די אָפגעבליאקעוועטע, טרויעריקע אויגנ, נעבעכדיק געשמייכלט איינע צו די אנדערע אונ שטיל גערעדט:

— איי־איי... סארא ערד...

— מאמעש—עס שפארט פונ איר.

— יאָ־יאָ... אונ זעסט דאָכ—א שטיינערדיקע...

— מע דארפ זאָגנ, אז ס׳איז ניט קיינ באקוועמע ערד...

אונ מע האָט גענומענ דערמאָנענ דעמ פערדישנ טאָל, די טרוקענע האָנע, די־נאסע—די אייגענע ערטער, ווו יעדער הויפנ ערד איז געווענ דער געביינ פונ זייערע זיידעס, אונ אלצ איז פארקריצט אינ זיקאָרנ, באקאנט, טייַער—אויסגעווייקט אינ זייער שווייס.

ס׳איז געווענ דאָרטנ מיט זיי נאָכ איינ פרוי—א הויכע, א שלאנקע, א גלייַכע, ווי א ברעט, מיט פערדישע ברייטע קינעג אונ מיט אנ אויסגעלאָשענעמ קוק פונ אירע קאָסע אויגנ, וואָס זייַנענ געווענ שווארצ ווי קוילנ.

אינ די אָוונטנ פלעגט זי צוזאמענ מיט דער, וואָס אינ געלבנ טיכל, אוועקגיינ הינטערנ באראק, פלעגט דאָרטנ זיצנ אפ א הרודע שטיינדלעכ, אוועקלייגנ די באק אפ דער דלאָניע, דעמ קאָפ אָנבויגנ אָנאזייַט אונ פלעגט זינגענ מיט א הויכער, בייזער שטימ:

הינטער צווינטער...
 אינ די גריי־ינע קרוסטעס —
אפ די זעמדעלעכ...
 וועל איכ אויסשפרייטנ א טיכל...
כ׳וועל זיכ עפשער דאָרט...
 דערוואַרטנ אפ מייַנ ליבנ...
ער וועט קומענ...
 וועל איכ גריסנ זיכ מיט אימ...

די געלע פלעגט, ווי געווייַנלעכ, שווייַגנ, פלעגט אייַנבויגנ דעמ האלדז אונ באטראכטנ דעמ בויכ אירנ, נאָר אנ אנדערשמאָל פלעגט זי פלוצלינג, אומגעריכט

פויל און געדיכט מיט א מאנצבלשער, הייזעריקלעכער שטים אָנהייבן זינגען מיט יאָמערלעכע ווערטער:

אָי, מײַן ליבער...
אָי, ס'איז ווי און ווינד צו מיר...
ניט באשערט מיר...
מער צו זען זיך שוין מיט דיר...

אין דער שווארצער דושנער פינצטערניש פון דער דאָרעמדיקער נאכט פלעגן אָט די טרויעריקע שטימען דערמאָנען אָן דעם צאָפן, אָן שנייִקע מידבאָריעס, אָן דעם געוואָי פון מעטעליצעס און אָן א ווײַטן געיאָמער פון וועלף...

דערנאָך איז די פרוי, וואָס מיט די קאָסע אויגן, קראנק געוואָרן אפ א פיבער און מע האָט זי אוועקגעטראָגן אין שטאָט אפ א טראָג־ברעטל פון ברעזענט—זי איז געלעגן אפן טראָג־ברעטל און זיך געטרייסלט, נערוועס, גלײַך זי וואָלט פאַרגע־זעצט איר ליד וועגן דעם צווינטער און די זעמדעלעך.

... שווימענדיק אינדערלופטן, איז דער געלער קאָפּ פארשוונדן.

איך האָב געענדיקט מײַן פרישטיק, פארדעקט מיט בלעטער דעם האָניק אין קעסעלע, פארבונדן דעם קלומעק און ניט אײַליק געלאָזן זיך נאָך די אוועקגעגאנ־גענע, אונטערקלאפנדיק מיט מײַן קיזיל־שטעקן אָן דעם הארטן גרונט פון וועג.

אָט בין איך אויך אתּון שמאָלן, גרויען פאס פונעם וועג; רעכטס—וויגט זיך דער געדיכט־בלויער יאם, פונקט ווי אומזיכטבארע טשעסליארעס וואָלטן אים געסטרוהעט מיט טויזנטער הובלען—די ווײַסע סטרושקעס לויפן שורשענדיק צום ברעג, גע־טריבן פון ווינט, וואָס איז פײַכט, ווארעם און דופטיק, ווי דער אָטעם פון א גע־זונטער פרוי. א טערקישע קליינע שיף האָט זיך אָנגעבויגן אפן לינקן באָרט און שווימט קיין סוכום מיט אָנגעבלאָזענע זעגלען, ווי די אָנגעבלאָזענע גראָבע באקן פון איינעם א סאָלידן סוכומער אינזשעניער—אַן ערנסטער מענטש. עפעס פלעגט ער שטענדיק זאָגן אָנשטאָט שטילער—„סטילער" און „כאָטס" אָנשטאָט כאָטש.

— סטילער! כאָטס דו ביסט טאקע א פלינקער, נאָר איך וועל דיך מאָמענטאל אין דער פאָליציי...

ער האָט ליב געהאט אויסרײַכטן מענטשן אין דער פאָליציי, און ס'איז גוט צו טראכטן, אז מיסטאָמע האָבן אים שוין פון לאנג קייוער־ווערים ארומגעהריזשעט די ביינער.

... ס'איז גרינג צו גיין, גלײַך דו שווימסט אינדערלופטן, אָנגענעמע געדאנקען, בונט אָנגעטאָנענע דערמאָנונגען פירן אין זיכאָרן א שטילן טאנץ, אָט דער טאנץ איז אין הארצן, ווי די ווײַסע כוואליעס אפן יאם, זיי זײַנען פונויבן, און דאָרטן, אינדערטיף איז רויִק, דאָרטן שווימען שטיל די ליכטיקע און בויגעוודיקע האָפענונ־גען פון דער יוגנט, ווי זילבערנע פיש אין דער יאם־טיפעניש.

דער וועג ציט זיך צום יאם. דער וועג שלענגלט זיך און פויזעט אונטער נעענ־טער צום זאמדיקן פאס, וווהין עס לויפן די כוואליעס—די קוסטעס ווילט זיך אויך א קוק טאָן די כוואליעס אין פאָנעם ארײַן, זיי בויגן זיך אָן איבער דער סטענגע

פון וועג, פונקט זיי וואָלטן געוווּנקען צו דער בלויער ראַכוועס פונעם וואַסערדיקן מידבער.

פון די בערג האָט א בלאָז געטאָן א ווינט—עס וועט זײַן א רעגן.

... א שטילער קרעכץ אין די קוסטעס—א מענטשלעכער קרעכץ, וואָס טרייסלט אַלעמאָל אוף לײַבלעך-נאָענט דאָס האַרץ.

איך רוק פאַנאַנדער די קוסטעס, און די פרוי, וואָס אין געלן טיכל, זיצט אָנגע-שפּאַרט מיטן פּלייצע אָן א נוסבוים, דער קאָפּ אירער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויפן אַקסל, דאָס מויל איז העסלעך פאַנאַנדערגעצויגן, די אויגן שפּאַרן אַרויס און זײַ-נען אומזיניק; זי האַלט די הענט אויפן מײַרעדיק-גרויסן בויך און אָטעמט אַזוי אומ-נאַטירלעך-שרעקלעך, אַז דער גאַנצער בויך ציטערט און שפּרינגט, און די פרוי האַלט אים אונטער מיט די הענט און רעוועט פאַרשטיקטערהייט, אַנטבלויזנדיק אירע געלע, וועלפישע ציין.

— וואָס—מע האָט דיך געשלאָגן?—האָב איך געפרעגט און אָנגעבויגן זיך צו איר. זי וואַרפט אום, ווי א פליג, די הוילע פיס אירע, וואָס זײַנען אין אַשיקן שטויב, שאָקלט אום מיטן שווערן קאָפּ און כליפּעט:

— אוועק... אומפאַרשעמטער... גיי אוועק...

איך האָב פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר—דאָס האָב איך שוין איינמאָל געזען—איך האָב, פאַרשטייט זיך, דערשראָקן זיך, איך בין אָפּגעשפּרונגען, און די פרוי האָט הויך און אָפּגעצויגן זיך צעיאָמערט, פון אירע אויגן, גרייטע צו פּלאַצן, האָבן א שפּראָץ געטאָן מוטנע טרערן און אַוועקגערונען איבערן רויטן, שטאַרק-אָנגעשטרענגטן פּאָנעם.

דאָס האָט מיך געצווּנגען אומקערן זיך צו איר, איך האָב אַראָפּגעוואָרפן אויף דער ערד דעם קלומעק, דעם טשײַניק, דאָס קעסעלע, אַוועקגעלייגט זי מיטן פּלייצע אויף דער ערד און געוואָלט צונויפבויגן איר די פיס אין די קני—זי האָט מיר א זעץ געטאָן מיט די הענט אין פּאָנעם און אין ברוסט, אָפּגעשטויסן מיך, האָט זיך אָפּגעקערט און, ווי א בעריכע, מיט א ריטשעניש, מיט א כריפּעניש, אַוועק אויף אַלע פיר ווײַטער אין די קוסטעס.

— גאַזלענ... רוצח...

עס האָבן זיך אונטערגעהאַקט די הענט בא איר, זי איז געפאַלן, א שטעק גע-טאָן זיך מיטן פּאָנעם אין דער ערד, אויפדאָסנײַ זיך צעיאָמערט און מיט א קראַמפּ-ציטער בענומענע אויסציִען די פיס.

אין היץ פון אופרעגונג, האָב איך זיך גיך דערמאָנט אָן אַלץ, וואָס איך האָב געהערט וועגן אַזעלכע איניאָנים, איך האָב זי איבערגעקערט אויפן פּלייצע, צונויפגע-בויגן די פיס—בא איר איז שוין אַרויס דער פענכער, וואָס לעם געבורט-אָרט.

— ליג, באַלד וועסטו אָפּהאָבן...

איך בין אַוועקגעלאָפן צום יאַם, פאַרקאַשערט די אַרבל, אויסגעוואַשן די הענט, אומגעקערט זיך און—געוואָרן אַן אַקושאָר.

די פרוי האָט זיך געקאָרטשעט, ווי בערעסטע אויפן פײַער, געפּאַטשט מיט די הענט אָן דער ערד אַרום זיך, געריסן דעם אָפּגעבליאַקעוועטן גראָז און אַלץ גע-וואָלט פאַרשטאָפּן זיך דאָס מויל, באַשאָטן מיט ערד איר שרעקלעכן, ניט מענטשישן

פאָנעמ מיט די ווילד געוואָרענע אויגנ, אָנגעגאָסענע מיט בלוט, אונ דער פענכער האָט שוינ געפּלאצט, אונ ס׳האָט זיכ גענומענ ארויסשנייַדנ א קעפּל,—איכ האָב געדארפט אייַנהאלטנ דעמ קראמפּ-ציטער פונ אירע פיס, העלפנ דעמ קינד אונ אכטונג געבנ, זי זאָל ניט שפּארנ קיינ גראָז אינ איר אויסגעקרימטנ, יאָמערנדיקנ מויל...

מיר האָבנ אביסל געזידלט איינע די אנדערע, זי—דורכ די ציינ, איכ—אויכ ניט הויכ, זי—פונ ווייטיק, אונ, מיסטאָמע, פאר ביזאָיענ, איכ—פונ לייַכטער פארלאָרנקייַט אונ פונ פייַנלעכנ ראכמאָנעס צו איר...

— ג־גאָטעניו מייַנער,—כליפּעט זי, די בלויע ליפּנ אירע זייַנענ פארביסנ אונ אינ שוימ, אונ פונ די אויגנ, וואָס זייַנענ פּלוצלינג, ווי אָפּגעבליאקעוועט געוואָרנ אפ דער זונ, הערנ זיכ ניט אופ צו גיסנ אָט די טרערנ פונ אומדערטרעגלעכע מוטערליידנ, אונ דער גאנצער קערפּער ברעכט זיכ אונ טיילט זיכ אפ צווייענ.

— אוועק־עק, מעכאבל...

מיט שוואכע, אויסגעדרייטע הענט שטויסט זי מיכ אלץ אָפּ, איכ רייד איבערצייַגנדיק:

— נאָר דו, האָב בעסער אָפּ וואָס גיכער...

ס׳איז מיר א פייַנלעכער ראכמאָנעס אפ איר, אונ ס׳דאכט זיכ, אז אירע טרערנ האָבנ א שפּראָץ געטאָנ אינ מייַנע אויגנ, דאָס הארצ האָט צונויפגעפּרעסט א בענקשאפט, עס ווילט זיכ שרייַענ אונ איכ שרייַ:

— נו, גיכער!

אונ אָט—אפ די הענט בא מיר איז א מענטש—א רויטער. כאָטש דורכ טרערנ, נאָר איכ זע—ער איז אינגאנצנ רויט אונ איז שוינ ניט צופרידנ פונ דער וועלט, ער וואָרפט זיכ, בויאנעוועט אונ רעוועט געדיכט, כאָטש ער איז נאָכ צונויפגעבונדנ מיט דער מוטער. די אויגנ בא אימ זייַנענ בלוי, די נאָז איז קאָמיש צעקוועטשט אפנ רויטנ צעקנייטשטנ פּאָנעמ, די ליפּנ באוועגנ זיכ אונ לאָזנ ארויס:

— יא־א... יא־א...

אזא גליטשיקער—אזוי ווי דו זעסט קענ ער נאָכ אוועקשווימענ פונ האנט, איכ שטיי אפ די קני, איכ קוק אפ אימ אונ לאכ שטארק—איכ בינ זייער צופרידנ זענ אימ! אונ—איכ האָב פארגעסנ, וואָס מע דארף טאָנ...

— שנייַד...—שעפּטשעט שטיל די מוטער, די אויגנ זייַנענ בא איר פארמאכט, דאָס פּאָנעמ איז אייַנגעפאלנ, האָט באקומענ אנ ערד־קאָליר, ווי בא א טויטנ, אונ די בלויע ליפּנ באוועגנ זיכ קאמ:

— מיט א מעסערל... שנייַד איבער...

דעמ מעסער האָט מענ בא מיר צוגעגאנוועט אינ באראק—איכ בייַס איבער דעמ נאָפּל, דאָס קינד שרייַט קוילע־קוילעס, אונ די מוטער—שמייכלט: איכ זע, ווי וווּנדערלעכ עס צעבליִענ זיכ, ווי ס׳ברענענ אירע טיפע אויגנ מיט א בלויענ פייַער—די טונקעלע האנט זוכט אפנ קליידל די קעשענע, אונ די פארבלוטיקטע, צעביסענע ליפּנ שורשענ:

— ני־יטאָ... קויעכ... טאשמע, קעשענע... איבערבינדנ דאָס פּופּיקל...

איכ האָב ארויסגענומענ די טאשמע, איבערגעבונדנ, זי שמייכלט אלץ העלער,

אזוי גוט אונ העל, אז איכ ווער קימאט פארבלענדט פונ אָט דעם שמייכל.

— ברענג זיכ אינ אָרדענונג, אונ איכ גיי ארומוואשנ אימ...

זי שטאמלט אומרויִק:

— זע נאָר—פאוואָלינקע... זע זשע...

אָט דער רויטער מענטש פאָדערט גאָר ניט קיינ פאָרזיכטיקייט: ער האָט צונויפגעדריקט דעמ פויסט אונ רעוועט, רעוועט, גלייכ ער וואָלט ארויסרופנ גיינ שלאָגנ זיכ מיט אימ:

— יא־א... יא־א...

— דו, דו! פעסטיק זיכ איינ, ברודער־לעבנ, שטארקער, אניט וועלנ דיר נאָענטע מענטשנ טייקעפ דעמ קאָפ ארָאפרייסנ...

באזונדערס ערנסט אונ הויכ האָט ער א געשריי געטאָנ, ווענ ס'האָבנ אימ דאָס ערשטע מאָל ארומגעכאפט די יאמ־כוואליעס, וואָס האָבנ פריילעכ אָפגענעצט אונדז ביידנ. דערנאָכ, ווענ איכ האָב אָנגעהויבנ וואשנ אימ די ברוסט אונ די פלייצקע, האָט ער פארזשמורעט די אויגנ, גענומענ ווארפנ זיכ אונ דורכדרינגלעכ קוויטשענ, אונ די כוואליעס האָבנ איינע נאָכ די אנדערע אלצ געפליעסקעט אפ אימ.

— טומל, אָרלאָווער! שריי מיטנ גאנצנ קויעכ...

ווענ איכ האָב זיכ מיט אימ אומגעקערט צו דער מוטער, איז זי ווידער געלעגנ מיט פארמאכטע אויגנ, געביסנ די ליפנ אונ א קראמפ־ציטער האָט געשטופט פונ איר דעמ אָרט, נאָר ניט געקוקט אפ דעמ, האָב איכ דורכ אירע קרעכצנ אונ זיפצנ, געהערט איר דאנקענדיקע שטימ:

— גיב... גיב אימ אהער...

— ער וועט צוווארטנ.

— גיב אהער...

אונ זי האָט מיט ציטערנדיקע ניט זיכערע הענט צעשפיליעט די קאָפטע אפ דער ברוסט. איכ האָב איר געהאָלפנ באפרייענ די ברוסט, וואָס די נאטור האָט פארגרייט פאר צוואנציק קינדער, צוגעלייגט צו איר ווארעמנ קערפער דעמ ברויזנדיקנ אָרלאָווער, ער האָט טייקעפ אלצ פארשטאנענ אונ אנטשוויגנ געוואָרנ.

— פאָטער אינ הימל, פאָטער אינ הימל,—האָט די קימפעטאָרנ געציטערט אונ געזיפצט אונ גענומענ איבערלייגנ אפנ קלומעק דעמ צעפאטלטנ קאָפ אירנ פונ איינ זייט אפנ צווייטנ.

פלוצלינג האָט זי שטיל א געשריי געטאָנ אונ אנטשוויגנ געוואָרנ, דערנאָכ האָבנ זיכ ווידער געעפנט אירע אויסערגעוויינלעכ פראכטפולע אויגנ—הייליקע אויגנ פונ א געווינערנ, בלויע, זיי קוקנ אינ בלויענ הימל, אינ זיי ברענט אונ צאנקט א דאנקבארער, פריידיקער שמייכל. זי האָט אופגעהויבנ איר שווערע האנט אונ לאנגזאמ גענומענ ציילעמענ אי זיכ, אי דעמ קינד...

— לויב צו דיר, הייליקע מוטער פונ יעזוסנ... אָכ... לויב צו דיר...

די אויגנ האָבנ זיכ פארלאָשנ, זיינענ איינגעפאלנ, זי שווייגט א לאנגע צייט, קאמ וואָס זי אָטעמט אונ פלוצלינג גיט זי זאכלעכ א זאָג מיט א פעסט געוואָרענער שטימ:

— בינד פאנאנדער, באָכערל, דעמ קלומעק מיינעמ...

איכ האָב פאנאנדערגעבונדנ. זי האָט אפ מיר שטארק א קוק געטאָנ, שוואכינקער־הייט א שמייכל געגעבנ, א רויטקייַט האָט, דאכט זיכ, עטוואָס א בליאסק געטאָנ אפ אירע אייַנגעפאלענע באקנ אונ שווייסיקנ שטערנ.

— קער זיכ אָפ א ווייַלע...

— דו אייסיק זיכ ניט זייער...

— נו, נ... קער זיכ אָפ...

איכ האָב זיכ אָפגעקערט ניס ווייַט אינ די קוסטעס. דאָס הארצ איז, דאכט זיכ, ווי אייַנגעמידט. נאָר אינ ברוסט זינגענ שטיל עפעס אזוינע ווילע פויגלענ, אונ דאָס—צוזאמענ מיטנ ניט געשטילטנ געפליעסק פונעם יאם—איז אזוי גוט, אז מענ קענ הערנ א יאָר נאָכאנאנד...

ערגעצ נאָענט מורמלט א שטראָם—פונקט ווי א מיידל וואָלט דערציילט דער כאווערטע אירער וועגנ איר געליבטנ...

איבער די קוסטעס האָט זיכ אופגעהויבנ א קאָפ אינ א געלנ טיכל, אָנגעטאָנ שוינ ווי געהעריק.

— עי, עי, האָסט צופרי גענומענ אייסיקנ זיכ!

זי האָט זיכ געהאלטנ מיט א האנט אָנ א צווייַגל פונ א קוסט אונ געזעסנ, ווי זי וואָלט אויסגעטרונקענ, אָנ א טראָפּנ בלוט אינ גרויענ פּאָנעם, מיט מוירע־דיק־גרויס בלויע אָזערעס אָנשטאָט אויגנ אונ רירנדיק געשעפּטשעט:

— זע—ווי ער שלאָפט...

— ניי־יינ,—האָט זי געזאָגט, אומאכנדיק מיטנ קאָפּ אפ דעמ צעשרויפטנ האלדז,— איכ דארפ זיכ ברענגענ אינ אָרדענונג אונ לאָזנ זיכ אהינצו קיינ...

— קיינ אָטשעמטשירי?

— אַ־אָט! אונדזערע זייַנענ שוינ, דערמאָנ זיכ, וויפל וויאָרסט דורכגעגאנגענ...

— דו קענסט דענ גייג?

— אונ יעזוסעס מוטער? זי וועט העלפנ...

נו, אויב זי איז שוינ צוזאמענ מיט יעזוסעס מוטער, דארפ מענ שווייַגנ!

זי קוקט אונטער קוסט אפנ קלייניקנ, צופרידנ־אָנגעבלאָזענעמ פּאָנעמ אונ פונ אירע אויגנ גיסנ זיכ וואַרעמע שטראלנ פונ צערטלעכער שייַנ, זי באלעקט די ליפּנ אונ מיט א לאנגזאמער באוועגונג פונ דער האנט גלעט זי די ברוסט.

איכ צינד אָנ א שייַטער אונ לייג אוועק א פּאָר שטיינער, קעדיי אוועקשטעלנ דעמ טשייַניק.

— באלד וועל איכ דיר, מוטער, מעכאבער זייַנ מיט טיי...

— אָ! טרינק מיכ טאקע אָנ... בא מיר איז אלצדינג אייַנגעטריקנט געוואָרנ דאָרטנ אינ ברוסט...

— פארוואָס האָבנ דאָס די לאנדסלייַט דייַנע געלאָזנ דיכ?

— זיי האָבנ מיכ ניט געלאָזנ—פארוואָס! איכ בינ אליינ אָפּגעשטאנענ פונ זיי, אונ זיי זייַנענ געווענ אויסגעטרונקענ, נו... גוט אזוי, ווי וואָלט איכ עס פאר זיי אינ די אויגנ דאָס קינד געהאט...

זי האָט אפ מיר א קוק געטאָנ, פארשטעלט מיטנ עלנבויגנ דאָס פּאָנעם, דערנאָכ האָט זי א שפּייַ געטאָנ מיט בלוט אונ שעמעוודיק א שמייכל געטאָנ.

— דאָס ערשטע קינד בא דיר?
— דאָס ערשטע... ווער ביסטו?
— נו, קעדיימע לעמאָשל, א מענטש...
— פארשטייט זיך, א מענטש! א כאסענע געהאט?
— איך האָב ניט געהאט די ערע...
— ליגסטו?
— צו וואָס?
זי האָט אראָפּגעלאָזן די אויגן און א טראכט געטאָן.
— פונוואנען זשע ביסטו באקאַנט מיט ווייבערשע איניאַנים?
איצטער וועל איך א ליגן זאָגן און איך האָב געזאָגט:
— איך האָב זיך געלערנט אפ דעם. א סטודענט—ווייסט וואָס דאָס איז?
— ווי זשע! בא אונדזער גאלעך איז דער עלטערער זון אויך א סטודענט, גייט אפ גאלעך...
— איך בין אויך טאקע פון אזעלכענע. נו, איך גיי נאָך וואסער...
די פרוי האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ צום זון און געגומען זיך צוהערן—צי אָטעמט ער?—דערנאָך האָט זי א קוק געטאָן אין דער זייט פון יאַם.
— איך וואָלט זיך געדארפט ארומוואשן, נאָר דאָס וואסער איז אומבאקאנט...
וואָס איז דאָס פאר א וואסער? אי געזאלצן, אי ביטער...
— איז וואש זיך ארום טאקע מיט דעם־אָ וואסער—ס'איז געזונטע וואסער!
— ווער ווייס?
— ריכטיק. נאָך ווארעמער, איידער אין א שטראָם, און די שטראָמען דאָ זיינען ווי אייז...
— דו דארפסט דאָך בעסער וויסן...
טראָט בא טראָט איז דורכגעפאָרן אן אבכאזעץ, ער האָט געדרימלט מיט אן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ אפ דער ברוסט. דאָס קליין פערדל, אינגאנצן פון אָדערן, האָט אומגעמאכט מיט די אויערן, קרום א קוק געטאָן אפ אונדז מיט א קיילעכדיקן שווארצן אויג—געגעבן א פאָרשקע, דער רייטער האָט פאָרזיכטיק א טרייסל געטאָן דעם קאָפּ אין דער מאָכנאטער פעלצן־היטל, אויך א קוק געטאָן אין אונדזער זייט און ווידער אראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ.
— סארא אומגעלומפּערטע מענטשן דאָ זיינען, און ס'איז אן איימע א קוק צו טאָן אפ זיי,—האָט די אָרלאָווער פרוי שטיל געזאָגט.
איך בין אוועק. איבער די שטיינער שפרינגט און זינגט א שטראָם וואסער, א ליכטיקער און א לעבעדיקער ווי קוועקזילבער, אין אים שפּילן פריילעך די הארב־סטיקע בלעטער—ווונדערלעך־שיין! איך האָב אויסגעוואשן די הענט, דאָס פּאָנעם, אָנגעגומען א פולן טשייניק וואסער, איך גיי און זע דורך די קוסטעס—זי קוקט זיך אומרויק אום און פויזעט אפ די קני איבער דער ערד, איבער די שטיינער.
— וואָס דארפסטו?
זי האָט זיך דערשראָקן, גרוי געוואָרן און באהאלטן עפּעס אונטער זיך, איך האָב זיך אָנגעשטויסן.
— גיב מיר, איך וועל עס פארגראָבן...

— אָ׳, טײַערינקער! ווי זשע וועט עס זײַן? מע דארף דאָך אין באָד, אונטער פּאָרלאָגע...

— באלד וועט מען דיר דאָ אויסבויען א באָד, זע מאקע!

— דו, שפּאסט, און איך האָב מוירע! פּלוצלינג וועט עס א כײַע גאָר אופּעסן... אינדערצײַט ווען דעם אָרט דארף מען דער ערד אָפּגעבן...

זי האָט זיך אָפּגעקערט אָנאזײַט, האָט מיר דערלאנגט א פּײַכטע, שווערע פארוויקלטע זאך און שטיל און שעמעוודיק געבעטן:

— דו זע—פארגראָב עס וואָס בעסער, טיפער, אין גאָטס נאָמען בעט איך דיר... האָב ראכמאָנעס אף מײַן זונעלע, און מאך עס זיכערער...

... ווען איך האָב זיך אומגעקערט, האָב איך דערזען, ווי זי וואקלט זיך, גייענדיק פון יאם מיט אן אויסגעצויגענער האנט פאָרויס. איר קליידל איז נאס ביז העלפט טאליע, דאָס פּאָנעם איז אביסל רויט געוואָרן און שײַנט ווי פון אינווייניק. איך האָב איר געהאָלפן דערגיין ביזן שײַטער און איך האָב פארוונדערט געטראכט:

— סארא כײַישער קויעך!

דערנאָך האָבן מיר געטרונקען טיי מיט האָניק און זי האָט בא מיר שטילינקערהייט געפרעגט:

— האָסט געוואָרפן דאָס לערנען זיך?

— געוואָרפן.

— גענומען שיקערן, וואָס?

— אינגאנצן, מוטער, גענומען שיקערן!

— אָט א וואָסערער דו ביסט! און איך געדענק דאָך דיר, אין סוכום האָב איך דיך באמערקט, ווען דו האָסט זיך מיטן נאטשאלניק צוליב דעם עסן געקריגט. איך האָב מאקע דעמלט א טראכט געטאָן—גלײַך קענטיס, אז ס׳איז מיסטאָמע א שיקער, האָט פאר קיינעם קיין מוירע ניט.

זי האָט געשמאק באלעקט מיטן צונג דעם האָניק פון די אופּגעשוואָלענע ליפּן, און אלץ געקוקט מיט אירע בלויע אויגן אונטערן קוסט, וווּ ס׳האָט רויִק געשלאָפן דער נײַסטער אָרלאָוועך.

— ווי וועט אים אוועק דאָס לעבן?—האָט זי זיפצנדיק א זאָג געטאָן און גענומען באטראכטן מיך:—דו האָסט מיר געהאָלפן—א דאנק דיר... נאָר צי דאָס איז גוט פאר אים—ווער ווייס...

זי האָט זיך אָנגעטרונקען מיט טיי, אָפּגעגעסן, איבערגעצײלעמט זיך און, פארדער צײַט, וואָס איך האָב צונויפגעקליבן מײַן באלעבאטישקײַט, האָט זי שלעפעריק זיך געוויגט און געדרימלט, געטראכט װעגן עפּעס, קוקנדיק אין דער ערד, ווידער מיט אָפּגעבליאקעוועטע אויגן. דערנאָך האָט זי גענומען אופהויבן זיך.

— צי דען גייסטו?

— איך גיי.

— אָ׳, קימפּעטערן, געדענק!

— און—יעזוסעס מוטער?.. גיב מיר אים אָקאָרשט!

— איך וועל אים טראָגן...

מיר האָבן זיך אביטל געאמפערט, זי האָט מיר נאָכגעגעבן און—מיר זײַנען
איװעק, אקסל צו אקסל, אײנע מיט די אנדערע.

— איך זאָל כאָטש ניט א פאל טאָן,—האָט זי געזאָגט מיט א שולדיקן שמײכל
און אװעקגעלײגט מיר די האנט אפן אקסל.

א נײַער אײַנװױנער פון דער רוסישער ערד, א מענטש מיט אן אומבאװוסטן
גורל איז געלעגן בא מיר אפ די הענט און סאָליד געכראָפּעט. דער יאם האָט גע־
פּליעסקעט און געשורשעט, אלץ אין װײַסן האפט פון די סטרוזשקעס, די קוסטעס
האָבן זיך געשושקעט, די זון האָט געשײַנט. ס'איז שוין געװען נאָך האלבן טאָג.

מיר זײַנען געגאנגען שטיל, אן אנדערשמאָל האָט זיך די מוטער אָפּגעשטעלט,
טיף געזיפצט, פלעגט ארופװארפן דעם קאָפּ ארוף, פלעגט זיך אומקוקן אין אלע
זײַטן, אפן יאם, אפן װאלד, אפ די בערג, און דערנאָך פלעגט זי ארײַנקוקן דעם
זון אין פּאָנעם — די אױגן אירע, אפ דורך און דורך אױסגעשװענקטע מיט טרערן
פון לײַדן, פלעגן װידער װערן װוּנדערלעך־קלאָר, פלעגן װידער אָנהײבן בליִען און
ברענען מיט א פײַער פון אומױסשעפּלעכער ליבע.

אײנמאָל האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— גאָספּאָדי טײַערינקער! סארא גוטסקײַט, סארא גוטסקײַט! איך װאָלט אזױ גע־
גאנגען און געגאנגען, אזש ביז סאמע עק װעלט, און ער, דער זונעלע מײַנער,
װאָלט געװאקסן, װאָלט אלץ געװאקסן אפ דער פרײַ, בא דער מאמעס ברוסט,
טײַערינקער מײַנער...

... דער יאם רױשט... רױשט...

ייִדיש—ה. קאַמענעצקי.

מ. גאָרקי

# די ליד וועגן סאָקאָל

דער מוירעדיק־גרויסער יאַם זיפּצט פויל באַם ברעג און איז איַינגעשלאָפן און אומבאַוועגלעך אינדערוויַיט, וואָס איז באַגאָסן מיט אַ העל־בלויער שיַין פון דער לעוואָנע. אַ ווייכער און אַ זילבערנער האָט זיך דער יאַם צונויפגעגאָסן דאָרטן מיט דעם בלויען דאָרעמדיקן הימל און שלאָפט שטאַרק. ער שפּיגלט אָפּ אין זיך דעם דורכזיכטיקן געוועב פון די וויַיסע קליינע וואָלקנדלעך, וואָס זיַינען אומבאַוועגלעך און באַהאַלטן ניט מיט זיך די גאָלדענע אוזאָרן פון די שטערן. עס דאַכט זיך, אַז דער הימל בויגט זיך אַלץ נידעריקער אָן איבערן יאַם, ווע̄לנדיק פאַרשטיין דעם געמורמל פון די אומרויִקע כוואַליעס, וואָס קריכן שלעפעריק אַפן ברעג.

די בערג, באַוואָקסן מיט ביימער, וואָס דער נאָרד־אָסט האָט מאָדנע־אומגעלומפּערט איַינגעבויגן, האָבן מיט אַ האַסטיקן פאָכ אויפגעהויבן זייערע שפּיצן אין דעם בלויען מידבער איבער זיי, זייערע שטרענגע ליניעס זיַינען געוואָרן קיַילעכדיק און זיַינען אָנגעטאָן אין דער וואַרעמער און צערטלעכער פינצטערניש פון דער דאָרעמדיקער נאַכט.

די בערג זיַינען מעיושעוודיק־פאַרטראַכט. שוואַרצע שאָטנס זיַינען אַראָפּגעפאַלן פון זיי אַף די פּרעכטיקע און גרינלעכע כוואַליעס און פאַרציִען זיי, גלייַך די שאָטנס וואָלטן וועלן אָפּשטעלן די איינציקע באַוועגונג, פאַרהילכן דעם ראַשיקן געפּליעסק פונעם וואַסער און דעם געזיפּצ פונעם שוים,—אַלע קלאַנגען, וואָס צעשטערן די געהיימע שטילקיַיט. און די שטילקיַיט האָט זיך צעגאָסן אַרום צוזאַמען מיט דעם העל־בלויען זילבער פון דער לעוואָנע, וואָס ליגט נאָך באַהאַלטן הינטער די באַרגיקע שפּיצן.

— אַ־אַלאַ־אַ־א־אַק באַר!..—זיפּצט שטיל נאַדיר־ראַגים־ראָגלי, דער אַלטער קרימער טשאַבאַן, דער הויכער, גראָער, טרוקענער און קלוגער זאָקן, וואָס איז אָפּגעברענט פון דער דאָרעמדיקער זון.

מיר ליגן ביידע אַף זאַמד, לעם אַ מוירעדיק־גרויסן שטיין, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון דעם אייגענעם באַרג, און וואָס איז פאַרצויגן מיט אַ שאָטן און באַוואָקסן מיט מאָך,—לעם אַ טרויעריקן און כמורנעם שטיין. אַף יענער זיַיט בא אים, וואָס איז געווענדט צום יאַם, האָבן די כוואַליעס אָנגעוואָרפן שליים און וואַסערגעוויקסן. באַהאַנגען דערמיט, זעט אויס דער שטיין ווי צוגעבונדן צום שמאָלן זאַמדיקן פּאַס, וואָס טיילט אָפּ דעם יאַם פון די בערג, דער פלאַם פון אונדזער שיַיטער באַלויכט אים פון דער זיַיט, וואָס איז געווענדט צום באַרג, דער פלאַם ציטערט

און איבער דעם אַלטן שטײן, װאָס איז געדיכט צעשניטן מיט א נעץ פון טיפע שפּאַלטן, לױפן אום שאָטנס.

איך און ראַגים קאָכן פיש־יױך פון נאָרװאָס אָנגעכאַפּטע פיש און מיר בײדע געפינען זיך אין אַזא שטימונג, װען אַלץ זעט אױס, װי א געשפּענסטער, װי פאַר־גײַסטיקט, װאָס דערלױבט דורכדרינגען אין זיך, װען אױפן האַרצן איז אַזױ רײן, לײַכט, און עס זײַנען ניטאָ קײן אַנדערע פאַרלאַנגען, אױסער דעם פאַרלאַנג צו טראַכטן.

און דער יאַם לאַשטשעט זיך צום ברעג און די כװאַליעס קלינגען אַזױ צערט־לעך, גלײַך זײ װאָלטן זיך בעטן, מע זאָל זײ לאָזן אָנװאַרעמען זיך באַם שײַטער. אין דער אַלגעמײנער האַרמאָניע פונעם געפּליעסק הערט זיך אַן אַנדערשמאָל א מער אױפגעהײבענע און שטיפערישע נאָטע—דאָס האָט אײנע פון די כװאַליעס, מער דרײסטער, אונטערגעפּױזעט נעענטער צו אונדז.

ראַגים ליגט מיט דער ברוסט אױפן זאַמד, מיטן קאָפּ צום יאַם, ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אױף די עלנבױגנס, דעם קאָפּ אַװעקגעלײגט אױף די דלאָניעס און קוקט פאַרטראַכט אין דער מוטנער װײַט. די מאָכנאַטע שאָפּן־היטל האָט זיך אַראָפּגערוקט בא אים אױף דער פּאָטיליצע, אױף זײַן הױכן שטערן, װאָס איז אינגאַנצן אין קלײנע קנײטשן, און פון יאַם װײעט מיט א פרישקײַט. ער פילאָזאָפירט, ניט פרעגנדיק בא מיר, צי הער איך אים, גלײַך ער װאָלט גערעדט מיטן יאַם:

— א פרומער מענטש גײט אַרײַן אין גאַן־עדן. און דער, װאָס דינט ניט גאָט און זײַן נאָװי, עפּשער איז ער—אין אָט דעם שױם... און יענע זילבערנע פלעקן אױפן װאַסער, זײַנען דאָס עפּשער ער... װער װײס?

דער פינצטערער, מעכטיקער און אױפגעװיגטער יאַם נעמט װערן ליכטיקער, ער־טערװײַז באַװײַזן זיך אױף אים נאַכלעסיקע צעװאָרפענע לעװאָניקע שטראַלן. די לע־װאָנע איז שױן אַרױסגעשװוּמען פון הינטער די מאָכנאַטע באַרגשפּיצן און גיסט איצטער פאַרטראַכטערהײט איר שײַן אױפן יאַם, װאָס אָטעמט שטיל איר אַנטקעגן, אױפן ברעג און אױפן שטײן, לעם װעלכן מיר ליגן.

— ראַגים!.. דערצײל א מײַסעלע...—בעט איך דעם אַלטן מאַן.

— צו װאָס?—פרעגט ראַגים, ניט אױסדרײענדיק זיך צו מיר.

— אַזױ! כ'האָב ליב דײַנע מײַסעלעך.

— איך האָב שױן דיר אַלץ דערצײלט... מער װײס איך קײן מײַסעלעך ניט... דאָס װיל ער, איך זאָל אים בעטן. איך בעט.

— װילסט, װעל איך דיר דערצײלן א ליד,—איז ראַגים מאַסקים.

איך װיל הערן אַן אַלטע ליד, און מיט א סומנעם און זינגענדיקן אָרט רײדן, סטאַרענדיק זיך פאַרהיטן די אײגנאַרטיקע מעלאָדיע פון דער ליד, דערצײלט ער:

„הױך אױף די פעלדזן האָט א װוזשאַקע אַרױפגעפּױזעט, האָט אין א באַרג־שפּאַלט אַװעקגעלײגט זיך, צונױפגעדרײט זיך און קוקט צום יאַם צו.

„ס'האָט הױך אין הימל די זון געלױכטן, געאָטעמט האָבן מיט היץ די פעלדזן, דער יאַם האָט אונטן אָן ברעג געשלאָגן.

„ס'איז דאָרטן פינצטער אין טיפן באַרג־שפּאַלט און דורכן באַרג־שפּאַלט א שטראָם יאָגט הילכיק דעם יאַם אַנטקעגן.

„דער שטראָם האָט מעכטיק אין שוים איין ווײַסן דעם פעלדז געשניטן, איין יאָם געפאלן און ביין געוואָיעט.

„אין אָט דעם בארג-שפאלט, וווּ די וווזשאקע האָט אופגעדרייט זיך, איז באלד א סאָקאָל פון הויכן הימל אראָפגעפאלן, מיט ווונדן טיפע אין ברוסט און הייסער אוןביידע פליגל אין בלוט פארגאָסן...

„ער איז געפאלן און א געשריי בלויז האָט ער געגעבן און אָן די שטיינער אין שוואכן צאָרן האָט ער געקלאפט זיך.

„האָט די וווזשאקע אין שרעק און איימע זיך אָפּגערוקט באלד, נאָר גלײַך פארשטאנען, אז ס'איז דעם פויגל געבליבן לעבן א צוויי־דרײַ רעגעס...

„און די וווזשאקע האָט צוגעפויזעט צום פויגל נאָענט און אים אין פּאָנעם גע־זומען שיפען:

„— דו שטארבסט?

„— יאָ, כ'שטארב!—האָט טיף דער סאָקאָל א זיפץ געגעבן.—כ'האָב פרײַ גע־לעבט דאָ!.. ס'איז גליק באקאָנט מיר!.. כ'האָב זיך געשלאָגן אָן שרעק, אָן פּאכאַד! איך בין געוועזן אין הויכן הימל... דו וועסט ניט זען אים אזוי־אָ נאָענט!.. וווזשאקע, בידנע!

„— וואָס איז דער הימל?—אן אָרט א פוסטער... ווי קען איך פויזען אין אָט דעם הימל? אָט דאָ איז גוט מיר... ס'איז נאס און ווארעם!

„אזוי געענטפערט האָט די וווזשאקע דעם פרײַען פויגל און טיף אין הארצן פון אים געכויזעקט פאר זײַן געפלאפל.

„און באלד אזוי־אָ א טראכט געגעבן: „צי פלי, צי פויזע, דער סאָף באוווּסט איז; מיר וועלן ליגן אין דר'ערד און פוילן...״

„נאָר דאָ האָט פלוצלינג דער דרייסטער סאָקאָל א ריס געטאָן זיך, עטוואָס גע־שטעלט זיך און מיט די אויגן אפ גאָר דעם בארג־שפאלט א פיר געגעבן.

„ס'האָט דורך די שטיינער געטריפט דאָס וואסער, און ס'האָט געפארעט און ס'האָט אין בארג־שפאלט געשמעקט מיט פוילונג.

„און ס'האָט דער סאָקאָל מיט גאָר די קויכעס אין קלעם און ווייטיק די שטים פארהויבן:

„— אָ, ווען אָט איצטער וואָלט איך כאָטש איינמאָל געקאָנט א פלי טאָן אין הויכן הימל!.. איך וואָלט דעם סוינע א דריק טאָן קרעפּטיק... צו מײַנע ווונדן און... מיט מײַן בלוט וואָלט זיך דער סוינע פארכלינען דעמלט!.. אָ, גליק פון שלאכט, גליק פון געראנגל!

„האָט די וווזשאקע א טראכט געגעבן: „סקען זײַן, ס'איז טאקע ניט שלעכט אין הימל, וויבאלד ער קרעכצעט אזוי אָן אופהער!..״

„און פאָרגעשלאָגן האָט זי דעם פרײַען, דעם שטאָלצן פויגל:—„דו גיב א רוק זיך צום ברעג פון בארג־שפאלט און ווארף אראָפּ זיך.

„דיך וועלן עפשער די פליגלען דײַנע א הויב טאָן דעמלט און וועסט נאָך קע־נען אביסל לעבן אין דײַן סטיכיִע״.

„האָט אופגעציטערט דער פרײַער סאָקאָל, און שטאָלץ די שטימע האָט ער פאר־הויבן און אפ די שטיינער מיט שליים באדעקטן האָט ער ניט זיכער גענומען שטעלן די הארטע נעגל און איז צום אָפּריס אוועקגעגאנגען.

„ער איז דערגאַנגען, די ברייטע פֿליגל האָט ער צענומען. האָט לופֿט אין ברוסט זיך אַרײַנגעאָטעמט און מיט די אויגן אַ בליאַסק געגעבן און—פֿאַלט אַראָפּעט.
„ער פֿאַלט אַלץ ניכער און אָן די פֿעלדזן די פֿליגל ברעכט ער...
„אים האָט אַ כוואַליע אַרומגענומען, דאָס בלוט באַוואַשן, אין שוים פֿאַרויקלט און איבער יאַם אים אַוועקגעטראָגן.
„און אָן די פֿעלדזן די כוואַליעס קלאַפּן און רעווען סומנע...
„און ס'איז פֿאַרשוווּנדן דער טויטער פֿויגל און אָפּן יאַם מער שוין ניט געזען זיך..."

2

„אין נאַסן באַרג־שפּאַלט איז די וווּזשאַקע אַזוי געלעגן, געטראַכט אָן אויפֿהער פֿון סאָקאָלס אומקום, פֿון דראַנג צום הימל.
„און זי האָט פּלוצלינג אַ קוק געגעבן אין ווײַט אין יענער, וואָס צערכלט אײַביק און גלעט די אויגן מיט קלאָרע טרוימען פֿון גליק פֿון העלן.
„— וואָס האָט געזען דאָרט דער טויטער סאָקאָל, אין אָט דעם מידבער, וואָס האָט קיין גרונט ניט און האָט קיין ברעג ניט? צו וואָס אַזעלכע ווי ער־אָ ריידן מיט זייער ליבע צום הויכן הימל? וואָס זעען זיי דאָרט? כ'וואָלט זיך דערוויסן דאָס אַלץ געקענט דאָך, ווען כ'גיב אַ פֿלי נאָר אַהין אין הימל, כאָטש אָפּ אַ ווײַלע.
„אַ זאָג געגעבן און גלײַך געטאָן דאָס. זי דרייט צונויף זיך, און אינדערלופֿטן זי גיט אַ לאָז זיך און ווי אַ סטענגע אַ בליאַסק געגעבן אין קלאָרער זון־שײַן.
„ווער ס'איז געבאָרן אָפּ דר'ערד צו פֿויזען—דער קען ניט פֿליִען!.. ס'האָט די וווּזשאַקע אָן דעם פֿאַרגעסן און אָפּ די שטיינער איז זי געפֿאַלן, נאָר ניט צעקלאַפּט זיך, זי האָט צעלאַכט זיך...
„אָט איצטער ווייס איך אין וואָס עס ליגט דאָ דער פֿאַרגעניגן, דער פּראַכט פֿון פֿליִען! דאָס ליגט—אין פֿאַלן!.. זיי זײַנען קאָמיש די מאָדנע פֿויגלען! ס'איז פֿרעמד די ערד זיי, און אָפּ דער ערד דאָ זיי בענקען שטענדיק און שטרעבן שטענדיק אין הויכן הימל און זוכן לעבן אין הייסן מידבער. עס איז נאָר פּוסט דאָרט. עס איז פֿיל שײַן דאָרט, נאָר ס'איז ניטאָ דאָרט קיין שום דערנערונג און פֿאַרן קערפּער ניטאָ קיין אָנשפּאַר. צו וואָס די שטאָלצקײַט? צו וואָס דער פֿאַרוואורף? קעדיי דעם אומזין פֿון די פֿאַרלאַנגען דערמיט פֿאַרדעקן און פֿאַרבאַהאַלטן אַהינטער דעם־אָ, וואָס פֿאַרן לעבן איז מען ניט טויגבאַר? זיי זײַנען קאָמיש די מאָדנע פֿויגלען!.. נאָר ס'וועלן איצטער מיך מער ניט נאַרן די פֿויגלס ווערטער! איך ווייס אַליין אַלץ! איך האָב שוין איצטער געזען דעם הימל... איך האָב אין הימל זיך אויפֿגעהויבן, אים אויסגעמאָסטן, איך האָב דערוווּסט זיך, וואָס הייסט דאָ פֿאַלן, נאָר ניט צעקלאַפּט זיך, איך גלויב נאָך פֿעסטער אין זיך אָט איצטער. אָט די, וואָס קענען די ערד ניט ליבן, די זאָלן לעבן מיט נאַרערײַ. איך ווייס דעם עמעס. און איך וועל איצטער זיי מער ניט גלויבן. דער ערדס באַשאַפֿונג—כ'וועל אָפּ דער ערד שוין פֿאַרבלײַבן לעבן.
„און די וווּזשאַקע האָט אויפֿגעקנוילט זיך און אָנגעהויבן מיט זיך שטאָלצירן.

„עס גלאנצט אונ פינקלט דער יאם אינ העלקײַט, עס שלאָגנ גרויזאם אָנ ברעג די כוואליעס.

„עס האָט געדונערט אינ זייער רעוועג די ליד פונ שטאָלצנ אונ דרייסטנ פויגל, די פעלדזנ האָבנ ארומ געציטערט פונ זייער שלאָגנ אונ ס'האָט געציטערט אינ הויכ דער הימל פונ אָט דעמ זינגענ:

„דעמ אומזינ פונ דרייסטע מיר זינגענ א ליב־געזאנג!

„דער אומזינ פונ דרייסטע — דאָס איז די כאָכמע אונ סייכל פונ לעבנ! אָ, דרייסטער סאָקאָל! האָסט זיכ געראנגלט מיט דײַנע סאָנים אונ אָפגעגאנגענ מיט בלוט אינ שלאכטנ... נאָר עס וועט קומענ, די צײַט וועט קומענ—אונ אָט די טראָפּנס פונ דײַנע בלוטנ פונ דײַנע הייסע, זיי וועלנ אופגיינ ווי העלע פונקענ אינ לעבנס־כוישעכ, אונ וועלנ דעמלט אינ דרייסטע הערצער צעצינדנ מוטיק א דאָרשט א גרויסנ נאָכ ליכט אונ פרײַהײַט!

„דעמ אומזינ פונ דרייסטע מיר זינגענ לידער!..“

---

„עס שווײַגט די העל־בלויע ווײַט פונ יאם, זינגענדיק פליעסקענ די כוואליעס אפנ זאמד, אונ איכ שווײַג, קוקנדיק אינ דער ווײַט פונ יאם. אפ דעמ וואסער זײַנענ אלצ מער זילבערנע פלעקנ פונ די לעוואָניקע שטראלנ... אונדזער קעסעלע נעמט שטיל פארזידנ.

איינע פונ די כוואליעס קײַקלט זיכ שפּילעוודיק אראָפּ אפנ ברעג, רוישט ארויסרופעריש אונ פויזעט צו ראגימענ.

— ווהינ גייסטו?.. אוועק!— פּאָכעט אפ איר ראגימ מיט דער האנט, אונ זי קײַקלט זיכ האכנאָעדיק צוריק אינ יאם ארײַנ.

מיר איז קיינ האָר ניט קאָמיש אונ ניט שרעקלעכ די האלטונג פונ ראגימענ, וועלכער פארהערלעכט די כוואליעס. אלצ ארומ קומט מאָדנע לעבעדיק, ווייכ אונ צערטלעכ. דער יאם איז אזוי איבערצײַגנדיק רויִק, אונ עס פילט זיכ, אז אינ זײַנ פרישנ אָטעמ, וואָס גייט אפ די בערג, ניט אָפּגעקילטע נאָכ פונ דער באטאָגיקער היצ, איז פארבאהאלטנ אסאכ מעכטיקע, אײַנגעהאלטענע קראפט. אפ דעמ טונקל־בלויענ הימל איז מיט א גאָלדענעמ אוזאָר פונ די שטערנ אויסגעמאָלט עפּעס פײַערלעכס, וואָס באצויבערט די נעשאָמע, וואָס פארטונקלט דעמ פארשטאנד מיט א זיסער דערווארטונג פונ עפּעס אנ אנטפּלעקונג.

אלצ דרימלט, נאָר עס דרימלט אָנגעשטרענגט־פילבאר, אונ עס דאכט זיכ, אז אָט אינ דער קומענדיקער מינוט וועט אלצ אופצאפּלענ אונ אָנהויבנ קלינגענ אינ דער ריטמישער הארמאָניע פונ די אויסערגעוויינלעכ זיסע קלאנגענ. די דאָזיקע קלאנגענ וועלנ דערציילנ וועגנ די געהיימניסנ פונ דער וועלט, וועלנ זיי דערקלערנ פאר דעמ פארשטאנד, אונ דערנאָכ וועלנ זיי אימ אויסלעשנ, ווי א געשפענסטער־פײַערל, אונ וועלנ אוועקציִענ מיט זיכ די נעשאָמע הויכ אונ אינ דעמ טונקל־הויכנ אָפּגרונט, ווו איר אנטקעגנ וועלנ די צאפּלענדיקע אוזאָרנ פונ די שטערנ אויכ נעמענ קלינגענ ווי א ווונדערלעכע אנטפּלעקונג־מוזיק...

יידיש—ה. קאמענעצקי.

ה. קאמענעצקי

# טײַערער פון ברויט

(פון דער פּאָעמע „רויטע פּארטיזאַנער")

וויאָרסטן. וויאָרסטן. מיד און מאַט
יאָגט און וויגט זיך דער אָטריאַד.

האָט מען צו א וואלד פארקערט,
אָפּגעשטעלט אין וואלד די פערד.

פון די פערד איז מען אראָפּ,
ס'הילכט שוין מער ניט קיין גאלאָפּ.

שטייט מען, קוקט מען: וואלד און שניי,
זאָגט דער קאָמאנדיר אזוי:

„נו, איז שטעלט די פאָן אוועק,
מירן אָפּרוען פון וועג".

מאכט דער פאָנענטרעגער: „גוט!"
און די פאָן איז רויט ווי בלוט.

ס'איז דער הימל פול מיט רו,
מאכט דער פאָנענטרעגער: „וווּ?"

„וווּ איז דאָ דער אויבנאָן
— פאר דער אויסגעפּרוּווטער פאָן?"

„יאָלד"—דערהערט זיך מיטאמאָל,
„יאָלד"—דערקײַקלט זיך א קאָל.

„דאָ אין װאַלד, אין װאַלד אָט דאָ
איז קײן אויבנאָן ניטאָ".

„װוּ ס'פֿאַרהײבט זיך אונדזער פֿאָן
דאָרטן איז דער אויבנאָן".

לאַכט מען. ס'לאַכט די גאַנצע הויך
און דער קאָמאַנדיר לאַכט אויך.

שא, װאָס איז דאָס, װער און װאָס?
אײנער מיט א בלויער נאָז,

װי א לאָפּעטע זײַן באָרד,
האָט א הילך געטאָן פֿון אָרט:

„װאָלט א שטיקל ברויט כאָטש זײַן,
ניט געטאָמשעט װאָלט די פּײַן".

לאַכט שױן ניט דער קאָמאַנדיר,
שטײט און גיט זיך ניט קײן ריר.

כאַפּט דעם װאַלד א שטילקײַט אָן.
שטײט מען. קוקט מען אױף דער פֿאָן.

און די פֿאָן איז צונטער־רויט
און איז טײַערער פֿון ברויט...

ה. קאמענעצקי

# אונדזער שטימ וועט דיר גֶעהערנ

ווער פארגעסנ וועט די שליאכנ,
ווּ דײַנ שפאנ האָט זיכ פארקריצט.
ווער פארגעסנ וועט די שלאכטנ,
ווּ דײַנ רומ האָט אופגעבליצט.

ס'איז אונדז דעמלט שווער געוועזנ:
הונגער קרעמפעוועט דאָס לאנד,
שווארצע מעסערס אונ אברעזנ —
אינ דעמ סוינעס ויסטער האנט.

מיר געדענקענ: דעמלט האָסטו
אופגעלויכטנ הארט אונ העל
אינ א רוסישנ אונ פראָסטנ,
אינ א שאָרסטיקנ שינעל.

כ'וייס ניט ויפל ווײַסע פאָנענ
האָסטו אויסגעלאָשנ דאנ
אונ איכ ווייס ניט ויפל סאָנימ
האָט פארשלונגענ דײַנ נאהאנ..

כ'ווייס נאָר, אז דו האָסט געווינענ
ניט איינ שלאכט אינ פעלד אונ סטעפ,
ניט איינ פײַנט איז אויסגערונענ
אונטער דײַנע שווערע קלעפ.

אויסגערונענ אונ צעפלאָסנ.
אונ אינ רײ פונ דעמלט אָנ
שטייסטו, ווי פונ שטיינ געגאָסנ
אונטער לענינס־סטאלינס פאָנ.

האָט דער סוינע איצט פארגעסנ
יענע קלעפּ און יענע טעג.
ווידער מיט א שווארצנ מעסער
שווימט ער אָנ אפּ אונדזער וועג.

זײַנע אויגנ—גאליק־גרינע,
זײַנע ליפּנ—בלוי און בלאס.
אײַנגעטונקט אינ האס און סינע,
וויל ער מיט זײַנ גרינעמ האס

בלוטיק־פײַערדיקע שראמענ
אויסהאקנ אפּ אונדזער לײַב
און פארשווענקענ אונדז אינ פלאמענ
(יונג און אלט און מאנ און ווײַב).

ווייסנ מיר, דו וועסט ניט שוינענ,
און עס שלאָגט דײַנ האנט אזוי,
אז פריטשמעלעט בלײַבט דער סוינע
און עס איז אימ ווינד און ווי.

וועט דערפאר דער אָנבליק דײַנער,
ס'וועט אפּ שטענדיק דײַנ פּאָרטרעט
איבער מײַנ צוקאָפּנס שײַנענ
אינ א רעמל פונ באגעט.

און צוזאמענ מיט מײַנ הימנ,
וואָס איכ ברענג דיר, כאווער קלימ, —
אונטער אונדזער בלויענ הימל
וועל איכ ברענגענ אויכ מײַנ שטימ.

---

אונדזער שטימ וועט דיר געהערנ,
און מיר גיבנ זי דיר אָפּ.
דאָס וועט זײַנ פאר אונדז אנ ערע
און דעמ פײַנט—א קויל אינ קאָפּ.

---

מ. ליפשיץ

# לידער

1

ס'גייט אפ דאָרעם אָפּ דער צוג,
א צווייטער קלונג, א ווײַסער רויכל;
אלץ האָב איך אין וועג געגוג,
פון אלץ נאָר נעם איך מיט דײַן שמייכל.

באלד וועט דער לאָקאָמאָטיוו
אין לופטן שיקן ווײַטע גרוסן,—
וואַרטן נאָכדעם וועסט אפ בריוו
און מײַן זון מײַן שיינעם קושן.

ס'קלינגט מיט יוגנט איצט מײַן קאָל,
צו דרײַסיק איז מיר קנאַפּ פאַרבליבן;
איך נאָר, וואָס איך ליב אמאָל,
כ'האָב ליב, און וועל א לעבן ליבן.

2

ס'האָט דער באַן געדירט זיך באלד
מיט אָפּשייד בליקן א באַגלייטער,
נאָכדעם איז געקומען וואלד
און נאָכן וואלד א שטאָט א צווייטע.

אין הימל האָט די זון געברענט,
עס האָט א דינער שטויב געפלאַטערט;
און מײַן קינד אפ דײַנע הענט
האָב איך געהערט אלץ רופן טאַטע.

ס'האָט געזונגען גאָר דער ווינט,
דער זומער־ווינט פון פעלד פון ריינעם,
ס'האָבן גראָזן גאָר געגרינט
און שטיל האָבן געדרימלטביימער.

3

מײַנ קינד, ס'איז דיר דאָס דריטע יאָר,
דײַנ אויג איז זיסנ כאָלעמ טײַעט,
אונ ווער דו ביסט, ווער חייס נאָכ קלאָר,
איכ חייס נאָר, ווי דו ביסט מיר טײַער.

אונ ווי דו ליבסט מיכ פיל איכ אויכ,
ווי ס'ליבט א קינד אינ יאָר אינ דריטנ,
נאָר איכ האָב דיכ פונ פלאמ, פונ רויכ,
פונ קיינעמ ניט געדארפט פארהיטנ;

דײַנ מוטערס וואכנדיקע האנט
דײַנ פרייד אונ דײַנע שפּילנ גריסנ,
אונ מיר, א קינד, מײַנ מוטער־לאנד,
האָט אָפּגעגעבנ איר לעצטנ ביסנ.

4

ס'איז ציטעריק דער ערשטער טראָט,
ס'איז בענקענדיק דער וואָרט, דער ערשטער,
נאָכדעמ ציט דיכ אפּ באראָט
אונ היימלעכ ווערנ דיר די ווערסטנ.

נאָכדעמ גיכער פונעמ קלאנג
נאָכ ווענ א וועג,—ניט אויסצומעסטנ;
נאָר אינ סאמנ שנעלסטנ גאנג
דערמאָנענ מיר א פרײַנט, א שוועסטער,

אנ אלטע שטוב, א סאָסנע מיר,
א לײַכטנדיקע, פריִע וועסנע...
דיכ, מײַנ לאנד, געדענקענ מיר,
ווײַל בלינדע נאָר דאָס ליכט פארגעסנ.

5

פאר בלינדע זאָלנ זײַנ די נעכט,
אונ אונדז די זונ זאָל אייביק טאָגנ!
נאָר דו, מײַנ לאנד, דו האָסט דאָס רעכט
דעמ נאָמענ מוטער־לאנד צו טראָגנ.

האָסט שוין דעם נאָמען דאַן פאַרדינט,
ווען אונטער פלאַמען פון צעשטויבונג
האָסט געטרוימט, אַז דיינע זין
זאָלן באַרימט זיין און דערהויבן.

מיט בראָכע איז געווען דיין ברויט,
לאַנד מיינס—פינפעקיקער שטערן;
דיינע זין געזונט און ברייט
קומען היינט דיין רום פאַרמערן.

6

און ס'האָט געזונגען מיר דער ווינט,
די שטאָלענע, די פלינקע רעדער,
האָבן זיך געדרייט געשווינד
און דורכגעטראָגן וועלדער, סעדער.

אין די וועלדער האָט געגרינט,
אין פעלדער האָט געצייטיקט קאָרן.
און ס'האָט געזונגען מיר דער ווינט
און אָנגעזאָגט, אַז ס'איז שוין דאָרט.

די זון איז אין וואַגאָן אַריין
א גאָלדענע, אַן אָנגעגליטע,
ווי יוגנט פרייד; איר העלע שיין,
האָט אויפגעוועקט אין מיר די לידער.

7

אונדזער זון, ביסט לידער ווערט,
אונטער דיין העלן ליכט געבאָרן
איז דער, וואָס וואַרעמט אונדזער ערד,
ווי ס'וואַרעמט נאָר א טאָג אָפ דאָרעם.

האָסט אונדז געלייכט אין שווערן גאַנג,
די ערד אונדז אויסגעשפרייט אין גראָזן,
ווען מיר האָבן דעם פיינט, דעם שלאַנג
געטויט, געטראָטן און געשאָסן.

8

באַם ווײַטן ראַנד—אַ בלויער רויך,
דאָרט גיסן אויף זיך יאַם און הימל;
באַם ברעג די פעלזן שטייען הויך,
און זעגל־שיפלעך רויִק שווימען.

דער יאַם פאַרגייט אין בלויען רויך,
מײַן זעגל־שיף די ווינטן בלאָזן;
מײַן פרײַנט, מיט מיר ביסטו איצט אויך,
אין יאַם אַן פרײַנט, ווער קען זיך לאָזן.

דער יאַם איז ווײַס, דער פעלז איז הויך,
און איבער אונדז די זון אין פלאַמען;
מײַן פרײַנט, מיט מיר ביסטו איצט אויך,
אָן פרײַנט, ווי לאָזט מען זיך אין יאַמען.

9

פאַר דרײַסיק יאָר, און פאַר געזאַנג,
פאַר צוואַנציק יאָר פון העלן שטערן,
פאַר מיר, מײַן קינד, מײַן דאָר—אַ דאַנק
דיר, אונדזער פרײַנט און אונדזער לערער,

סטאַלין, דיר אַ דאַנק, דיר אַ דאַנק,
פאַר דעם קאָסטבאַרסטן פאַרמעגן
האָבן רעכט אַ מענטש צו זײַן
פאַר אָט דעם רעכט, וואָס אין געשלעגן

האָסט געפירט אָפּ בייזע פײַנט;
פאַר דעם, וואָס לעבן ווילט זיך גערן.
סטאַלין, דיר אַ דאַנק, דיר אַ דאַנק,
דיר אונדזער פרײַנט און אונדזער לערער.

און ס'האָט געזונגען מיר די זון...

— — — — — — — — — — —

**מאָטע דעכטיאַר**

# אַן אייגענער דאָקטער

מע האָט אים גערופן דער מענטש, וואָס האָט קיינמאָל ניט געקרענקט. זײַן עמעסער נאָמען איז בערל־איטשע. אין שטעטל פלעגט מען אים רופן ווי עס פלעגט זיך מאַכן אמאָל מיט דעם אייגענעם נאָמען און אמאָל גאָר פּראָסט: „דער, וואָס האָט קיינמאָל ניט געקרענקט“.

— צי דאָס איז אַן עמעס, וואָס ער האָט קיינמאָל ניט געקרענקט?

— כ׳ווייס, אין שטעטל זאָגט מען אַזוי. אייניקע פּרוּוון זיך אפילע שווערן, מע זאָגט:

— בערל־איטשע איז פאַר זײַן גאַנץ לעבן אפילע באַ א צײן־דאָקטער קיין איינמאָל ניט געווען.

אַזוי א קוקטאָנדיק אַף אים וואָלט מען עפּשער אמאָל געקאָנט גלויבן, אַז ער איז קיינמאָל אַפילו שוועל באַ א דאָקטער ניט געווען, אים איז שוין נאָענט צו 60 יאָר און ער איז נאָך אינגאַנצן א שוואַרצער. ער איז א קורצער אַזאַ, א פולער, מאַכט דעם אײַנדרוק פון גאָר א קאַלטבלוטיקן. דאַכט זיך, קוים־קוים וואָס ער רירט זיך. יעדער טראָט איז אויסגערעכנט פּונקט ווי ער וואָלט באַ עמעצן געקויפט א טראָט.

מע איז אין שטעטל אים געוווינט געוואָרן שטענדיק זען גייענדיק אָנגעטאָן אין א קאָרטענער קורטקע (אפילע אמאָל זומער אויך). ער איז שוין 45 יאָר א טרעגער אַף דער היגער אײַזנבאַן־סטאַנציע. היינט רעכנט אויס, וויפל פּלאַטפאָרמעס מיט קלעצער האָט ער פאַר זײַן לעבן אָנגעלאָדן.

אין שטעטל רעדט מען:

— בערל־איטשע קלאָגט זיך: „דער געזונט איז אַזוי גרויס און די קלאָץ אַזוי קליין“.

בערל־איטשע ווונדערט זיך.

— ווי׳אַזוי טוט עס ווײ א מענטשן א ביין?

און אײַנגערעדט האָט מען זיך, אַז ער איז איינער אין דער וועלט—א מענטש, וואָס האָט קיינמאָל ניט געקרענקט.

אפילע אין יענער פינצטערער צײַט, ווען די ווײַספּוילישע לעגיאָנערן האָבן איינמאָל ביז בלוט מיט שאָמפּלען פאַרשמיסן אָט דעם בערל־איטשען און ווען ער איז געלעגן א פּאָר כאַדאָשים צום בעט האָט מען אַלצײַנס גערעדט:

— כ׳ווייס, ס׳איז גאָרנישט, ס׳איז א קלייניקײַט, ס׳איז ניט קיין קרענק, נאָר א גזיירע. ניט אַף אים אַליין האָט זיך די גזיירע אויסגעגאָסן.

און פארגעדענקט האָט ער נאָכ ביז הײַנט, ווי מע רופט אים, און קאָעסנ קאָעסט ער זיכ ניט אפ דעם. בערל־איטשע זאָגט נאָר מיט א דריבנעם שמייכעלע:

— מײַנ טאטע און זיידע האָבנ זיכ געהאלטנ ווײַט פונ דאָקטוירים, זיי וואָלטנ געשטאָרבנ מיט גאנצע ציינער, נאָר מע האָט בא זיי לעבעדיקערהייט געריסנ די ציינער פונ מויל.

— בא מיר רײַסט קיינער ניט קיינ ציינער פונ מויל. איכ האָב זיכ ניט, ברי־דערלעכ, אפ וואָס צו קלאָגנ.

* * *

בערל־איטשע דעמ טרעגערס שטוב איז די סאמע גרעסטע אינ שטעטל (די קאַ־זארמע האָט מענ זי אמאָל גערופנ). אינ גרויסנ זאל קענ אריַינ א גאנצע שטעטל. ארומ לאנגנ שווערנ טיש קאָנ מענ אויסזעצנ א צוויי מיניאָנימ.

בענקלעכ סטיַיעט דאָ פאר אלעמענ און עס שטייט אינ „זאפאס“ א הויכער געשמידטער טאפטשאנ, אפ וועלכנ מע קאָנ זיכ צולייגנ אויכ (אויב דאָס הארצ גלוסט).

בערל־איטשע קענ קיינ איינ מינוט ניט לעבנ אָנ מענטשנ. בערל־איטשע קלאפט אָנ אינ שויב—קומט, דערציילט נײַס!

עס איז שוינ אריַינ אינ מאָדע, אלעמאָל נאָכ דער ארבעט ניט אויספעלנ בערל־איטשעס שטוב. איר וועט דאָ גאנצ אָפט נאָכ דער ארבעט טרעפנ א דריט־כיילעק ארטעל־שוסטער, א העלפט ארטעל־שמידנ, א פינפט־כיילעק—שנײַדער, א פאָר פור־מאנעס און א האלבנ טוצ קאָלווירטניקעס. אלע האָבנ הײַנט, ווײַזט אויס, געאר־בעט. די סימאָנימ פונ ארבעט ליגנ ווי פארבאַקט אפ ניט־געוואשענע הענט און פענימער. ס'איז פול די שטוב מיט רייכעס, און עס גיסט זיכ צונויפ ווי ספירט דער רייעכ פונ ארבעט.

מיט זיכערער רויִקײַט אָטעמט אינ אזוינע ווײַלעס א שטעטל, נאָר ווענ ס'ניט איז דערמאָנט מענ זיכ, וואָס מע איז אויסגעשטאנענ פארנ לעבנ, וויפל גזייריס אריבערגעטראָגנ, מע דערמאָנט זיכ אפ א ווײַלע און מע פארגעסט.

עס גייט ארומ איבערנ שטעטל אנ איינ־און־איינציקער מיליציאָנער און אזויפיל זיכערע רויִקײַט שוועבט ארומ אימ און צעשפרייט זיכ. אָט אינ די פארלאָשענע פענצטער פונ שטעטלדיקנ סאָוועט שפיגלט זיכ די רויִקײַט. אינ די נאָרוואָס אָנגעצונ־דענע פענצטער פונ הײַזער ברענט די רויִקײַט. פונ יעדער שפארונקע אָטעמט מיט רויִקײַט און ס'זאָגט אָנ:

— קיינער וועט פונ שטעטלעכ מער קיינ פאסנ ניט שינדנ.

— וויפל רויטארמייער שטייענ איצט אפ דער וואכ? און וויפל שטעטלדיקע באָכערימ וואכנ אויכ בא גרענעצנ?

אָפענע וועגנ ציִענ זיכ פונ שטעטל. אָט אינמיטנ דערנאכט גיי ארויס, פאָר ארויס, ווּהינ דו ווילסט, וווּהינ דו דארפסט, ס'וועט דיכ קיינער ניט אָפשטעלנ און קיינער מיט שרעק וועט דיר ניט פארלויפנ דעמ וועג. אָט א צוג פליט דורכ אינ אלע אָנהויבס אָוונט און לאָזט איבער איבערנ שטעטל א געדיכטע קוטשמע רויכ

און א גליִענדיקן פונק און די זיכערע רויִקײַט בלײַבט אלץ לויערן בא אָפענע וועגן און זאָגט אָן:

— רויִק, רויִק בויט אײַך א לעבן...

איצט אפ די פינגער קאָן מען אויסרעכענען—וואָס האָבן מיר הײַנט אופגעטאָן? וואָס פארמאָגן מיר? און וואָס פעלט נאָך?

מע רעכנט—ויפל פאָר שטיוול פארן טאָג אופגענייט, וויפל וועגענער אופגע־שמידט, וויפל קאָסטיומען אופגעשטעפט, וויפל קלעצער ארויסגעפירט פון וואלד, וויפל האָניקס אופגעאקערט.

מע רעכנט...

א פינגער אהער און א פינגער אהין, א ריב מיטן נאָגל אָן טיש און צוגע־פאטשט.

— א קלאָרער רעכענונג.

הײַנט וואָס פארמאָגן מיר נאָך?

— א פאָרזיצער פון שטעטלדיקן סאָוועט אן אייגענער (אײַזיק דער שוסטער־יונג).

— אן אינזשעניער אן אייגענער (גדאליע דעם שמידס זון).

— א פליִער אן אייגענער (נאפטאלי דעם גארבערס זון).

— א טראקטאָריסט אן אייגענער (זעלדע דער אלמאָנעס זון).

— הײַנט וואָס פעלט נאָך?

— עס פעלט אן אייגענער דאָקטער.

און אָט, ווען אלע זיצן א ווײַלינקע ווי קלוימערשט אזוי פארטיפט אין טראכטן, ווען בא אלעמען די אויגן גיסן זיך אָן מיט אזא מין פארטראכט וואסערל—אָט ווי־אזוי מאכט מען א דאָקטער? דאן שטעלט זיך אופ דער מענטש, וואָס האָט קיינמאָל ניט געקרענקט, אָט דער קורצער בערל־איטשע דער טרעגער, און טוט אלעמען א בארויִק—שאט!

אלע ווערן אפ א ווײַלע ווי אונטערטעניק. מע הערט נאָר דעם ווינט פון זייער עטעמען און דעם פאָך פון בערד. מע זעט ווי עס שיילן זיך אויס פון רויכלעך רויִקע פענימער און זיכערער גלאנץ פון אויגן.

— שאט, לאָזט הערן!

בערל־איטשע עטוואָס אראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ ווי אפ מיט עמיצן זיך צע־בוקן און ער טוט הארט א ברומקע:

— אָט קעפ־קעפ. אפ מײַן טאָכטער נאָר פארגעסן. וואָס איז זי מיר—א שטיפ־קינד, צי וואָס? אין אָסיען האָבן מיר זי פאר א גאסט. אין אָסיען, ברידערלעך, אן אייגענער דאָקטער.

עס הויבט זיך אָן באוועגן די מאכנע ייִדן באם טיש, פארקאָרעטע הענט ווי זיי שוימען אפן טיש און זוכן עפעס, און א נאָענטער קאָל טוט זיך פלוצלינג א הויב.

— טאקע גאָר פון זינען ארויס. גרוניע בערל־איטשעס פארגעסן אין צעטל ארײַנ־שטעלן. טאקע, גאָר פון זינען ארויס.

דער טיש הויבט אָן אזש קרעכצען אונטער א מאסע פון הענט, אָט ווי א ווינט פליט דורך צווישן אלעמען און צעטרייסלט.

— זעסט, גאָר פון זינען ארויס.

אפ בערל־איטשענ פאלנ איצט אלע אויגנ. בערל־איטשע פארנעמט דעמ אויבנאָנ, בערל־איטשע דער יאכסנ קוקט אפ אלעמענ ווי פונ אויבנ אראָפּ.

— בערל־איטשע—פרעגט מענ בא אימ—וואָס טויג אײַך אינ מישפּאָכע א דאָקטער, צו וואָס נוצט ער אײַך?

— זאָל זיך וואלגערנ—טוט בערל־איטשע דעמ גאָר פײַנעמ שמייכל אונ פארעדט זיך:

— אָט, צוליב ייִכעס ווענג, צוליב שיינקײַט. ס'וועט פארווײַסנ דעמ באָרשט. מע האָט דאָך געזאָגט אמאָל, אז מיר טויגנ נאָר אפ שלעפּנ קלעצער. אָט וועלנ מיר זענ צו וואָס טויגנ מיר?

כאָטש בערל־איטשע האלט ניט פונ דאָקטוירימ אונ מע רופט אימ נאָך אלץ „דער מענטש, וואָס האָט קיינמאָל ניט געקרענקט", נאָר פונדעסטוועגנ צו דעמ, „וואָס טויגנ מיר" האָט ער זיך א הויב אונטערגעגעבנ אונ זיך אוש אָנגעגאָסנ מיט שטאָלצ. ס'איז רעכט, אז דעמ ערשטנ מאָל אינ לעבנ האָט ער אזוי שטארק דערפילט זײַנ ווערדע, אונ דערפאר האָט ער זיך אפ אלעמענ א בייזער געטאָנ מיט אזא מינ מאָדנעמ פארבאקטנ קאָל:

— מע האָט דאָך געזאָגט, אז מיר טויגנ נאָר אפ שלעפּנ קלעצער, כאמולעס זײַנענ מיר.

פונ די אלע, וואָס זיצנ ארומ טיש, האָט עס קיינ איינער קיינמאָל ניט געזאָגט. די אלע זײַנענ מיט אימ ווי פונ איינ שטיק געשניטנ געוואָרנ, מע האָט זיי אויך אמאָל גערופנ די כאמולעס, מע האָט געזאָגט—עס שמעקט פונ זיי ניט אײדל, בא יי איז צו גראָבע הענט, זיי זײַנענ צו געזונט.

ער האָט זיך, בערל־איטשע, ערשט געכאפּט, אז אפ די, וואָס זיצנ בא זײַנ טיש, האָט ער זיך ניט וואָס צו בייזערנ. זיי זײַנענ אימ נאָענט ווי ער אליינ. אָט ווי איינ טאטע אונ מאמע וואָלט זיי געבוירנ. צווישנ זיי דערפילט ער זיך אסאך שטארקער, אימ ווערט פרייליכער צווישנ זיי. אָט ער בענקט נאָך זיי, ווי ער בענקט נאָכנ רייעך פונ פרישע קלעצער. אויב ס'איז דאָ א שטיקעלע פרייד וועט ער עס צעטיילנ ווי לעקעך צווישנ אלעמענ.

— דיר א שטיקל, דיר א ברעקל, אָנ אבידע, בראטושעס.

ניט מיט געבויגענע רוקנס זיצט מענ בא זײַנ טיש. עס שפּיגלט זיך ניט קיינ זאָרג אינ די ברייט־צעעפנטע אויגנ.

— איטע!—טוט ער מיטאמאָל אזא היימישנ זאָג אונ באלד באווײַזט זיך באמ טיש א הויכע נאָך גאנצ יונגע פרוי מיט א זידנדיקנ סאמאָוואר אינ האנט.

אונ אָט איצט וועט מענ טרינקענ פונ גלעזער דעמ זודיקנ טיי אונ ס'וועט גיינ א רייד נאָר ווענג איינס—ווענג אנ אייגענעמ דאָקטער. מ'וועט זופּנ פּאמעלעך אונ צוקנאקנ—אנ אייגענע וויגאָדע.

אינ שטוב הויבט זיך אָנ טונקלענ, ס'קריכט אפ אלע פיר דער פארנאכט אינ שטוב, נאָר דער פײַער פונ א הייצנדיקנ אויוונ באשײַנט א שטיק שטוב אונ עס שמעלצט זיך אינ ברוינקײַט די אנטקעגנדיקע פענצטער.

אונ עס גייט אלץ א רייד אונ ס'ציט זיך א שמועס ווענג א גאסט, וואָס דארפ אָט־אָט קומענ, ווענג איינעמ א דאָקטער, וואָס האָט זיך געבעטנ אינ זײַנ אייגענעמ שטעטל.

און א טאטע מוז זיצנ און הערנ ווי מע „בארעדט" זײַנ טאָכטער, הערנ און שווײַגנ און א מאמע באַם אויווּנ ווערט אזש צעשמאָלצנ. ס'פליט ארויס אזוי פלוצלינג א פונק פונ אויווּנ און פאלט אפנ מיטנ שטוב (א סימענ, אז א גאסט וועט קומענ).

די ראבינקע קאצ אפנ פענצטער רײַבט די מאָרדע, רײַבט און וואשט אזוי ספריטנע און פוצט זיכ (אויכ א סימענ, אז א גאסט וועט קומענ).

און ערשטע אָוונטדיקע שטערנ הויבנ אָנ פיקנ צו די שויבנ. פיקנ, פיקנ נאָכאנאנד, אָנ אנ אופהער, און ווארעמ טוליעט זיכ צומ גלאָז דער געלער ראָד פונ לעוואָנע.

פלוצלינג, מיטאמאָל העלנ אופ פײַערנ אינ די שויבנ.

* * *

ס'געדענקט זיכ נאָכ גוט דער אָפּפאָר פונ דער ערשטער קאָמסאָמאָלקע אינ שטעטל פונ גרוניע בערל־איטשעס טאָכטער. אנ אָפּפאָר אינ א הארבסטיקנ אָוונט. ארומ קליינעמ וואָקזאלכל איז דאנ דער טאטע בערל־איטשע אינ א קורטקע געשטאַנענ און די מאמע איטע אינ א פאטשיילע ארומגעקוטעט און ביידע האָבנ מיט איינ קאָל פארזאָגט:

— זאָלסט זײַנ א מענטש, גרוניע, דו הערסט, וואָס מיר ריידנ? ניט פארליר זיכ אינ וועג.

ס'האָט דאנ אקוראט גענומענ שמײַסנ א רעגנ און אָפּגענעצט א צענדליק קאָמסאָמאָלצעס, וואָס זײַנענ געקומענ באגלייטנ דער בעסטער קאָמסאָמאָלקע, דער נאָענטסטער כאווערטע, איינע פונ די ערשטע מיידלעכ אינ יאטשייקע.

נאס אפ דורכ און דורכ זײַנענ אויכ געוואָרנ טאטע און מאמע און זיי האָבנ אלצ ניט אופגעהערט צו פארזאָגנ:

— גרוניע, דו הערסט? מיר ריידנ צו דיר... די וועלט איז גרויס, טאָכטער...

גרוניע, אנ 18-יאָריקע שטעטלדיקע מיידל, איז געווענ אינ אזא מינ שווארצנ סעקל אָנגעטאָנ, א היימישע געשטרייפטע טיכל האָט פארוויקלט דעמ שווארצנ קרויז האָר אפ איר קאָפּ, די פארבאָרגענע גרויע אויגנ האָבנ ווי פונ א נעפל ארויסגעקוקט. דאָס קליינע נעזל האָט פלינק געטעמט און א כיינ־פינטעלע אפ איר שווארצער באק האָט זיכ באוועגט.

— יאָ, זי הערט, זי הערט...

און באלד האָט דער צוג זי אײַנגעשלונגענ און אוועקגעטראָגנ זי אינ דער וועלט ארײַנ מיט איר שווארצנ שטעטלדיקנ סעקל און מיט אירע 18 יאָר.

און א רעגנ האָט הינטערנ צוג אלצ געשמיסנ און געשמיסנ...

און ס'איז שוינ, דאכט זיכ, דורכ זעקס יאָר און אָט פונקט אינ אזא צײַט, אקוראט אינ אָנהייב אָסיענ האָט זי באגעגנט א שטעטל מיט עטוואָס מוטנע שײַבלעכ, מיט אָנהייב בלעטער־פאל און מיט פרייד אינ הארצנ.

— געקומענ. א גאסט. אנ אייגענער דאָקטער.

און בערל־איטשע, דער טאטע בערל־איטשע, גייט ארומ איבערנ שטעטל מיט א באהאלטענער צעכעדוועטקײַט אונטערנ קורטקע. ער קוקט אזוי רייצנדיק מיט די

קורצזיכטיקע אויגלעכ, שטשיפּעט הערלעכ פונ בערדל אונ הערט זיכ אײַנ — וואָס רעדט מענ? וואָס זאָגט מענ עפּעס וועגנ זײַנ...

— טאקע א דאָקטער—הא, א דאָקטער, ניט קײנ פעלדשער?

אימ אלײנ גלויבט זיכ ניט די גאנצע מײַסע. ער איז ווי אינ הימל־פּלעט.

— הא, טאקע א דאָקטער, ניט קײנ פעלדשער?—פרעגט ער בא זיכ אלײנ, אונ טוט א קוועטש מיט די פּלײצעס.—וועד ווײס איר דאָרט...

אינדערהײמ דרײט ער זיכ אומ עטוואָס פארלאָרנ. די שטוב גיט זיכ אימ אויס אסאכ גרעסער, די וועגט אסאכ ווײַסער (פאר איר אָנקומ אויסגעקאלכט).

אָט א מענטש איז צוגעקומענ אינ שטוב, א נײַער קאָל, דער קאָל גיסט זיכ אימ איבער אינ די אויערנ, פילט אָנ דאָס הארצ אונ ס'ציט אימ אלצ אינ גאס אונ ס'ווילט זיכ אלצ הערנ—הא, וואָס רעדט מענ, וואָס זאָגט מענ?

— טאקע א דאָקטער? הא, א דאָקטער, ניט קײנ פעלדשער?

אלע פרעגנ דאָס בא אימ. ער ווײס ניט וואָס צו ענטפערנ, ער טוט נאָר מיט נאדלעס א זאָג:

— איר זײַט ניט קראנק קומענ אינ אמבולאטאָריע. אָט אינ א וואָכ ארומ קענט איר קומענ אונ פּרובירנ. אינ א וואָכ ארומ שטעלט זיכ מײַנ גרונקע צו דער ארבעט.

ס'איז ניט צו באשרײַבנ דעמ פרימאָרגנ אינ „יענער וואָכ ארומ", ווענ גרוניע בערל־איטשעס טאָכטער איז דעמ ערשטנ מאָל געשטאנענ אינ דער נײַער אמבולאַ־טאָריע, אָנגעטאָנ אינ א נײַעמ פארטעכ מיט א שפּאָגל־נײַ טרײַבל אינ האנט.

א העלפט שטעטל האָט זיכ דאנ געדרײט ארומ דער אמבולאטאָריע (דערהויפּט ווײַבער). אָט פּונקט ווי אפ א מיטינג האָט מענ זיכ געקליבנ. מאמעס האָבנ גע־בראכט געזונטע קינדער אפ די הענט, אָט גלאט אזוי געבראכט די פּוזיקעס, זאָל זי אויסהערנ, צי וואָס, עס קאָסט געלט, זאָל זי א קוק טאָנ, לאָמיר זענ ווי עס גײט בא איר די מעלאָכע.

א ייִד א זאָקנ, א באוווסטער הוסטער אינ שטעטל (יאָסע דער טויבער) טופּעט מיט א שטעקל אינ פריִענ פרימאָרגנ.

— ווהינ אזוי פרי, רעב יאָסע?—הוקעט מענ אימ ארײַנ אינ פארוואָקסענעמ טויבנ אויער.

— אָנ, אהינ! אָ!—ווײַזט ער מיטנ שטעקל, אונ טוט א טרײסל דעמ קאָפּ—קוהו־הו, אָנ אהינ־אָ.

— ווּהינ אהינ?

— צו איר—טוט ער נאָכאמאָל א טרײסל דער קאָפּ אונ פארהוסט זיכ—צו דער בערל־איטשעס מעזינקע, ווי רופט מענ זי דאָרט?

מיט אנ אײגענעמ דאָקטער איז גאָר אנדערע רײד. אנ אײגענער דאָקטער איז א פארגעניגנ. מע דארפ גאָרניט קרענקענ, מע קאָנ גלאט אזוי זיכ דורכגײנ אונ זאָל זי א טאפּ טאָנ, זאָל זי אויסהערנ.

— אנ אײגענער פארגעניגנ. מע דארפ צו קײנעמ ניט אָנקומענ, האלעווײַ מע זאָל ניט דארפנ.

— גרוניע!—טוט מענ א קלאפּ אינ א שויב, ווענ זי גײט דורכ אינ גאס.

— גרוניע, אָט זע, אפּ א וויַילינקע—באַ מיַין ייִנגל א פּיסל... קיין איינהאָרע א פּיסל...

— גרוניע, זאָג זשע מיר, פון וואנען נעמט זיך עס דער קאָקעלוש? א כוואראָבע, אזא...

— גרוניע...

און ס'דאכט, אז זי איז די זעלבע וואָס מיט 6 יאָר צוריק. נאָר ניין, דאכט זיך, א האָרעלע אונטערגעוואָקסן און א קאפּעשטקע עלטער געוואָרן. ס'ווילט זיך איצט פאָרשטעלן, וויִאזוי האָט זי דאן אויסגעזען אין איר שווארצן סעקל, מיט וועלכן זי איז אָפּגעפאָרן פון שטעטל. אָט אין נײַעם הארבסטיקן מאנטל זעט זי אויס אסאך ברייטער און סטאטנער און די שווארצע קרויזן אפּ איר קאָפּ זײַנען ווי שיטערער געוואָרן און ריידן רעדט זי, דאכט זיך, ניט ווי דעמלט און שמעקן שמעקט שוין פון איר מיט עמעסן דאָקטער און דעם קאָפּ האלט זי, דאכט זיך, עטוואָס פאריסן און אָפּגעבן א גוטמאָרגן פארגעסט זי אלציינס ניט.

און קיינער וועט ניט זאָגן, אז זי האלט זיך גרויס. פארקערט, ס'איז נאָך גוט, וואָס זי פארגעסט ניט, אז זי איז בערל־איטשע דעם טרעגערס טאָכטער און איז מיט יעדערן, ווי מיט 6 יאָר צוריק, אפּ דו.

אָט נעכטן האָט מען זי געזען ווי זי האָט שפּאצירט פארנאכט מיט אירע אמאָליקע כאוורטעס. און דער טאטע בערל־איטשע איז קלוימערשט געגאנגען אזוי וויַטלעך פון הינטן און געכאפּט א קוקעלע אין אָפּענעם פענצטער—כאטיא צי מען זעט?—וואָס רעדט מען?

— מיַינער אַן אָדער!—איז ער געגאנגען אזוי פּאמעלעך, און געטראכט אין זיך און געקוקט אפּ הויכע מיידלשע אבצאסן און לאנג נאָכגעקוקט אפּ בייגעוודיקע מיידלשע פלייצעס און זיך אזש אונטערגעהויבן.

— קיין איינאָרע...

און אלע האָבן געזען ווי די קאָמפּאניע מיידלעך האָט זיך אָפּגעשטעלט באַם גאנעק פונעם אלטן פענסיִאָנער, פון דעם וויצלער מוישע גאָשעס. ער האָט זיי פּאַרופן, אָט דער מוישע, און פארבעטן זיך צוזעצן. און ווען אלע זײַנען געזעסן וויגעסט אפּ זיַין גאנעק האָט ער זיך נאָכדעם אָנגעהויבן אויספּײַנען און באוויַזן, אז ער, מוישע גאָשעס, איז אויך א מייווין אפּ דאָקטאָריע.

— דער לונג און לעבער אלפּי סייכל מוז ליגן אָטאָ דאָ—האָט ער מיט א דארער האנט אָנגעוויזן אפּן זשיליעט און א פּיר געטאָן איבער די קנעפּלעך.—און די איבעריקע זאכן אלפּיסייכל אין אנדערע ערטער.

— וואָס פארא איבעריקע זאכן?—האָט גרוניע מיט א שמייכל באַ אים א פרעגן געטאָן און אזוי מאָדנע באטראכט דעם אלטן וויצלער, וואָס הייסט מוישע גאָשעס.

— נו, די אלע אינווייניקסטע אלפּיסייכל,—האָט מוישע גאָשעס געצויגן און געהאלטן אלץ א האנט אפּן זשיליעט—נו, איר ווייסט דאָך בעסער, אלפּיסייכל, אָט ווי רופט מען דאָס...

און דערנאָך האָט מוישע גאָשעס דערציילט, ווי אמאָל האָט ארן־איַיזיק דער שטעטלדיקער פעלדשער אים געהיילט און אלץ פארזאָגט: כאסוועכאָלילע ניט עסן קיין קרויט.

און כאָטש גרוניע האָט ניט געקאָנט אָט דעם ארנ־אײַזיק דעם פעלדשער, האָט זי אים אָפּגעשטעלט אפּ א ווײַלינקע, אָט דעם צעהאָצטנ מוישע גאָשעס, און נײַגעריק אזוי געוואָרפנ אפּ אים גרויע אויגנ און געפרעגט:

— וואָס פארא ארנ־אײַזיק? וואָס פארא פעלדשער?

— נו, א היגער ייִד אזא געוועג, א ליידיקגייער, א מעטופל, ארנ־אײַזיק,—האָט מוישע גאָשעס אזש אונטערגעטאנצט און געשפּילט זיך מיט די קנעפּלעך פונ זשיליעטקע—אז קײנ דאָקטער איז אינ שטעטל ניטאָ. נו, איז אָט טראכטנ מיר זיך, עס שלעפּט זיך ארום פוסט און פּאס א ייִד איבערנ שטעטל און האלט אינ אײנ ברומקען, לאָמיר אים געבנ ארבעט. מע זאָגט, ער קוקט ארײַנ אינ א סייפער וועגנ לעוואָנעס און עס וואלגערנ זיך בא אים אינדערהײם א האלבע מײע באנקעס. אלפּיסייכל קײנ דאָקטער, ניט קײנ דאָקטער, נאָר א פעלדשער קאָנ יעדערער זײַנ. נו, איז אָט האָבנ מיר ארנ־אײַזיק דער פעלדשער.

גרוניע האָט זיך שטארק צעלאכט פונ מוישע גאָשעס אלפּיסייכל און פונ דעם ארנ-אײַזיק דעם פעלדשער. די אלע, וואָס זײַנענ געזעסנ אפּנ גאנעק, האָבנ זיך שיר ניט ארויפגעגליטשט פונ די בענקלעך און מוישע גאָשעס האָט אלץ געשפּריצט מיט די פארלאָפענע אויגלעך, געציילט די קנעפּלעך פונ זשילעט און אלץ ניט אופגעהערט צו דערציילנ ניסים וועניפלאָעס וועגנ ארנ־אײַזיק דעם פעלדשער.

— געטרוימט, נעבעך, ווערנ א דאָקטער שיר־שיר...

אזוי פאָרזיכטיק האָט זיך גרוניע אומגעקוקט אפּנ אלטנ וויצלער און א ניט־ווילנדיקער שמייכל האָט פארקרימט אירנ א ווינקל מויל, זי האָט שטיל אינ זיך ווי איבערגערעדט.

— געטרוימט... איאָ...

און דערנאָך איז פארשוווּנדנ אינ אָוואר דער אלטער דערשלאָגענער ארנ־אײַזיק דער פעלדשער און זי האָט מער ניט געוואָלט הערנ וועגנ דעם.

— א דאנק פאר א מײַסע—האָט גרוניע מיט אזא אופלעבונג א זאָג געטאָנ און א צי געטאָנ נאָך זיך די מיידלעך. די הויכע קאָרקעס אונטער אירע פּיס האָבנ זיך אזש געבויגנ פונ א שווערנ טראָט, די קלייד האָט א שורשע געטאָנ און זיך צעווינטלט מיט די גרויסע פאלדנ.

אפּנ גאנעק איז פארבליבנ אײנער אלײנ דער אלטער מוישע גאָשעס. ער האָט נאָך אלץ געציילט די קנעפּלעך פונ זשיליעט און אײַנגעהערט זיך מיט קאָפּ ווי עס הילכנ די טריט פונ הויכע מיידלשע קאָרקעס אפּנ הארטנ ברוק. ער האָט גערעדט אינ זיך:

— קײנ אײנהאָרע ניט א מויד...

" " "

ס'איז רעכט, אז קײנמאָל האָט דאָס שטעטל אזא מינ פרייד ניט איבערגעלעבט און אזא פארגעניגנ ניט געפּילט, ווי אינ יענעם פרימאָרגנ, ווענ גרוניע בערל־איטשעס טאָכטער האָט זיך געשטעלט צו דער ארבעט און דערפאר איז אינ יענעם פרימאָרגנ ארום דער נײַער אמבולאטאָריע קימאט ווי א מיטינג פאָרגעקומענ. מע זיצט אפּנ הויכנ פלויט, מע האָט באלאגערט דעם גאנעק און אפּנ גראָז אינ פאָליטאָדניק האָט מענ זיך אויסגעצויגנ, ווי מע וואָלט געוואַרט אפּ א צוג. און אלע האָבנ

זיך אזש אונטערגעהויבן, אופגעשפרונגען, ווען דעם ערשטן מאָל אין לעבן האָט מען ארום דער אמבולאַטאָריע דערזען אָט דעם מענטשן, וואָס האָט קיינמאָל ניט געקרענקט, אָט דעם בערל־איטשע דעם טרעגער. מע האָט אים געמאכט א וועג, מע האָט געלאָזן פוסט דעם גאנעק, אין א פלויט זיך אויסגעשטעלט.

— לאָזט אים!

מיט אזא מין גאדלעס האָט ער געהויבן די קורצע פיס אף די טרעפ. געקוקט אף אלעמען פון אויבן אראָפ און די קורטקע איז אף אים געווען פאנאנדערגע־שפּליעט און פון צעהיצטקייט איז ער געווען צונטער־רויט.

— לאָזט אים! — האָט הינטער זיין פלייצע איינער ניט גאָר הויך א זאָג געטאָן און שטיל אין זיך איבערגערעדט:

— א מעסוקענער כיילע, ער זאָל כאָטש איבערווינטערן.

אָט איצט קען מען הינטער זיין פלייצע שיסן מיט הארמאטן, ער וועט סיי־ווי־סיי ניט הערן. עס איז רעכט, אז ער איז איצט טויב פון נאכעס. עס טראָגן אים אליין די פיס, עס הויבט אים אף די טרעפ ווי אן אונטערגעשאָסענעם.

— ער גייט דאָך דעם ערשטן מאָל אין זיין לעבן צו א דאָקטער — לאָזט אים! באַם טיר פון קאבינעט האָט ער אלעמען צעשארט און ניט אָנקלאפנדיק האָט ער זיך אריינגעשטויסן מיט אזא מין אימפעט, פונקט ווי נאָך גיכע הילף.

ער האָט האסטיק אראָפּגעוואָרפן די קורטקע, שיר ניט צעריסן די העמד אפן לייב און מיט א ווינגדיקער פארוואָקסענער ברוסט האָט ער זיך א שטויס געטאָן צו דער יונגער דאָקטערשע.

— הער מיך אויס, זאָג, טייערע, וואָס פעלט מיר?

די יונגע דאָקטערשע (גרוניע זיין טאָכטער) האָט זיך אזש איבערגעשראָקן פארן אומגעריכטן קאָל פונעם אומגעריכטן פאציענט. זי האָט אף אים א וואָרף געטאָן א פאָר צעטומלטע אויגן, א שטעל געטאָן א פוס אף הינטער און דאָס טרייבל אין איר האנט האָט זיך צעטרייסלט.

— הער מיך אויס! — האָט דער פאציענט נאָך מער אופגעברויזטער גערעדט און נאָך נעענטער זיך א רוק געטאָן צו דער יונגער דאָקטערשע מיט א מער ווינגדי־קער ברוסט.

— זאָג, וואָס פעלט מיר?

זיין האָריקע ברוסט האָט דעם ערשטן מאָל אין לעבן דערפילט דעם קאלטן האַלז פון א דאָקטערשן טרייבל. דעם ערשטן מאָל אין לעבן זאָגט מען אים:

— אָטעם, טיפער, שטארקער, רויִקער. אָט אזוי, טיפער, רויִקער... עטעם, רויִקער...

ניין, רויִקער קען ער ניט. אָט־אָט, שפרינגט דאָס הארץ ארויס. דעם אָטעם פונעם דאָקטער פליסט אים גלייך אין הארץ אריין. אָט, עס קילט, עס קילט דער אָטעם. ס'איז אפולע הארץ מיט אָטעם, אפולע הארץ מיט ברויזנ וויִנט.

— זאָג, וואָס פעלט מיר?

— ביז 120 יאָר — האָט די דאָקטערשע דאפקע ערנסט א זאָג געטאָן, צונעמענ־דיק דאָס טרייבל פון דער ווינגדיקער ברוסט און א ניט־ווילנדיקער שמייכל האָט

איר פארקרימט די שטארק־אָפגעברענטע באקנ אונ דאָס כיינ־פינטעלע האָט זיכ צערונענ אינ שמייכל. זי האָט נאָר צוגעגעבנ:

— דיר פעלט גאָרנישט, טאטע, אפ אלע אונדזערע פרײַנט געזאָגט געוואָרנ.

איר קאָל איז געווענ עטוואָס צעוויגט. די שווארצע קרויזנ האָבנ זיכ איר צעשאָטנ איבערנ פאָנעם אונ די אויגנ שיר־שיר וואָס זיי שפרינגענ ניט ארויס. זי ווייס אליינ ניט, וואָס איז דאָ פאָרגעקומענ. אָט א מינ פארבלענדעניש. ווי קומט אהער דער טאטע?

צוליב וואָס האָט ער איר געבראכט א געזונטע הארצ אפ אויסצוהערנ? זי האָט דאָכ אימ שוינ געזאָגט ניט איינ מאָל—דיר פעלט גאָרנישט.

אונ ער? ער שטייט נאָכ אלצ מיט א היילער ברוסט אונ ווייס ניט אָנ וואָס זיכ אָנכאפנ. זי נעמט אימ אָנטאָנ, אָט ווי א קינד טוט זי אימ אָנ, אפ זײַנע פעסטע אקסלענ קוימ וואָס עס קריכט ארופ דאָס העמדל. ער איז נידעריקער פונ איר, ער אָטעמט איר אזוי נאָענט באמ פולבלעכנ האלדז. זײַנ נאָענטער קאָל טוט אזש א באק. ער זאָגט:

— כ'האָב געמיינט, אז ס'איז א ליגנ, ווי קומט צו בערל־איטשענ א דאָקטער. מע האָט געזאָגט... ווײַזט זיכ אויס... אנ עמעס?.. הא?

ער האָט ניט דערעדט, ער האָט א כאפ געטאָנ די קורטקע, ארויסגעפלויגנ, ווי א ווינט, פונ קאבינעט, לאָזנדיק אָפנ די טיר. ער איז געשטאנענ אפ די טרעפלעכ פונ גאנעק אזש א פארשוויצטער אינ די קורצזיכטיקע אויגלעכ זײַענ פארלאָפנ מיט אזא מינ טוי.

— וואָס הערט זיכ?—ט'מענ אימ פונ אלע זײַטנ באלעגערט אונ ניט געלאָזנ אראָפ פונ די טרעפ פונעמ גאנעק—וואָס הערט זיכ, בערל־איטשע?

בערל־איטשע האָט א ווײַלע געשוויגנ, געווישט דעמ באשוויצטנ שטערנ, נאָכדעמ באטראכטערהייט מיט גאדלעס אָפגעענטפערט.

— אפ אײַכ געזאָגט געוואָרנ!

פונ אלע זײַטנ האָט מענ אימ נאָכ שטײַפער ארומגענומענ, פארקוועטשט אימ אינ א רייפ אונ געקוקט אימ אינ זײַנ הייסנ מויל ארײַנ. מאמעס האָבנ קינדער צו די הערצער געטוליעט אונ ווי געשפראָכנ אונ איבערגעכאזערט:

— אפ אונדז געזאָגט געוואָרנ...

בערל־איטשע איז א לענגערע ווײַלע געשטאנענ אפ די טרעפלעכ פונ אמבולאטאָריע, געקוקט ווי דורכ א נעפל אונ ניט געוווסט וווהינ צו גיינ. ער האָט זיכ באָרניט געכאפט, אז די קורטקע שטעקט אפ זײַנע פלייצעס מיט דעמ אונטערשלאק ארופ.

עמעצער האָט אימ א נעמ געטאָנ באמ דייפעק, א דריק געטאָנ אזוי שטארק אונ א זאָג געטאָנ גאָר געהויבנ:

— ס'קלאפט ווי א פויק. אָט צענ וועלטנ דארפ ער לעבנ.

בערל־איטשע האָט גאָרנישט ניט געענטפערט, ער האָט נאָר א קרעכצ געטאָנ פונ פרייד.

נויעכ לוריע

# עליע יאַרש

## פערטער קאַפיטל

(פאָרזעצונג *)

### טויט און געבורט

(פאָרזעצונג)

אינ אָנהייב איז דער סטעפּ געווענ גרינ, ווי אַלעמאָל פרילינג, אונ די זונ נאָכב שווערנ ווינטער האָט דערפרייט די כיַיעס אונ די מענטשנ.

דערנאָכ זיַינענ אָנגעקומענ די טרוקענע ווינטנ. זיי האָבנ געבלאָזנ וואָכנ אונ כאַדאָשים נאָכאנאנד אונ אויסגעזויגנ ווו א הויכ פיַיכטקיַיט. די טוועס, ווו זיי האָבנ זיכ לעכאטכילע אונטערגעהויבנ, זיַינענ שוינ אזוי פארבליבנ נידעריק אָפּגעוואָקסנ פונ דער ערד, פארגעלט אונ פארדארט, איידער זיי האָבנ זיכ באוויזנ רעכט אויסצוזאנגלענ. די פאשע האָט אויסגעברענט, אונ די בעהיימעס זיַינענ מיט א רעווענ אומרויִק אומגעגאנגענ פונ אָרט צו אָרט, אומזיסט זוכנדיק א פריש גרעזל. די ווינטנ האָבנ געטריבנ טורעמס שווארצע שטויב. א רויטלעכע זונ האָט זיכ געזעגנ דורכ רויכיקע כמארעס, נאָר קיינ טראָפּנ איז פונ די כמארעס ניט אראָפּגעפאלנ. צו פארנאכט זיַינענ די ברעגעס הימל געווענ בליַיערנע, אונ גאנצ פרי איז דער האָריזאָנט ווידער אונ ווידער געווענ אומשולדיק בלוי, דורכויס לויטער, אָנ א וואָלקנדל, אָנ א פלעק.

די נעכט זיַינענ געווענ הייס. מענטשנ האָבנ געשריִענ פונ שלאָפ, געריסנ פונ זיכ די העמדער, מ'איז געלאָפנ אינ די גערטנער, זיכ געשפרייט אפ דער ערד, געזוכט בא איר קילקיַיט. נאָר דאָס גראָז איז געווענ אויסגעטריקנט אונ שטעכיק, אונ דער זאמד, ווי טליִענדיקער אש נאָכ א סרייפע.

אפ די וועגנ אונ אינ די שטיבער, אומעטום אונ נאָכאנאנד האָט מענ געהערט דעם בויערדנדיקנ אומענדלעכנ געפּיַיפּ פונעם ווינט, דאָס איז געווענ א קאָל פונ אנ אורא‌לטנ פּיַינט, אנ אָנזאָג פונ אומגליק אונ פארניכטונג. די ערשטע ציַיט האָט מענ געהויבנ די אויגנ, געזוכט אינ רוים סימאָנים אפ ענדערונג. אינ שולכל האָט

*) זע „שטערנ“ נומ. 7—8, 9.

מענ שאבעס געזאָגט א טפילע אפ א רעגנ. א יאָמער ווי א שטורעם, האָט געהויבנ די סטעליע. די קריסטנ אפ יענער זײַט טײַכל האָבנ אימ דערהערנדיק זיכ געציילעמט אונ געשאָקלט מיט די קעפ. שפּעטער האָט מענ שוינ אופגעהערט צו ווארטנ אפ גוטס.

ס'איז געקומענ צומ שניט, איז ניט געווענ וואָס צו שנײַדנ. ס'איז ניט געווענ וואָס צו פירנ, ניט געווענ וואָס צו דרעשנ. מע האָט ארומגעבלאָנקעט פארלוירענע, זיכ קיינ אָרט ניט געפונענ. ס'האָט געצויגנ ארבעטנ, ווי געוויינלעכ אינ דער הייסער צײַט. פארטאָג האָט מענ זיכ געוועקט מיט א געפיל, אז מע דארפ זיכ פעדערנ אופשטיינ, אונ שוינ אופגעהויבענע פונעמ געלעגער זיכ דערמאָנט, אז ס'איז ניטאָ צוליב וואָס, אונ צוריק זיכ אנידערגעלייגט, פארגראָבנ דעמ קאָפּ אינ קישנ.

סימע האָט ניט אראָפּגעלאָזט די הענט די צײַט, וואָס עליע איז געווענ אפנ פראָנט. זי האָט זיכ געמיט, געהאָרעוועט, ווי קיינמאָל אינ איר האָרעפּאשנעמ לעבנ. „מיט קיינ גרויסע זאכנ קענ איכ אימ ניט באגעגענענ, נאָר אז ער וועט קומענ אהיימ, זאָל כאָטש זײַנ ווארעמ אינ שטוב, אונ אפנ טיש זאָל שטיינ ברויט אונ זאלצ", איז געווענ איר ענטפער דער מאמענ, ווענ יענע פלעג זי פירהאלטנ. לעמײַ זי רוט ניט קיינ מינוט, זי וועט א טעל ווערנ. זי איז געווענ פעסט אינעמ גלויבנ, אז עליע מוז זיכ אומקערנ צו איר, סע קומט איר ניט אנדערש. זי האָט אזוי פיל געווארט, נאָכ קימאט פונ קיינ לעבנ ניט געוווסט...

אז ס'האָט זיכ אָנגעהויבנ דער וואפנ־שטילשטאנד אפנ פוילישנ פראָנט, איז איר געווענ קלאָר—עליע וועט אינגיכנ קומענ. אונ אז מע האָט צעקלאפּט ווראנגעלנ, האָט זי זיכ געזאָגט—דער לעצטער שטיינ פונ הארצנ. אנ עק. אונ זי האָט דערפילט אינ זיכ פרישע קויכעס אונ מוט אופצוטאָנ בערג.

סימע האָט ניט געוווסט פריִער, ווענ דער מאנ וועט אָנפאָרנ. איינמאָל איז זי ארויס נאָכ א פּאָר עמער וואסער אונ געלאָזט ניט פארשלאָסנ די טיר. ארײַנ צוריק אינ שטוב, האָט זי געטראָפנ דאָרט עליענ א נאָענטנ, אנ אייגענעמ, היימיש אויסגעטאָנ צומ אײַנוואשנ זיכ נאָכנ וועג. דאָס בלוט איז איר צוגעפלאָסנ צומ בלייכנ פּאָנעמ.

— אינ א גוטער שאָ,—האָט זי שטיל צוגעווונטשנ, אוועקשטעלנדיק די עמער.

אנ ערעכ צו דער זעלבער צײַט האָט כאיע־ריווקע באקומענ א בריוו פונ מוישקענ, געשריבנ פונ ווײַט, פונ ערגעצ אינ טורקעסטאנ, אונ איבערגעשיקט, ווי מע האָט געקאָנט פארשטיינ פונעמ אינהאלט, דורכ א כאווער, וואָס איז געפאָרנ קיינ מאָסקווע. אינ יענע געגנטנ זײַנענ נאָכ געגאנגענ גרויסע שלאכטנ, נאָר די בריוו האָט דער זונ געשריבנ, קענטיק, אינ א גליקלעכנ טאָג. זי האָט געאָטעמט מיט פריילעכקײַט אונ מוט, איז פול געווענ מיט הייסע ווערטער פונ ליבשאפט צו דער אלטער מאמענ אונ צו אלעמענ אינ דער היימ. כאיע־ריווקע האָט געוויינט פאר פרייד, געדריקט צומ הארצנ דאָס פארשריבענע בייגעלע פּאפּיר. זינט אָט די בריוו פונ מוישקענ אונ עליעס צוריקער פונ פראָנט איז די קליינע דארינקע יידענע גאָר ווי אנ אנדער מענטש געוואָרנ. זי האָט דערפילט נײַע קויכעס אינ די גלידער, א מאָדנעמ ברענ, א ווילנ אינײנעמ מיט א שטארקנ גלויבנ, אז איצט וועט שוינ זײַנ גוט.

— איצט מוז שוין זײַן גוט, גענוג זיכ אָנגעליטן, — האָט זי אָפּט גערעדט פאַר שכייניעס און אייגענע אין די וואָכן.

— אי, זיכ אָנגעליטן,—כאַפּט מען אונטער מיט געפיל.

— אז דו ביסט ניט געווען קיין באַלעבאָס אפ דײַן אייגן שטיקל ברויט,—דערמאָנט זיכ עמעצער די נאָכ ניט פאַרגעסענע קריוודעס.

— און זיי אפ די פראָנטן איז געווען גרינג? — שטעלט זיכ אײַן כאיע־ריוועקע פאַר די באָלשעוויקעס,—ווער ווייס, ווו מיר וואָלטן איצט געהאַלטן, ווען סע פעלט זיי כאָלילע אויס שטאַרקײַט.

— ווער רעדט,— פאַרענטפערט זיכ יענער,—נאָר סײַווי, איבערגעקומען. אן עק. וועסט וויסן, וויפל סע קומט פון דיר, און דאָס איבעריקע איז דײַנס, איצט וועלן זיכ גאָר אנדערש צונעמען די הענט אפ עפּעס טאָן.

אז ס׳האָט זיכ אָנגעהויבן די טריקעניש, האָט כאיע־ריוועקע אביסל א באַומרויִקטע אַלץ געטרייסט זיכ און אנדערע:

— נאָכ א טאָג, נאָכ עטלעכע טעג. ס׳וועט זיכ ענדערן.

— ס׳איז שוין אמאָל געווען אזוי, ס׳מוז זיכ ענדערן.

— אינדערפרי איז געווען א ראָסע. ס׳איז א גוטער סימען...

און אז די זון האָט ניט אופגעהערט צו סאַרפען און פאַרדאַרבן, האָט כאיע־ריוועקע, שטייענדיק אין איינעם א פרימאָרגן צווישן די קלענערע קינדער, זיכ מיט איר אויסגעטײַנעט:

— אכ, זונעלע, זון, דו ביסט דאָכ געשענקט, ווי א בראָכע פאַר דער וועלט, פאַרוואָס זאָלסטו אָפּנעמען די כיִונע בא די אָרעמע מענטשן?

נאָר די בראַנד האָט ניט אופגעהערט, און די קלאָלע פון ווינט האָט זיכ ניט געוואָלט שטילן.

מיט צאַרטקײַט און ווי האָט עליע זיכ צוגעקוקט אין די טעג צו דער מוטער.

— די מאַמע,—האָט ער איינמאָל אָן שום קענטיקער געלעגנהײַט זיכ ארויסגעזאָגט פאַר דער פרוי.—זי איז גאָר, ווי א קינד.

אים אַליין איז שוין געווען קלאָר: דאָס יאָר איז פאַרשפּילט. שוין נאָכ אַלע האָפענונגען. די גאַנצע קויכעס האָט ער מיט סימען איצט ארײַנגעלייגט אין די עטלעכע בייטן קאַרטאָפליעס בא דער שטוב, ארויסגעטראָגן אפ זיי טאָג נאָכ טאָג צענער צענדליקער עמער וואַסער. אפ עפּעס א קאַרגער גאָב האָט ער זיכ נאָכ געריכט פון דער קוקורוזע, באָר פון דעם מין איז גראָד געווען זייער ווייניק פאַרזייט.

שפּעטער אין האַרבסט, אז איטלעכע מישפּאָכע האָט פאַר זיכ אונטערגעפירט דעם וויסטן סאַכאַקל, איז ארײַן אין די שטיבער די שרעק. די, וואָס האָבן געהאַט רעשטן פון פאַראיאָרן, האָבן עס איצט באַהאַלטן, קיין האַנט זאָל צו דעם ניט דערלאַנגען, קיין אויג זאָל ניט שאַטן. אנדערע פון זיי זײַנען באַצײַטנס אוועק אין די שטעט און אין ווײַטערע ערטער, ווו דער אומגליק איז געווען קלענער, דאַרטן איבערוואַרטן דעם צאָרן. באַנאַכט, קיינער זאָל ניט זען, האָט מען שטיל ארופגעפּאַקעוועט אפ א האַרבע די עטלעכע זעק מעל און גרויפּן, גוט איינגעדעקט דאָס טײַערע פאַרמעגן מיט שטרוי און פּאַלאָווע, ארופגעזעצט פונויבן ווײַב און קינדער מיט זייערע טעפלעכ, פענדלעכ און פעק און זיכ געלאָזט אין וועג ארײַן.

אזוי האָבן געטאָן די, וואָס האָבן געהאט קרוווים אין דער פרעמד און, דעריקער געהאט וואָס מיטצונעמען און פערד אפ אריבערפאָרן. אלע אנדערע זײַנען געבליבן זיצן אין דער קאָלאָניע.

א פויער א שלימאזל איז געפאלן אפ א סייכל. ער האָט גענומען זײַן בעהיימע אפ א שטריקל און אוועקגעלאָזט זיך מיט איר צופוס איבער די דערפער. ער האָט זיך ארומגעשלעפט מיט איר דרײַ טעג איבער די בלאָטיקע הארבסטיקע וועגן, אונטערגעפאשעט זי צוביסלעך אפ די פארוויאנעטע רעשטלעך גראָז, גענעכטיקט אונטערן פינצטערן הימל. דאָס עסנווארג אינעם טאָרבעלע האָט זיך אויסגענומען, די זײַטן בא דער בעהימע זײַנען אײַנגעפאלן. ביידע פארלאָשענע, דער פויער און זײַן כײַע, ביידע מאָדנע ענלעך איינס צום אנדערן, זײַנען זיי געגאנגען אלץ ווײַטער אָן קויעך צו גיין.

א קאצעוו פון א שטעטל האָט זיי אָנגעיאָגט מיט זײַן פור.

— ווּהין פירט איר זי?—האָט ער געפרעגט,—זי וועט דאָך בא אײַך פאלן אין וועג.

— איך וויל זי אויסבײַטן אפ ברויט,—האָט דער פויער טמימעסדיק געענטפערט.

דער קאצעוו האָט זיך הילכיק צעלאכט.

— וואָס כאָלעמט זיך אײַך? אפ צוויי הונדערט ווערסט ארום און ארום איז ניטאָ קיין קערנדל אפילע פאר מײַז. קאָלומאן די פעגירע האלט זיך אפ די פיס, נעמט, וויפל איך גיב אײַך, און גייט אהיים.

אין יענעם כוידעש האָט מען אין דאָרף גענעסן אסאך פלייש. אפ אלע פלויטן האָבן זיך געטריקנט פעל. פאר אלע שטאלן זײַנען געשטאנען ברייטע קאליושעס בלוט. הינט האָבן געשלעפט ביינער און דרויב. א רייעך פון אָפגעסמאליעטע פיס האָט זיך געטראָגן פון הויפן. קנאפ געזאלצן אָדער גאָר אָן זאלץ, איז דאָס פלייש ניט געקראָכן אין האלדז. נאָר איינמאָל געקוילעט, האָט מען דאָס געגעסן איבער גוואלד, ארײַנגעשפארט אין גרויסע פאָרציעס, ס'זאָל ניט קאליע ווערן.

דאָס איז געווען דער לעצטער מאָלצײַט אין יענעם שרעקלעכן יאָר.

עליע יאָרש האָט געהאלטן זײַן בעהיימע אזוי לאנג, ווי ס'איז געווען פאר איר א הײַפל שטרוי. אז ס'איז שוין ניט געבליבן מיט וואָס זי צו האָדעווען, און זי איז פון טאָג צו טאָג אלץ מער אײַנגעשרומפן געוואָרן, איז ער אומגעגאנגען, ווי א קראנקער, ניט געקאָנט פויעלן בא זיך ארויסברענגען פון מויל דאָס וואָרט. סימע האָט די ערשטע געזאָגט:

— אפ וואָס קוקנדיק ווארטן? מע דארף רופן דעם שויכעט.

מע האָט זיך צונויפגערעדט מיט שכיינים, ווער וואָס פאר א כיילעק סע נעמט, ווי יענע האָבן עס פריִער מיט עטלעכע וואָכן געטאָן, ווען זיי האָבן געקוילעט, און מע האָט די בעהיימע צערעכט געמאכט. צו דער ערשטער סודע האָט סימע אײַנגעלאדן געסט: ביידנס עלטערן, יאנקעלען מיט ביילקען. נאָר ס'איז ניט געווען פריילעך. אינמיטן קײַען האָט מען פארהאלטן דעם ביסן אין מויל, אָנגעקוקט איינע די אנדערע, און טרערן האָבן געפינקלט אין די אויגן. מאן און ווײַב זײַנען אין יענע טעג אומגעגאנגען איבערגעזעטיקטע, מיט שווערע קעפ. אין די נעכט האָט די איבערפליסיקע שפײַז געהיצט דאָס בלוט.

דער טשאד איז גיך אריבער, און מיטאמאָל האָט מען דערזען, אז ס'איז פוסט

אינ שטוב. עפּעס איז נאָכ געווענ—א רעשטל מאקוכע,, א זעקעלע קליַיענ. דערמיט האָט מענ זיכ שפּאָרעוודיק דערנערט. נאָר ס'איז געוואָרנ אלצ וויניקער. דעמלט האָט מענ אָנגעהויבנ ליגנ. איַינגעווארעמטע אונטער די איבערבעטנ איז מענ געלעגנ פארכאלעשט ביז האלבנ טאָג און ביז פארנאכט. איינמאָל אינ מעסלעס זיכ אופגעהויבנ, אָנגעשארט אביסל פּאָלאָווע, געמישט מיט זאמד און געמאכט דערפונ א זאַטירקע, איַינגעשלונגענ דאָס הייסע געקעכטס און זיכ צוריק אנידערגעלייגט.

דעמ ווינטער איז געווענ ווייניק מיט וואָס צו הייצנ. זעלטנ ווענ איבער א קוימענ האָט זיכ געזענ א רויכ. זעלטנ ווענ עמעצער האָט זיכ געוויזנ אינ גאס. קיינקו האָט ניט געמוקעט, קיינ האָנ האָט ניט געקרייט, קינדער האָבנ אופגעהערט וויינענ.

ס'זיַינענ געווענ אזוינע היַיזער, וואָס האָבנ געהאט גאָכ גענוג זעק מיט גוטס פונ פאראיאָרנ. דאָרט האָט מענ געבאקנ און געקאָכט. נאָר געטאָנ האָט זיכ עס בא פארריגלטע טירנ און פארמאכטע לאָדנ, שטיל און פארסוידעט, געהיט פאר א פרעמד אויג. פונ יענע הויפנ זיַינענ ניט אָפּגעטראָטנ די דאָרפישע הינט, אָפּגעצערטע און אומעטיקע, מיט אראָפּגעפאלענע וויידלענ, שטומע כיַיעס, וואָס האָבנ פארגעסנ, וויאזוי מע בילט. ארומ יענע היַיזער האָבנ נאָכאנאנד געטשאטעוועט מענטשלעכע שאָטנס, זיכ צוגעהערט ווי מע בראָקט און מע שטויסט אינעווייניק, געצויגנ מיט די נאָזלעכער די רייכעס פונ ווארעמע קארטאָפל און געפּרעגלטע ציבעלע, וואָס האָבנ זיכ פונ דאָרטנ געטראָגנ, געשלונגענ דאָס שפּיַיעכצ, געווארט און זיכ אפּ גאָרניט ניט דערווארט. שפּעטער האָט מענ אָנגעהויבנ קלאפּנ אינ די טירנ און אויסשטרעקנ א האנט, נאָר זעלטנ, זעלטנ, ווענ עמעצער האָט עפּעס באקומענ. דער, וואָס האָט פארמאָגט, האָט מוירע געהאט צו געבנ נאָכ מער, ווי ער האָט געזשאלעוועט. די הונגעריקע מיַילער, האָט אימ געדוכט, וועלנ אימ איַינשלינגענ מיט אלצ מיטאַנאנדער, ווי זיי קריגנ נאָר דעמ מינדסטנ צוטריט.

א גרויסנ רוישעמ האָט געמאכט די געשיכטע, וואָס איז זיכ פארלאָפנ מיט ראָזע מאָזנאימ. זי האָט געטראָגנ אינ א טיכל א האלבנ צענדליק אייער פונ ערגעצ צו זיכ דורכנ גאָרטנ, אינ וועג אומגעראָטנ זיכ אינ עפּעס פארהאקט, די עקנ טיכל האָבנ זיכ איר ארויסגעגליטשט פונ דער האנט, און די אייער זיַינענ מיט א קנאק א פאל געטאָנ צו דער געפרוירענער ערד. איידער ראָזע איז געקומענ צו זיכ פונעמ דערשרעק, איז פונ ערגעצ אָנגעלאָפנ יאָסקע, טויבע דער אלמאָנעס זונ, א דריַיצנאָריקער באָכערעצ, זיכ א וואָרפ געטאָנ, ווי א שוליאק, לעבנ אירע פיס, אויסגעשפרייט ווי ער איז גרויס, און ארומגעצווימט דאָס גוטע אָרט מיט די גרויסע לאפּעס און זיכ טייקעפּ א נעמ געטאָנ זשליאָקענ די געלכלעכ מיט די וויַיסלעכ איניינעמ מיטנ געמיש פונ שניי און מיסט, ניט איבערגעקליבנ. ראָזקע האָט אימ געטויטשעט מיט א פוס אינ רוקנ, געזעצט מיט אלע קויכעס, געזידלט, געפּינעט פאר קאעס. ער איז געלעגנ, ווי א צוגעוואָקסענער, זיכ ניט אָפּגעריסנ, ביז ער איז פארטיק געוואָרנ מיטנ לעצטנ לעק. ערשט נאָכדעמ איז ער פאמעלעכ אופגעשטאנענ, דעמ שטערנ, די נאָז און דאָס מויל איַינגעשמירט אינ געלכל און ערד. מיט אויגנ, ווי בא איינעמ, וואָס איז נאָכ ניט אינגאנצנ אופגעוואכט פונ שווערנ שלאָפּ, האָט ער אוויַילע אָנגעקוקט די שריַיעדקע, אָנ א וואָרט־ענטפער זיכ אָפּגעקערט פונ איר און אַוועק.

אינמיטן ווינטער האָט זיך באוויזן אין דער קאָלאָניע דער ערשטער מעס, דאָס איז געווען אַן עלטערער ייִד העכער די זיבעציק. ער איז געלעגן אין אַ פינצטערן ווינקל. פריִער האָט ער געקרעכצט, געמאָנט עסן, אַ טרונק, דעם לעצטן מעסלעס איז ער שטיל געוואָרן, האָט מען אין אים פראָסט פארגעסן. ערשט אפן צווייטן טאָג, מ'איז געקומען צו זײַן צוקאָפנס נאָך עפּעס אַ שמאטע, האָט מען באמערקט, אַז ער איז טויט. מע האָט גלײַך ארויסגערופן אבעלע קאראקאשטין, און יענער האָט אים אָן איבעריקע שיִעס באהאלטן.

דערנאָך איז אַ וואָך צי מער גאָרניט געשען.

און מיטאמאָל האָט מען אָנגעהויבן טראָגן אלע טאָג פון אַן אנדער שטוב. ס'איז צוגעגאנגען קורץ און שווײַגנדיק, אָן באגלייטערס, אָן געוויין, מאמעס האָבן ניט געטײַנעט איבער זייערע קינדער. די גרעסטע זאָרג איז געווען, דער מעס זאָל ניט פארלעגערט ווערן. אבעלע האָט איצט געהאט אסאך ארבעט, און די ערד אין די פרעסט איז געווען הארט, ווי שטיין.

אבעלע קאראקאשטי, דער קוואָרעס־מאן, איז געווען אַ קליין ייִדל מיט אַ גרויסער גראָבער נאָז, מיט אַן אויסגעקרומט מויל. איין אויג איז אים געווען אויסגערונען. באם ריידן מיט עמעצן האָט ער געווײַנלעך אַ גיכן הויב געטאָן דאָס פּאָנעם צום מענטשן. דאָס איינציקע אויגל האָט דעמלט אויסגעזען, ווי סע כויזעקט, און דאָס קרומע אָפענע מויל פול מיט שטומען געלעכטער. זײַן קאָל האָט געקלונגען קימאט קינדערש און איבער דער מאָס הילכיק, ווי אַז מע רעדט צו איינעם, וואָס הערט שלעכט. מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָט ער צום דריטן מאָל כאסענע געהאט, און איטלעכע פון זײַנע ווײַבער האָט אים געדיכט געקינדלט.

אַ קאפּצן אין די זאטע יאָרן, געשלאָגן אפּ ברויט, האָט ער דאָס מאָל געהאט אַ גוטן ווינטער. און וואָס אַ טאָג איז ער געוואָרן אלץ מער בארײַסער.

— איך דארף קיינאנאָרע אסאך,— איז איצט געווען זײַן ווערטל.— גיט, גיט, דינגט זיך ניט. אײַך וועט ער שוין מער ניט קאָסטן, און איך קיינאנאָרע דארף אסאך...

קיין געלט האָט ער ניט גענומען, נאָר מאמאָשעסדיקס—עסנווארג, אלטע שיך, גענוצטע מאלבושים.

— ווײַזט, ווײַזט, וואָס איר האָט,—האָט ער געטריבן,—עפּשער עפּעס פאר מײַן קלענערן, פאר מײַן מיטעלער, פאר מײַן עלטערער (די לאמעד האָט ער ארויסגערעדט ווייך, אזש נאס), אַ פאָר פונט רעטשענע מעל, אביסל פאסאָליעס, ווײַזט, ווײַזט. איך דארף אלץ, נאָר גיכער. ניטאָ קיין צײַט. דער טאָג שטייט ניט.

פריִער פלעגט ער עס אָפּריכטן מיט אלע זיבן זאכן: שערבלעך אפּ די אויגן, ערד אַ זעקעלע אונטערן קאָפּ, שטעקעלעך אין די הענט, אַז טאָמער גיט אַ בלאָז מאָשיִעכס שויפער, זאָל דער פארשוין זיך קאָנען גלײַך אַ שטעל טאָן אפּ די פיס און לאָזן זיך אין וועג ארײַן. איצט האָט ער עס געמאכט זייער קורץ, און קיינער האָט אים קיין וואָרט ניט געטאָרט זאָגן.

ער און זײַן גאנצע הויזגעזינד זײַנען גאָר אופגעריכט געוואָרן. האָט זיך איבערמיטן דערינען ארײַנגעמישט מענאשקע הויקער, וואָס האָט זיך ביז אהער קיינמאָל מיט דער זאך ניט פארנומען. ער האָט זיך מעיאשעוו געווען, אַז אויב די פארנאָסע

שטייט דעם ווינטער טאקע אזוי געהויבן, קאָן זי האָדעווען צווייען. אין א טאָג, ווען ס׳איז געווען אסאך צו טאָן, און אבעלע האָט ווי געוויינלעך געמאכט קאפריזן, אז נישקאָשע, ס׳איז קאלט אין דרויסן, דער פאסאזשיר וועט ניט קאליע ווערן, אויב ער וועט צוווארטן, איז מענאשקע שטילערהייט געקומען און געמאָלדן, אז ער וועט עס מאכן ניט ערגער פון יענעם. אפן בייסוילעם האָט אים אבעלע געפאקט און גוט אָנגענעריקט מיט דער לאָפעטע, נאָר ס׳האָט ניט געהאָלפן. דער הויקער האָט די זאך ניט אָפגעלאָזט און פון צייט צו צייט ארויסגעכאפט א קונד מאמעש פון אונטער די הענט.

דעמלט האָט אבעלע קאראקאשטי אָנגעהויבן זיך קלוגן. פארטאָג, נאָך פינצטער, און א פאָר שאָ פאר זון־פארגאנג פלעג ער מיט זיינע ברייטע נידעריקע ברעטערנעם שליטן, וואָס ער ציט אים מיט די הענט, דורכגיין דאָס דאָרף הויז נאָך הויז, ווו ער האָט זיך געקאָנט אפ עמעצן ריכטן, פלעג אָנקלאפן און פרעגן מיט זיין קינדערש־הויך קעלעכל און די נאסע לאמעדן:

— איר ליעבט נאָך אליע?.. נו, ליעבט, ליעבט.

אָנגעטראָפן אפ דעם, וואָס ער האָט געזוכט, פלעג ער אים גלייך מיטנעמען אפ זיין שליטן און גיין ווייטער. די לאָר, וויפל ס׳איז געווען, פלעג ער פריִער פאר אלץ אָפפירן צו זיך אין שטאל, ער זאָל זיין זיכער, אז ס׳איז זיינס, דערנאָך, ווען ער האָט געהאט צייט, איטלעכן געטאָן זיין רעכט.

אז ס׳פלעג זיך מאכן א געראָטענער טאָג, איז ארופ בערגל געווען שווער צו שלעפן דעם שליטן. אבעלע כאָפעט, ווישט מיטן ארבל דעם שוויס, נאָר ווען ער באגעגנט אין וועג דעם הויקער א ליידיקן, קאָן ער זיך ניט איינהאלטן און שטעקט אים אויס א צונג.

מייער יאָרש האָט די לעצטע צייט קימאט אינגאנצן אופגעהערט ארופגיין פון געלעגער. כאיע־ריווקע האָט אים געמונטערט:

— לאָז זיך ניט אָפ. מע טאָר זיך ניט אָפלאָזן, א מענטש איז, ווי א ליכטל אין א ווינט. קאָלזמאן סע האלט זיך אפ דעם כאָטש עפעס א פלעמל, איז עס נאָך ניט פאר־לאָשן. שטארק זיך!..

מייער פלעג נאָר א מאכ טאָן מיט דער האנט:

— ס׳וועט שוין פון מיר גאָרניט זיין.

מע האָט אים צוגעטראָגן אביסל ווארעמס, האָט ער זיך אָפגעקערט. מע האָט אים דערלאנגט דעם לעפל צום מויל, האָט ער פארקוועטשט די ליפן און ניט געוואָלט נעמען.

— גיב בעסער די קינדער,—האָט ער געזאָגט.—מיר איז שוין אלצייינס.

כאיע־ריווקע האָט עס ניט געוואָלט הערן.

— רייד ניט אזוי. א מענטש קאָלזמאן ער אָטעמט, דארף ער האָפן.

זי האָט ניט אופגעהערט אים צו טאָרען:

— שטעל זיך אפ די פיס. כאָטש אפ א ווייַלינקע. ליג ניט אזוי קעסיידער. מע דארף זיך שטארקן. נאָך א דריי כאדאָשים וועט זיין א רעטעכל, א שטשאווי, שפעטער א קארטאָפעלע. אזוי וועלן מיר דערציִען ביזן נייעם ברויט.

א פארקלענערטע, אנ אויסגעדארטע, מיט אנ אש־קאָלירנ פּנעמל, אינ וועלכנ נאָר די קויל־שווארצע אויגנ האָבנ געטליִעט, האָט זי איינגעהיט אינ די ביינער נאָכ עפּעס אנ אימפּעט, א פיבער פונ האָפענונג אונ גלויבנ אינ לעבנ. אז אלע אירע טייַנעס האָבנ ניט געווירקט, אונ מייער האָט זיכ אויסגעדרייט מיטנ פּאָנעמ צו דער וואנט אונ אינגאנצנ אופגעהערט ענטפערנ, פארזונקענ אינ א כאלאָשעסדיקנ דרעמל אונ מער ניט אופצוּוואכנ, האָט זי אים נאָכ אלצ ניט אופגעהערט צו מינטערנ אונ די קינדער אָנגעזאָגט, זיי זאָלנ אים אָפּטער וועקנ.

— לאָזט אים ניט שלאָפנ נאָכאנאנד, שלאָפנדיק פילט ניט דער מענטש, ווי דער מאלכאמאָוועס רוקט זיכ צו, קעגנ דעמ מאלכאמאָוועס דארפ מענ זיכ שטעלנ מיט שטארקייַט.

נאָר מייער האָט זיכ שוינ מער ניט אומגעקערט מיט פּאָנעמ צו דער שטוב. ער איז געלעגנ מיט פארמאכטע אויגנ, כאָטש געהערט האָט ער נאָכ, ווייַזט אויס. אפ כאיע־ריווקעס רייד צו אימ פלעג ער אמאָל א שוואכנ ריר טאָנ מיט די פינגער, א צי טאָנ מיט א ברעמ, וואָס האָט קלאָר באטייַט — עס, סע לוינט שוינ ניט די מי... עליע איז געקומענ אונ גענומענ רופנ: „טאטע, טאטע, זאָג א וואָרט!“... נאָר ס'איז שוינ געווענ שפּעט. שטיל, אָנ א קרעכצ איז אויסגעגאנגענ מייער יאָרש. ס'איז געווענ נאָכ האלבנ טאָג. אינגיכנ האָט זיכ געיאווועט אבעלע קאראקאשטי. מע האָט פארשפּאָרט נאָכ אימ שיקנ.

א קאלטע הונגעריקע ווינטערדיקע נאכט, וואָס מע האָט שוינ אזויווי פארגעסנ איר אָנהויב. צו טאָג דארפ נאָכ זייַנ ווייַט, נאָר מאנ אונ ווייַב שלאָפנ שוינ לאנג ניט, ליגנ מיט אָפענע אויגנ אינ דער פינצטער, שווייַגנ אונ ווייסנ, אז מע איז ביידע וואכ.

— עלטשיק!—האָט סימע א רופ געטאָנ.—איכ האָב דיר געוואָלט זאָגנ, דאכט זיכ, מיר וועלנ האָבנ א קינד.

— יאָ?..

— ביסט ניט צופרידנ, זע איכ.

— ניינ, פארוואָס...

— כ'האָב זיכ שוינ געשעמט, עפּשער טויג איכ ניט. אזוי לאנג ניט געווענ. עליע האָט געשוויגנ.

— איכ ווייס, וואָס דו טראכסט,—האָט סימע געזאָגט.

— אינ אזא שווערנ יאָר, צי וועט זיכ עס באקומענ גוט.

— די צייַט וועט זיכ בעסערנ, וועלנ מיר עס אָפּכייַענ.

— בא אזא עסנ, וואָס דו עסט, וואָס פאר א מאָצ קאָנ עס האָבנ?

עליע האָט געטראכט: ווו נעמט מענ עפּעס אפ אונטערהאלטנ זי די עטלעכע כאדאָשימ, ביז ס'וועט גרינגער ווערנ. עפּשער ארייַנגיינ צו כאסקלענ, בעטנ אויסלייַענ. ער קער האָבנ. עליענ איז שוינ ניט איינמאָל פריִער געקומענ דער געדאנק. איצט האָט ער זיכ באשלאָסנ.

אפ מאָרגנ, גאָרניט זאָגנדיק סימענ, איז ער אוועק צו זייַנ אמאָליקנ כאווער. ער האָט אָנגעקלאפּט, האָט מענ ניט גיכ געעפנט. אנ אויסגעהוכקעט רעדעלע האָט זיכ באוויזנ אינ דער פארפרוירענער שויב. עליע האָט באמערקט ציפּעס פּאָנעמ. זי איז

ניט באַלד אַרויס צו אים. ווײַזט אויס, מע האָט זיך דאָרטן געהאַלטן אַן אײַצע אַרײַנלאָזן צי נײן. וואַרטנדיק האָט עליע דורך אַלע טירן געשפּירט דעם געשמאַק פון באַטאַמט פאַרפראָוועטער זראַזע, און אַז ער איז אַרײַן אין שטוב, האָט אים די שמעקנדיקע וואַרעמקײַט אַזוי באַשלאָגן, אַז ער איז צעטומלט געוואָרן און אַ מינוט לאַנג ניט געקאָנט אויסרײדן קײן וואָרט. כאַסקל האָט באַמערקט, אַז עליע איז עפּעס ניט מיט אַלעמען.

— וואָס איז דיר?—האָט ער געפרעגט.

— גאָרניט...

עליע האָט געוואָלט אַריבערגײן צום איניען, נאָר ער האָט זיך ניט געקאָנט דערמאָנען, צוליב וואָס ער איז געקומען. דער געשמאַק, וואָס איז געגאַנגען פון פאַרמאַכטן אויוון, האָט געגרײצט ביז כאַלאָשעס. דאָס מויל איז אים פול געוואָרן מיט סלינע, און דער האַלדז האָט פון זיך אַלײן געמאַכט שלונג־באַוועגונגען.

— האָסט עפּעס געדאַרפט?—האָט כאַסקל אַ פאַרכידעשטער געמאָנט ענטפער.

— יאָ.

— „איך וויל עסן“...—האָט ער שיער ניט אַרויסגערעדט, קוים זיך אײַנגעהאַלטן. טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן.

— ס'איז עפּעס געשען?

„אָט דאָס אָ, וואָס אין אויוון“... האָט עס אַ שטויס געטאָן צו זאָגן. די גלוס־טונג האָט פאַרטונקלט דעם זיקאָרן, ניט געלאָזט קומען צום וואָרט עפּעס אַנדערש. ער האָט זיך געמוזט אָנטאָן אַ קויעך, צווינגען דעם געדאַנק זיך אומקערן צום אײגנטלעכן ציל פון עם באַזוך: סימע, דאָס קינד... אויב ער בעט עסן, וועט ער מער קײן מויל ניט קאָנען עפענען און מוזן אַוועקגײן, ווי אַ בעטלער, מיט לײדיקע הענט: אַ ווײט־שווײס איז אים אַפן שטערן אַרויסגעטראָטן. איז וואָס־זשע האָט ער געדאַרפט? אָט דאָס אָ...

— כ'האָב געוואָלט בעטן, אַנטלײַ מיר אַ פּאָר פּוד וואָס ניט איז... ניטאָ גאָר־ניט, כאָטש לײג זיך און שטאַרב.

ער האָט זיך דערפילט שטײַפער.

— כ'וועל אָפּגעבן,—האָט ער מיטאַמאָל געפונען ווערטער, זעענדיק, אַז כאַסקל האָט זיך פאַרקלערט.—נאָך דער גערעטעניש וועל איך דיר אָפּגעבן מיט אַ דאַנק. מענטש זײַן רויק.

ציפּע איז געשטאַנען אָפּגערוקט, פאַרנומען מיט אירע שטוב־זאַכן, און זיך צום שמועס פון די מאַנצבלען ניט געמישט, נאָר מע האָט געזען, אַז זי הערט זיך צו גאַנץ אויפמערקזאַם. איר שטענדיקער שמײכל האָט זיך דאָס מאָל געפעלט. איר פּאָנעם איז געווען ערנסט און אײַנגעשלאָסן.

— וואַרט צו,—האָט כאַסקל געזאָגט צום גאַסט.

ער איז אַוועק צום ווײַב, שטיל, מיט האַלבע ווערטער, מער אַפן ווונק זיך מיט איר פאַרשטענדיקט און געקומען מיט אַן ענטפער, אַז—יאָ, אַביסל הירזש קאָן ער לײַען. ניט זײער קײן סאַך. ער האָט אַלײן ווײניק, נאָר פאַר אַ גוטן ברודער אין אַזאַ צײַט מוז מען, ווי זאָגט מען עס, זיך טײלן מיטן לעצטן.

— קום אַרײַנ אינאָװנט, װעסטו עס קריגנ. פאַרשטייסט? הײַנט זיכ װײַזנ אינ גאַס מיט אַזױנע זאַכנ אינ דער ליכטיק טױג ניט...

פונ דעמלט אָנ האָט סימע אָנגעהױבנ קאָכנ צװיי מאָל אינ טאָג הירזשענע קאַשע. עליע זעצט זיכ עסנ אײנײנעם מיטנ װײַב, זאַמט אומיסטנ, באַ איר װערט װייניקער, לייגט ער איר צו עטלעכע לעפל פונ זײַנ כײלעק, אַניט לאָזט ער איבער אַפנ טעלער מיטנ אָנשטעל, אַז ס'איז אים צופיל, אים גלוסט זיכ ניט מער. אונ זי זאָגט זיכ ניט אָפּ. ס'האָט איר געדאַכט, אַז זי פילט, װי די װאַרעמע שפּײַז גייט אַראָפּ ביז טיפ אינ איר אינגעװייד, אַהינ װו ס'צײַטיקט די פּרוכט, דערגייט אונ גיט איבער די קראַפט פונ דער נער, דעמ צוגעקומענעמ זאַפט פונ איר מוטער־לעכנ לײַב.

נאָר די הירזשענע קאַשע האָט ניט געהאָלפנ. אײנמאָל סאָפּ טאָג, װענ עליע איז געקומענ פונ גאַס, האָט זי אים באַגעגנט, ליגנדיק אַפ דער סאָפּקע, די אױגנ גע־װענדעט צו אים פול מיט שולד אונ װיי. ער האָט גענומענ אױספרעגנ, װאָס איז געשענ, האָט זי אַ צײַט ניט געענטפערט, מיטאַמאָל האָט זי זיכ צעװײנט, באַהאַלטנ דאָס פּאָנעמ אינ די הענט אונ זיכ צעשלוכצט, װי אַפ אַנ אומגליק, װאָס איז אַ כאַרפּע צו דערציילנ.

— הער אױפ, הער אױפ,— האָט ער זי אײַנגעשטילט, געגלעט איר די האָר,— עפּעס מיט דיר, מיט דעמ... מיטנ קינד?

— יאָ־אָ־אָ...

— כ'פאַרשטיי... װאָס זאָל מענ טאָנ.

— ס'אַזא פאַרדראָס!

— עפּשער איז גלײַכער, סימעלע, עפּשער װאָלט עס געבוירנ געװאָרנ אַ קאַליקע באַ דעמ עסנ, װאָס דו עסט. מע דערציילט, סע טרעפט איצט באַ אַסאַכ אַזױ װי באַ דיר. אַפּאָנעמ, ס'גייט מיט דער נאַטור...

לאַנגע װאָכנ נאָכדעמ האָט סימע געפילט אַ שרעקנדיקע ליידיקײַט אונטערנ האַרצנ. ניט צו װיסנ פאַרװאָס אונ פאַרװענ פלעג זי באַפאַלנ אַ װיסטער אומרו, אַ געפיל—װי זי װאָלט פאַרלױרנ עפּעס װיכטיקס אונ קאָנ זיכ ניט דערמאָנענ װו אונ װאָס. אַמאָל פלעג אָנכאַפּנ אַ פאַרלאַנג זיכ אָפּשטעלנ אינ מיטנ עפּעס טאָנ, אָדער אַרומגיינ אונ רופנ, רופנ, װי אַ קו, אױסגעשטרעקט דעמ קאָפּ צומ װײַטנ פעלד... מיט דער צײַט האָט זיכ עס געשטילט.

די ערשטע הילפ אינ אָט דעמ גרױסנ כורבנ איז אַראָפּגעקומענ אינ דער געשטאַלט פונ אַ יונג מיידל מיט אַ קליינ זײער לעבעדיק פּאָנעמ. אָנגעטאָנ אינ גראָבע שטיװל, אינ אַ פאַלטע איבערגענייט פונ אַנ אַלטער שינעל, דער קאָפּ אַרומגעבונדנ מיט אַ טיכל, איז זי אַראָפּ פונ דער פור אונ טײקעפּ זיכ אַ נעמ געטאָנ צו דער אַרבעט, אָװעק אינ ראַט, געפּאַקט דאָרט עמעצנ אונ זיכ מיט אים געלאָזט גיינ איבערנ דאָרפ. אינ אַ שאָ אַרומ האָט מענ שױנ פונ אַלע פענצטער אַפ איר געטײַטלט מיט די פינ־גער, געװאַרט אַפ איר פאַר די טירנ, געשטרעקט די הענט איר אַנטקעגנ אונ אָנגע־רופנ זי באַמ נאָמענ—כאַװערטע עטיע. מע האָט געװוסט, אַז זי איז געשיקט פונ דער ראַטנמאַכט אַרױסצוראַטעװענ די קינדער פונ דעמ אומגליק, אַװעקפירנ זיי איב

די גרויסע שטעט, וווּ ס׳איז פאר זיי אָנגעגרייט הײַזער אזעלכע מיט עסנ און שוועסטערשער זאָרג.

— כאַווערטע עטיע!—איז טויבע די אַלמאָנע ארויסגעלאָפנ צו איר אינ גאס מיט יאָסקענ בא דער האנט,—פארשרײַבט מײַנ ייִנגל. קוקט ניט, וואָס ער איז אזוי גרויס. ער איז נאָכ קיינ פערצנ יאָר ניט אלט. דאָס איז ער געראָטנ אינ זײַנ טאטנ, אָלעווו־אשאָלעם. יענער איז געווענ א גוואר, נאָר אז ער האָט געכאפט דעמ פלעק־טיפוס, איז ער פארברענט געוואָרנ אינ איינע זיבנ טעג. פעגיירעס האָבנ אויסגעלעבט אונ ער דאפקע ניט. גיי פרעג שײַלעס בא גאָט. מע העלפט מיר אביסל פונ סאָוועט, געזונט זאָלנ זיי זײַנ, אונ גוטע שכיינים העלפנ צו אמאָל, נאָר ווער איז בעקויעכ אָנשטאָפנ אזא קישקע? אז וויפל דו גיסט אימ, וויל ער נאָכ. ס׳איז ווײַל ער וואקסט. אָט דאָס וואקסנ זײַנס איז מײַנ אומגליק. א באָכער זאָל וויסנ נאָר איינ זאכ—עסנ! אינדערפרי, באנאכט, אלע טאָג—עסנ! עסנ! פאָשעט ווי מעשוגע... אונ וווּ זאָל איכ אימ נעמענ? אז ער איינער קאָנ ארײַנפאקנ, וויפל אנדערע דרײַ. אונ אביסל קלײַענ, אויב מע קריגט הײַנט, איז א יאָנטעוו. איר ווייסט דאָכ, וואָס בא אונדז טוט זיכ. איכ פארשפאָר אײַכ דערציילנ. כאָטש אזוי קאָנ מענ צו אימ גאָרניט האָבנ. אדעראבע, אז ער וועט זײַנ בא אײַכ זאט, וועט ער אײַכ אָנהאקנ האָלצ, אָנטראָגנ וואסער, איר וועט פונ אימ האָבנ א נוצ.

די כאווערטע עטיע האָט אָנגעקוקט די אַלמאָנע מיטנ זונ, פאר איר איז געשטאנענ א האמעטנע אויסגעוואקסענער באָכערעצ מיט גראָבע בלייכע ליפנ, מיט א געלבלעכ־בלייכ פאָנעמ. די מוטער האָט אימ געהאלטנ בא א האנט, אונ ער האָט זיכ קינדיש געלאָזט, געשוויגנ אונ מיט בעטנדיקע אויגנ געקוקט אפ דער, וואָס האָט געדארפט באשליסנ זײַנ גוירל.

— נעמט מיכ, איר וועט פונ מיר האָבנ א נוצ,—האָט ער פלוצימ אויסגערעדט מיט א טויבער שטימ, ווענ עטיע האָט געזאמט מיט איר ענטפער.

— איכ ווייס ניט, וואָס טוט מענ מיט אײַכ,—האָט דאָס מיידל געזאָגט.—מיר נעמענ קליינוואַרג. ווּ וועלנ מיר אײַכ אהינטאָנ? אלנפאלס אליינ האָב איכ קיינ רעכט ניט. כ׳וועל אָנפרעגנ.

יאנקעלענ האָט עטיע פארשריבנ. א דינינקער, א דורכזיכטיקער, האָט ער נאָר אינ די אויגנ אופגעהיט א פונק פײַער. זי האָט אימ גענומענ אפ די הענט, האָט זי זיכ פארכידעשט, ווי גרינג ער איז, אָט דער עלף־יאָריקער, ווי צוטרוילעכ ער זיצט בא איר, קוקט מיט האָפענינג, ווי אפ אנ אויסלייזערנ, ווארט, זי זאָל אימ אזוי אָ אפ די הענט טאקע באלד אוועקטראָגנ פונדאנענ צו דער ראטנמאכט, וואָס ראטעוועט קינדער אונ גיט זיי בולקעלעכ מיט זיסנ טיי, ווי ער האָט געהערט אינ שטוב.

די אומעטיקע האָרעפאשנע ביילקע, וואָס האָט נאָכ אינ איר לעבנ קימאט ניט געשמייכלט, האָט געוווּסט, אז זי וועט בלײַבנ אינדערהיימ, מע וועט זי ניט נעמענ. ווי איר שטייגער, האָט זי גלײַכ אײַנגעשטימט מיט איר גוירל. כאָיע־ריווע האָט געפרווּט זאָגנ דער כאווערטע עטיענ א וואָרט פאר איר, האָט ביילקע פירגעהאלטנ דער מוטער מיט א פארדראָס:

— אז איכ בינ איבערגעוואקסנ, וואָס־זשע איז דאָ צו ריידנ?..

ווענ עליע איז געקומענ פונ פראָנט, האָט ער געטראָפנ אינ דער קאָלאָניע א

שטיקל נײַס. וועגן דעם האָבן באַלד אינעם ערשטן אָוונט גערעדט שכיינים, וואָס זײַנען זיך צונויפגעקומען א קוק טאָן אפן גאסט, וועגן דעם האָבן דערציילט באַקענטע אין גאס. די נײַס איז געווען—דער קאָמיטעט פון די אָרעמפויערים, וואָס האָט זיך ניט לאנג צוריק אָרגאניזירט, און דעריקער, ווי געוויינלעך, די מענטשן, וואָס מע האָט אהין אויסגעקליבן, באזונדערס יודל כירמאן אָדער יודל אָפדירעק, ווי מע האָט אים אין דער קאָלאָניע גערופן.

פונוואנען האָט זיך גענומען די צונעמעניש אָפדירעק איז שווער צו זאָגן. ער איז געווען א הויכער, א מאָגערער, מיט אן אויסגעהאָרבעטער נאָז, מיט רויטע פלעקן אפ די ביינערדיקע באקן. די שווארצע אויגן ארויסגעקוליעט און שטענדיק אופגערעגט. אפן לאנגן דארן האלדז—א שטארק שטארצנדיקער קנאָפ. צו זײַנע קארגע דרײַסיק יאָר איז ער שוין געווען א טאטע פון א היפשן פעקל קינדער. ער איז געקראָכן פון דער הויט זיי צו דערנערן. דעריקער אָבער האָט ער געהאט צו אלץ און צו אלעמען טײַנעס. אין גאס האָט מען אים שטענדיק געזען שטיין אין א רעדל, מאכן מיט די הענט און פילדערן. אומעטום האָט ער געפונען אומגערעכטיקײַט, אלע זײַנען אין זײַנע אויגן געווען גאנאָווים און ליגנער.

— ניטאָ קיין עמעס אפ דער וועלט, ניטאָ.—איז געווען זײַן אויספיר וועגן וואָס מע זאָל ניט ריידן.

— דער מילנער מאָלט מעל, דער ראָוו פארגלאָצט די אויגן, דער אָראטאָר האלט רעדעס—אלץ פאר זיך,—פלעג ער מאכן איין סאכאקל פון אלעמען און דערבײַ אָנטײַטלען מיט א פינגער אפן בויך.

אנומלטיקע יאָרן, אין שולכל הינטער דער בימע, פלעג ער שארפן די צונג אפ די באלעבאטים: „א גוויר איז א כאזער". „יוער ס'האָט די מייע האָט די דייע".

נאָכ דער רעוואָליוציע איז אים צוגעקומען א ווערטל—„קאָמיטעטשיקעס", מיט וועלכן ער האָט איצט געשטעמפלט אלע, וואָס האָבן זיך פארנומען מיט עפעס א געזעלשאפטלעכער אָדער מעלוכישער זאך.

— דעריקער זײַנען זיי קאָמיטעטשיקעס פאר זיך, פאר זיך,—האָט ער ווידער געטײַטלט מיטן פינגער אפן בויך.

ער האָט געוווסט אלץ, וואָס סע טוט זיך אין דער קאָלאָניע, וואָס בא איטלעכן אין טעפל קאָכט זיך, ווער ס'האָט אָנגעטאָן א נײַע פאָר שטיוול.

א געקומענער רערנער פלעג צום אלעם ערשטן באמערקן יודלען, וואָס פלעגט זיך שטענדיק ווײַזן אינמיטן דער פארזאמלונג, בלײַבן שטיין בא דער טיר און פון דאָרטן, ארײַנפאלנדיק אין די רייד, נעמען ווארפן פראגעס, וואָס פלעגן זיך געוויינלעך אָנהויבן מיטן ווערטל: „אמײַ" און האָבן אין זיך באהאלטן ניט גאָר קלאָרע אָנצוהערענישן אפ עפעס פערזאָנען און אלערליי אָרטיקע אומאָרדענונגען.

ווען מע האָט געשאפן אין דער קאָלאָניע די אָרגאניזאציע פון די אָרעמפויערים, איז ער צווישן די ערשטע ארײַן אין דער אָנפירונג. אזוי האָט זיך געמאכט, אז יודל אָפדירעק איז אליין געוואָרן א קאָמיטעטשיק.

עליען האָט די נײַע אָרגאניזאציע שטארק פארינטערעסירט.

— א נייטיקע זאך,—האָט ער ענערגיש צוגעשאָקלט מיטן קאָפ, אז ער האָט דערפון דערהערט, און א גאנצן אָוונט נאָכדעם געהאט טיפ־צעווארעמטע אויגן.

— אַ נייטיקע זאַך, גאָר אַ נייטיקע זאַך,—האָט ער די ערשטע טעג איבערגעכאַזורט אין שטוב און אין גאַס איטלעכן מאָל, ווען ס'איז געקומען וועגן דעם צו רייד.

ס'האָט אים נאָר זייער געאַרט, וואָס יודל כירמאַן איז דאָרטן אַ גאַנצער קאָכלעפל.

— אַ פוסטע קיילע, אַן עמעסער אָפּדירעק,—האָט ער זיך מיט האַרץ אַרויסגעזאָגט פאַר סימען.—כ'האָב מוירע, ער וועט אָפּקומען מיט רייד.

ער האָט זיך נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל אומגעקערט צו דעם איניען. די זאַך איז אים, אַפּאָנעם, שטאַרק אָנגעגאַנגען.

— אַ ווירטיקע אָרגאַניזאַציע. פּאָשעט נייטיק, ווי אין לעבן, נאָר מענטשן. מע דאַרף מענטשן...—האָט ער אָפּט איבערגעכאַזורט אין די שמועסן מיט די היימישע.

סאָף ווינטער האָט אָנגעהויבן אָנקומען שטיצע פאַר די הונגעריקע אַפן אָרט. אויסגעשעפּט נאָך יאָרן מילכאָמע און קלאַסן־שלאַכטן מיט אָנצאָליקע פּײַנט, האָט די יונגע פּראָלעטאַרישע מעלוכע איצט געמוזט אָנהויבן אַ שווערן קאַמף מיט די פאַרדאָרבונגען פון דער בייזער סטיכיע, צונויפנעמען פון אַלע עקן לאַנד אַלץ, וואָס עס איז נאָר מעגלעך געווען אָפּצורייסן, און שיקן עס צו הילף די פאַרומגליקטע. דער אָרעמפּויערים־קאָמיטעט, וואָס איז די לעצטע כאַדאָשים געווען אינגאַנצן פאַרכאַלעשט געוואָרן, האָט ווידער אויפגעלעבט. מע האָט געגעבן אַביסל אַפּ זריע און אַביסל אַפּ שפּייז. מע האָט אײַנגעאָרדנט אַ גאָרקיך פאַר די אַמערסטן אויסגעהונגערטע קינדער. זיי האָבן דאַרטן צוויי מאָל אַ טאָג באַקומען אַ וואַרעם געקעכץ. ביילקען האָט מען אַהין צוגענומען פאַר אַ געפעס־וואַשערן, ווען זי האָט שוין געהאַט געשוואָלענע פיס און געהאַלטן גאָר באַם ראַנד. אַזוי איז זי געראַטעוועט געוואָרן. טויבע די אַלמאָנע האָט אויסגעוויינט, מע זאָל איר יאָסקען אויך פאַררעכענען פאַר אַ קינד. די ביסלעך קוליש אַפּן פּלאַטשיקן טעלער פלעגן ער אַרײַנכלעפּטשען אין איין האַלבער מינוט און נאָכדעם זיצן און קוקן מיט הונגעריקע אויגן, עפּשער לאָזט עמעצער איבער, עפּשער וועט מען געבן נאָך. נאָר קיינער פלעגט ניט איבערלאָזן קיין לעק, און נאָך פלעגט מען זעלטן, זעלטן ווען געבן.

אין דער קאָלאָניע האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די ערשטע פּעקלעך פון „אַראַ“. זיי האָבן זיך געזעצט פּונקט אין די הײַזער, וווהין מע האָט זיי געשיקט: באַם געוועזענעם ראָוו, באַם געוועזענעם שולץ, באַ עמעצן פון די זשוקעס.

פאַרנאַכט פלעגט כירמאַן אין אַ רעדל פאַר אַ שטוב, פאַרבויגנדיק אַ פינגער נאָך אַ פינגער, אַלעמאָל מאַכן דעם כעזשבן, ווער ס'האָט שוין ווידער באַקומען. יאַנקיווו מאָזנאַים, בענציע מאָרדיש...

— און פונוואַנען טרעפן זיי פּונקט אויסצומײַדן יודל דעם קאַפּצנס טיר, פאַרשטיי איך ניט,— האָט ער געטײַנעט, און דער אוילעם, באַליידיקט און געפּלאָגט מיט דעם זעלבן, האָט אים געווײַנלעך אונטערגעהאַלטן ווער מיט אַ קרעכץ, ווער מיט אַ ביטער וואָרט.

פרילינג האָט מען צוביסלעך געזייט. כאַיע־ריווקע האָט זיך גענומען צוגרייטן עטלעכע בייטעלעך גאָרטן. לאַנג נאָכאַנאַנד אַרבעטן האָט זי קיין קויעך ניט געהאַט, האָט זי אַלעמאָל באַנײַס זיך אַרויסגעכאַפּט אַפּ אַ האַלבער שאָ און געגראָבן, זיך געבויגן, פאַראַקשנט אָנגעלייגט זיך מיטן גרינגינקן קערפּער אַפּ דער לאָפּעטע, צו־

געקלאַפּט מיטן פוס, ניט אָפּגעלאָזט. א שכיינע האָט זיך אָפּגעשטעלט קוקן. אין איר בליק איז געווען כידעש און אפילע א שטיקל ניט אויסגערעדטער פאָרוואורפ.

— עס העלפט ניט, מע דאַרף לעבן,—האָט כאַיע־ריווקע זיך פאַרענטפערט, אָפּלייגנדיק אפ א ווײַלע די אַרבעט,—אַז די פיס טראָגן, און די זונעלע שײַנט, איז דאַרף מען, אַפּאָנעם, ווײַטער לעבן. ווען מײַער וואָלט זיך געהאַלטן כאָטש נאָך א כוידעש! שפּעטער האָט פּאָרט אָנגעהויבן אָנקומען צוביסעלעך הילף. ווי ניט איז וואָלטן מיר זיך איבערגעמוטשעט אינאיינעם די שווערע צײַט. איך האָב זיך געבעטן בא אים, נאָר ס'האָט אים אויסגעפעלט שטאַרקײַט. אַלע זײַנע יאָרן אַזוי. ווי נאָר עפּעס, זײַנען אים גלײַך אָפּגעפאַלן די הענט...

פון דער גאַנצער מישפּאָכע איז זי איינע געבליבן אָן א שטענדיקן קוואַל. אַמאָל פלעג זי עפּעס איבערכאַפּן בא עליען. אַמאָל פלעג ביילקע אָפּשפּאָרן א קליינקײַט פון דער קיך און ברענגען פאַר דער מאַמען אַהיים. אָפטלעך האָט מען זי געזען אפ דער לאָנקע באַם טײַכל אָדער אין סטעפּ. זי האָט געקליבן שטשאַוויי אין פאַרטעך און דערבײַ אַלע ווײַלע א קײַ געטאָן א בלעטעלע אָדער א בלימעלע קלעווער.

— א מענטש טאָר זיך ניט אונטערגעבן,—האָט זי גערעדט פאַר דער שכיינע,—וויפל איך האָב זיך געבעטן בא מײַערן: קעגן דעם מאַלכאַמאָוועס דאַרף מען זיך שטעלן מיט קויעכ! ער האָט ניט געקאָנט. געווען א פלאָכער. אַלע זײַנע יאָרן.

יענעם זומער זײַנען אין די ערטער אָפטער געוואָרן גנייוועס. פּויערים האָבן ניט אויפגעהערט ווענן דעם צו ריידן אין די הויפן און אפ די וועגן. אויך אין דער קאָלאָניע זײַנען געווען עטלעכע פּריקרע פאַלן. דעם גרעסטן ראַש האָט אַרויסגערופן די מײַסע מיטן קעלבל, וואָס איז אין איינעם אָן אָנהייב אָונטס פּלוצים ניט געסטײַעט בא בענציע מאָרדישן. וויפל ער האָט ניט געזוכט, געאַקערט, האָט עס צו גאָרניט געבראַכט. דאָס קעלבל איז פאַרפאַלן געוואָרן, ווי א רויעך וואָלט עס אויסגעכאַפּט.

ס'איז געווען א הייסער טאָג. יאָסקע, טויבע דער אַלמאָנעס זון, האָט זיך אויסגעשלאָפן באַם טײַכל און זיך אויפגעכאַפּט א צעפּאַרעטער, א פאַרנעפּלטער, מיט יענער סמאָקענדיקער נאָגעניש אונטערן לעפּעלע, וואָס האָט אים דאָס יאָר ניט אויפגעהערט אַרומצוטרײַבן, קעסיידער געטאָרעט עפּעס צו זוכן. די נאָז האָט אים געווינלעך ניט גענאַרט, געפירט ריכטיק צו די הײַזער, ווו ס'האָט זיך עפּעס געבאַקן צי געקאָכט. דאָרט פלעג ער שטיין בא דער טיר אָדער פאַרן אָפענעם פענצטער מיט הינטיש־בעטנדיקע אויגן. מע יאָגט אים אַוועק, רוקט ער זיך אָפּ עטלעכע טריט און שטייט ווײַטער, ביז מע גיט אים עפּעס פון די צונויפגעגאָסענע רעשטלעך, אָדער ביז דער עסן־געשמאַק בלײַבט ניט אַרום שטוב און הערט איפּ צו רייצן.

דעם טאָג האָט יאָסקע געהאַט ניט קיין גוטן אָנהויב. אינדערפרי האָט עס אים דער טײַוול אָנגעטראָגן צו די מאָזנאַימס טיר. פונדאָרטן איז געגאַנגען עפּעס א באַטאַמטס און ווילשמעקנדיקס. צום באַקאַנטן רייעך פון הייסער מילך האָט זיך צוגעמישט נאָך עפּעס, וואָס ער האָט נאָך אַזוינס קיינמאָל ניט פאַרזוכט און אפילע ניט געוווסט דעם נאָמען דערפון, נאָר ס'האָט אים דורכגעדרונגען אפ דורך און דורך. אין זײַנע קינדערשע גרויע אויגן איז געווען יענע אומשולדיקע און גוואַלדיקע

גלוסטונג, וואָס מע קאָן זי זען בא א מילדער כײַע. ראָזע האָט ארויסגעקוקט און זיך צעשריִען:

— דו ביסט שוין דאָ, דו שיבעניק? די מינוט זאָלסטו אוועק פונדאנען!

נאָר יאָסקע האָט אפּ די קוילעס געענטפערט נאָר מיט א באגערנדיקן לײַכטן הירזשע, ווי א לאָשעק; וואָס אָט־אָט דערקלײַבט ער זיך צו דער מוטערס הײַטער.

— ה־ה־האָ, אָט פון דעם אָ. כאָטש א קאפּעלע...

— וואָס? וואָס זאָגסטו?—האָט זיך ראָזע ניט געגלויבט, וואָס זי הערט.

— אָט פון דעם אָ, וואָס סע שמעקט אזוי... מיר כאָטש א קאפּעלע...

— אזוי? נאָך דער אנומלטיקער פּרעזשעניצע האָסטו כיישעק פארטרינקען מיט א גלאָז קאקאאָ? ווארט צו. אָט באלד.

זי איז אוועק און ער איז געבליבן ווארטן, די גראָבע ליפּן אביסעלע צעעפנט, ברייטע צו נעמען דאָס גוטס, וואָס האָט געקיצלט אין האלדז, מאמעש געבעטן זיך, מע זאָל עס שלינגען.

— וואָס מיר האָט זיך געכאָלעמט די נאכט און יענע נאכט,—האָט זיך ראָזע אומגעקערט מיט עפּעס אין דער האנט.—נא!

און זי האָט אויסגעגאָסן אפן באָכערס קאָפּ א היפּש קענדל שטארק הייסע וואסער.

יאָסקע האָט נאָך ביז איצט געפילט אפן רעכטן אויער און נידעריקער א בראנד. ער האָט זיך אויסגעטשוכעט נאָכן שלאָפּ, א קנייטש געטאָן דעם שמארצנדיקן אקסל, זיך אויסגעשאָלטן מיט זײַן ערגסטער קלאָלע: „א כאָליערע איר אין בויכ!” און איז אוועק פאמעלעכ—פריִער מיטן ברעג טײַכל, דערנאָך, ווי זײַן שטייגער, איבער די הויפן.

בא בענציע מאָרדישעס שטוב האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. אָנגעקומען מיט א סטעזשקעלע צווישן די גערטנער, איז ער איצט געשטאנען פאר אן אָפענעם פענצטער, ארײַנגעקוקט און, ווי א צוגעקאָוועטער, זיך ניט געקאָנט רירן פונעם אָרט. אפ א טיש גאָר ניט ווײַט אינעווייניק זײַנען געלעגן עטלעכע קוילעטשן, גרויסע, געפלאָכטענע, אין די פארטיפונגען בלייכ־ווײַס, און די בוילעטקײַטן ברוינלעכ־געל, מיט א גלאנץ. זיי האָבן זיך דאָרט, ווײַזט אויס, געקילט, אָקאָרשט ארויסגענומען פונעם ערעוושאבעסדיקן אויוון. יאָסקע האָט ניט געקאָנט אָפּרײַסן פון זיי דעם בליק. זיי האָבן געצויגן ניט אויסצוהאלטן. אין צימער איז קיינער ניט געווען. ארום, אויכעט שטיל, קיין באוועגונג, קיין רייד. יאָסקע האָט אליין ניט געדענקט, ווי־אזוי ער האָט זיך אונטערגעהויבן אפן נידעריקן צאָקאָל, זיך איבערגעבויגן איבערן פענצטער־ברעט און מיט די פינגער פון זײַן גענוג לאנגער האנט א פּאק געטאָן פארן קראַיעצ. איינעם פון די קוילעטשן, צוגעשלעפּט, באהאלטן אים א הייסן׳ אונטערן העמד און גלײַכ זיך אָפּגעטראָגן מיט אים אין ריוו, וואָס האָט זיך געפונען טאקע ׳דאָ דערבײַ.

דורכגעריסן אפ דעם בארג־אראָפּ פון די פרילינגדיקע וואסערן, א שמאָלער און א באנצ טיפער, האָט דער ריוו פארשטעלט יאָסקען איבערן קאָפּ. יאָסקע האָט געכאפּט א קוק אהער, אהין—קיין מענטש, האָט ער ארויסגענומען דעם קוילעטש פון אונטערן העמד, אָפּגעריסן א טייל און ארײַנגעקוועטשט. געשמאק און שמעקנדיק האָט עס אָנגעפולט דאָס מויל מיט מעכײַעדיקער פארשיקערנדיקער ווארעמקײַט. ער

האָט געקניפּט און געשפּארט אינ זיכ א שטיק נאָכ א שטיק ביז ער האָט זיכ דערפילט מאָדנע גוט, און א צופרידענער שמייכל האָט זיכ צעגאָסנ איבער זײַנ פּאָנעם. א הינטל איז צוגעלאָפנ, האָט יאָסקע אים געוואָרפנ א ביסנ: „נא, ריזשיק!“... און אלײנ ווײַטער געקײַט שוינ קילבלעכ, אויסזוכנדיק איבערקלײַבעריש נאָר די צוגעברוינטע אויבערשטע פלעכטלעכ, וואָס קנאקנ אזוי פריילעכ אונטער די ציינ.

פונעם קוילעטש איז שוינ געבליבנ ניט גאָר קיינ סאכ. יאָסקע האָט באטראכט דעמ רעשט, געשלאָגנ זיכ מיט דער דייע, עסנ ווײַטער, צי גלײַכער איבערלאָזנ אפּ שפּעטער, ווענ אינ דער הייכ, איבערנ ראנד פונ ריוו האָבנ זיכ פלוצימ באוויזנ מערע מאָרדיש מיט בענציענ און הינטער זיי נאָכ עטלעכע פארשוינענ. א רעגע איז יאָסקע א פארגליווערטער פונ שרעק געשטאנענ מיט אנ אָפענ מויל, דערנאָכ זיכ א נעמ געטאָנ מיט אלע קויכעס שטעלנ פיס.

— גאנעוו! האלט דעמ גאנעוו!—האָט אויסגעהילכט מערעס קוויטשיקער געשריי.

— דעמ גאנעוו!— דעמ גאנעוו!—האָבנ אונטערגעכאפּט קוילעס פונ פויערימ, וואָס האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ לענגויס דעמ ריוו פארלויפנ יאָסקענ דעמ וועג.—נעמט אימ! האלט אימ!

אלע האָבנ זיכ אראָפּגעשאָטנ אינ ריוו. עטלעכע פאראמאָל האָבנ זיכ אָנגעוואָרפנ אפנ באָכער און גענומענ אימ זעצנ, באָכענ אינ קאָפּ, אינ רוקנ, אינ די ציינ. אינאָנהייב האָט ער זיכ געראנגלט, געשטויסנ פונ זיכ מיט די הענט, מיט די פיס. דאָס האָט נאָכ מער אופגערייצט דעמ אוילעמ:

— לאָזט מיכ!— האָט איינער באמ אנדערנ ארויסגעריסנ דעמ קאָרבנ,—אָט וועל איכ! מיר גיט אימ, מיר!

בענציע איז אָנגעפאלנ און צעשטופּט די זײַטיקע.

— טשעפּעט ניט. איכ וועל מיט אימ ריידנ.

ער האָט שווער געסאָפּעט, בענציע מאָרדיש, זיכ נאָכאנאנד געביטנ אינ די קאָלירנ. די אויגנ זײַנענ אימ געווענ דול פאר סינע.

— ווו איז מײַנ קאלב?—האָט ער אויסגעשריִענ הייזעריק און א נעמ צונויפּ געטאָנ אינ זײַנ זשמעניע יאָסקעס העמדל אונטערנ גאָרגל. א צעקײַלטער, א צעטומלטער האָט דער באָכער געפינטלט מיט די אויגנ, ניט פארשטאנענ, וואָס מע רעדט צו אימ.

— ווו איז מײַנ קאלב?—האָט בענציע איבערגעכאזערט אלצ מער אָנגיסנדיק זיכ מיט רעציכע.

— א־איכ ווייס ניט, וואָס פאר א קאלב...

— אינ דאָס אָ,—האָט מערע אָנגעוויזנ אפנ צעקוועטשטנ רעשט קוילעטש, וואָס דער באָכער האָט צווישנ אלע סטוסאקעס פעסט אײַנגעהאלטנ אינ דער האנט, ניט ארויסגעלאָזט,—אָט דאָס אָ, ווייסטו אויכ ניט, פונוואנענ עס קומט צו דיר? האָסט בעגאנוועט, ביסט געקראָכנ דורכנ פענצטער. גאנעוו!

— כ'האָב געוואָלט עסנ.

די ייִדענע, וואָס איז די גאנצע צײַט געשטאנענ אויסגעבויגנ מיט אָנגעגרייטע נעגל, האָט שוינ מער ניט געקאָנט הערשנ איבער זיכ. מיט א ווילדער טײַווע האָט זי זיכ א נעמ געטאָנ קנײַפּנ דעמ באָכער, רײַסנ פונ אימ שטיקער לײַב.

— נא דיר עסנ, נא, נא, נא!..

יאָסקע האָט א רעווע געטאָנ, ווי אנ אָקס. עמעצער פונ אוילעם האָט אויס־גערופנ:

— ער האָט שוינ באקומענ זײַנס. גענוג. איר וועט דאָכ אים פאטערנ.

— אזוי, ס'טוט אײַכ וויי דאָס הארצ?

— ראכמאָנעס אפ א גאנעוו?—איז מענ פונ אלע זײַטנ אָנגעפאלנ אפ דעם ווייכ־הארציקנ.

— שלאָגט אים אָפ די כריפּעס!

— א קליינער שאָדנ.

— אזוינס דארפ ניט לעבנ אפ דער וועלט.

אונ מע האָט זיכ באנײַס א קאָנ א נעמ געטאָנ צו יאָסקענ, זיכ אלצ געקלויגט פארפאָרנ אינ ערטער, ווו סע זאָל אים באקומענ ביטערער אונ זיכ ווארפנ ווייניקער אינ די אויגנ. נאָר בענציע האָט אים ניט אָפּגעלאָזט אונ סאָפּקאָלסאָפּ ווידער אים ארויסגעריסנ פאר זיכ.

— ניינ, זאָל ער זאָגנ, ווו איז מײַנ קאלב!—האָט ער דולערהייט געטײַנעט זײַנס אונ איטלעכס מאָל דערבײַ דערלאנגט א האק מיט זײַנ אײַזערנער פויסט אזוי, אז דער באָכער פלעג א קרעכצ טאָנ, ווי א בוים, וואָס באלד ברעכט מענ אים אײַנ.

— זאָל ער זאָגנ, ווו איז מײַנ קאלב!..

יאָסקע האָט ניט געענטפערט. ער האָט אויכ ניט געשריִענ, נאָר טויב געקרעכצט אונ זיכ געשאָקלט אינ בענציעס האנט, וואָס האָט אים געהאלטנ אונטערנ גאָרגל אינ דער צײַט, ווענ די צווייטע פויסט האָט ניט אופגעהערט אינ אים צו זעצנ, ווי מיט א לאָם. א געדיכט שנירעלע בלוט האָט זיכ יאָסקענ באוויזנ פונ א ווינקל מויל אונ גענומענ אראָפרינענ איבערנ קינ אונ נידעריקער.

— ער איז פארטיק. מע קאָנ שוינ גיינ,—האָט עמעצער אויסגערופנ אונ דער אוילעם האָט באלד גענומענ זיכ צעקריכנ פונ דעמ אָרט, אויסגעקערוועט צו דער געשעעניש מיט דער פלייצע, ווי סע האָט גאָרניט צו זיי. איינ בענציע איז געווענ אזוי פארטראָגנ אינעמ הארגענענ, אז ער האָט גאָרניט ניט באמערקט.

— זאָל ער זאָגנ, ווו איז מײַנ קאלב!—האָט ער נאָכ אלצ געטײַנעט.

דעמ באָכער איז דער קאָפּ געפאלנ אפ א זײַט, אונ ס'האָבנ זיכ אים אונטערגע־בויגנ די קני. בענציענ איז שוינ שווער געווענ אײַנהאלטנ אים איבער דער ערד. מערע איז די ערשטע געקומענ צו זיכ אונ אָנגעהויבנ שלעפנ דעמ מאנ פארנ ארבל. זיי זײַנענ שוינ געווענ אליינ אינ ריוו. בענציע האָט א קוק געטאָנ ארומ זיכ, אָפּ־געלאָזט דעמ באָכער אונ האָט זיכ גלײַכ פארנומענ אהיימ.

פארלוירנ דעמ אָנהאלט, האָט זיכ יאָסקע אראָפּגעזעצט, ווי א זאק. ער איז גע־לעגנ אפ א זײַט אונ פײַנלעכ שווער געאָטעמט. ריזשיק איז פונ ערגעצ אָנגעלאָפנ, אופגעזוכט אינ שטויב דעמ צעטראָטענעמ רעשט קוילעטש אונ גענומענ אים צו רעכט מאכנ. אָנ באוועגונג, נאָר מיט די אָפענע אויגנ האָט עס יאָסקע אָנגעקוקט, אונ אינ זײַנ בליק איז איניינעמ מיטנ וויי געווענ הארציקע צוגעלאָזטקײַט צומ הינטל.

דער גאַנצער קערפּער איז אים געווען צעקײַלט, נאָר דעריקער איז אים געווען ניט גוט אונטער די לאָפּעטקעס און אין די זײַטן, יאָסקע האָט זיך ניט גערירט, אזוי איז אים געווען א טראָפּן גרינגער. דאָס שנירעלע בלוט נידעריקער פונעם ווינקל מויל איז פאַרבאַקן געוואָרן. די זון האָט געוואַרעמט, און ס'האָט זיך זייער געוואָלט, ס'זאָל ניט ווי טאָן. פּלוצים האָט יאָסקע צו זיך אין געדאַנק דײַטלעך אויסגערעדט די ווערטער. „טאַטע, מירן זיך איינגיכן זען!"... דערפון האָט אים אָנ־געכאַפּט א גרויס ראַכמאָנעס אף זיך, און טרערן האָבן א פּלייץ געטאָן פון זײַנע אויגן. זינט דער פאָטער איז געשטאָרבן, האָט יאָסקע ניט אופגעהערט צו טראַכטן וועגן אים און צו באַדויערן, וואָס ער איז שוין ניטאָ. פון דער מאַמען האָט ער ווייניק וואָס געהאַלטן.

טויבע איז אָנגעקומען פונונטן מיטן ריוו. יאָסקע האָט אומבאַוועגלעך אכטונג געגעבן, ווי זי יאָגט זיך אָן אָטעם, דאָס פּאָנעם צעמישט פאַר שרעק.

— ווײַ איז מיר, וואָס האָבן זיי דיר געטאָן?

— געשלאָגן.

— פאַרוואָס?

יאָסקע האָט געשוויגן.

— באַנדיטן, פאַרוואָס?—האָט טויבע אויסגעשריִען, טײַנענדיק מיט די הענט צום ווײַטן ראַנד פון ריוו.

קיינער האָט ניט געענטפערט. זי האָט זיך אָנגעכויגן צום זון.

— פּרוּוו זיך אופהייבן, מײַן קינד, קום אַהיים.

— איך קאָן ניט.

— שטאַרק זיך, קום, איך וועל דיר מאַכן זיסע טיי.

אין זיסע טיי האָט יאָסקע געגלויבט. ער האָט געמאַכט אַן אָנשטרענגונג אופ־צושטיין און איז גלײַך פאַרצאַפּלט געוואָרן פאַר ווייטעקן. דאָס, פאַרוואָס ער האָט מוירע געהאַט, איז געשען. די ענדערונג אין דער לאַגע פונעם קערפּער האָט אים פאַרשאַפט שרעקלעכע שטעכעגישן אַרום און אַרום. די מוטער האָט אים צוגעהאָלפן, און ער האָט זיך ווי ניט איז געשטעלט אף די פיס. ער האָט פאַרלייגט א האַנט אַרום איר האַלדז. אזוי זײַנען זיי אַוועק אַהיים.

אינדערהיים האָט אים טויבע אַרײַנגעלייגט אין בעט, געמאַכט אים זיסע טיי, ווי זי האָט צוגעזאָגט, און געפּויעט פון א לעפעלע, ווי א קלייניקן. נאָר שפּעט באַנאַכט האָט ער אָנגעהויבן הוסטן, שטיקן זיך און כריפּען. פון האַלדז האָט א שפּאַר געטאָן א טאַך בלוט. בא דער שײַן פון אײַנגעדרייטן לעמפּל האָט יאָסקע אף זײַן העמדל, אפן קישן און אף דער האַנט, מיט וועלכער ער האָט אָפּגעווישט דאָס מויל, דערזען שוואַרצע פלעקן און פול מיט שרעק זיך צעשריִען.

— מאַמע!

די אײַנגעשלאָפענע טויבע איז אופגעשטאַנען פון געלעגער.

— מאַמע!—האָט יאָסקע גערופן,—ראַטעווע!.. איך האָב מוירע... איך וויל ניט שטאַרבן... איך האָב מוירע...

זי האָט אים ווידער געמאַכט זיסע טיי. קיין אַנדערע מיטלען האָט זי ניט גע־האַט, ביז אינדערפרי איז ער אויסגעגאַנגען.

דעמלט האָט טויבע די אַלמאָנע אופגעהויבן א גרויסן געוואַלד־געשריי. זי האָט זיך א שטעל געטאָן פאַר די ווענט פון איר שטוב מיט א פרעג אינדערהייך:

— וואָס אי דאָס?..

זי איז ארויסגעלאָפן אינדרויסן און גענומען רופן:

— גיסיע! כאנע! שכיינים! שטייט אוף! שטייט אוף!

זי האָט זיך געוואָרפן פון הויז צו הויז, געקלאַפּט אין די פענצטער.

— מענטשן!—האָט זי זיך געווענדעט צו די ארויסגעקומענע.—קומט זעט, וואָס זיי האָבן געמאַכט פון מײַן קינד.

איר טיר איז געשטאַנען אָפן און האָט זיך שוין מער ניט פארמאַכט. מע איז ארײַן און ארויס.

— קוקט,—האָט טויבע געוויזן אָפּ איר אומבאַוועגלעכן ליגנדיקן זון,—ער אָטעמט דאָך שוין ניט. טויט. געהארגעט. פאַרוואָס?

זי איז ארויס פאַר דער שוועל און גערופן צו די פאַרזאַמלטע:

— ייִדן, מענטשן! איר האָט געהערט פון מײַן אומגליק? ניט שוין ווערט איר עס פאַרשווײַגן?

אַלע האָבן געשאָקלט באַדויערנדיק מיט די קעפּ, גערעדט: „אַן אוולע, א שרעק, ניט געהערט אין דער וועלט"... געטרייסט: „פאַרפאַלן, וואָס קאָן מען העלפן? ער וועט שוין לעבעדיק ניט ווערן"... זיך אָפּגעקערט, געשושקעט זיך, דערציילט איינע פאַר די אַנדערע, וואָס מע האָט געוווּסט: „צוגעשלעפּט דורכן פענצטער. נאָר אַזוי שלאָגן? פאַרשטייט זיך"... אַן עלטערער ייִד איז פאַרבײַגעגאַנגען מיט א טאַלעס אונטערן אָרעם, זיך אָפּגעשטעלט לעבן דער אַלמאָנעס שטוב, זיך אײַנגעהערט אביסל, דערנאָך א זאָג געטאָן.

— ס'איז שאַבעס, טויבע, שאַבעס טאָר מען ניט וויינען.

און ער איז אַוועק. אָפּ א ווײַלע איז טויבע שטיל געוואָרן א פאַרכידעשטע.

— וואָס האָט ער געזאָגט?—האָט זי ענדלעך אויסגעשריִען מיט קאַס.—שאַבעס טאָר מען ניט וויינען? און א גאַנצע וואָך, און א גאַנצן לעבן מעג מען וויינען?.. מיטן טאַלעס גייט איר דאַווענען צו גאָט...

זי האָט זיך אומגעקערט אין שטוב א קוק טאָן אָפן זון און ווידער אופגעשטורעמט מיט צאַר און טײַנע.

— כאַנע,—האָט זי געזאָגט צו דער שכיינע, וואָס איז געבליבן מיט איר, אַז אַלע זײַנען זיך צעגאַנגען,—איך וויל זיי גיין פרעגן די, וואָס דאַווענען דאָרטן. זיי האָבן א כיילעק אין זײַן טויט... יאָסינקע!—האָט זי זיך געווענדעט צום זון.—זײַ מיר מויכל, וואָס איך לאָז דיך איבער. איך גיי מאָנען פאַר דײַן בלוט.

אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ פאָרויס, די אויגן פול פּײַן און צאָרן, איז טויבע אַוועק צום שולכל. זי האָט א שפאַר געטאָן די טיר, א רעגע זיך צוריק געהאַלטן פאַרן ראָש פון די אָנגעטאַלעסטע מאַנצבלען, דערנאָך, ווי א פײַער, דורכגעלאָפן צווישן זיי ביז די טרעפּלעך פאַרן אָרן־קוידעש, זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צום אוילעם און א געשריי געטאָן.

— הערט אוף! הערט אוף דאַווענען! גיט מיר ענטפער פאַר מײַן קינד?

מע האָט געהאַלטן אינמיטן שאַכרים, אָפּן סאַמע אַראָפּפאָר צו שמיינעסרע.

— אי, אָ!.. אי, אָ!..—האָבן די באַלעבאַטים פון דער שפּיגל־וואַנט גענומען ווינקען ענערגיש צו דער ייִדענע, זי זאָל אַוועקגיין. זיי זײַנען געווען אויפגעבראַכט, ווי רײַסט זיך עס אַרײַן אַ ייִדענע אינמיטן דערינען און שלאָגט איבער אַף אַזאַ גוואַלטיק־ערנסטער שטעל.

— דאָ צווישן אײַך זײַנען די מערדער פון מײַן קינד!—האָט טויבע געשריִען. עמעצער איז צוגעגאַנגען צו איר און גענומען טײַטלען מיט אַ פינגער אַפן מויל און אין סידער און אַפן אוילעם און צוריק אַפן מויל, געוויזן, אַז מע שטייט שוין צונויפגערוקט די פיס און געווענדעט די פּנעמער צו מיזרעך, מע קאָן איצט מיט איר ניט ריידן, ס'איז ניט די צײַט דערצו, ווייך אָנגענומען זי פאַר אַן אַקסל אַרויסצופירן, נאָר טויבע האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן אַ פאַרענטשע און זיך אײַנגעשפּאַרט מיט קויעך.

דער אוילעם האָט געזען, מע קאָן מיט דער אַלמאָנע גאָרניט מאַכן, האָט מען זיך אַ נעם געטאָן ווײַטער דאַווענען, זיך צעשאָקלט מיט שטאַרק־פאַרמאַכטע אויגן, זיך צעזשומעט אין דער שטילער טפילע אומיסטן העכער, ווי געוויינלעך, צו פאַרטויבן דער אַלמאָנעס געשרייען. טויבע איז אַנטשוויגן געוואָרן, זי האָט אָנגעקוקט דעם אוילעם, ווי מע שאָקלט אַלע פאַרטיפט און אָפּגעפרעמדט, ווי זי וואָלט גאָר דערבײַ ניט געווען. מע הוידעט, מע זיפצט, מע הויבט די ברעמען צו דער סטעליע, האָט זי זיך שטיל און אומגליקלעך צעוויינט און גענומען אַוועקגיין.

— ווער דאַרף אײַערע טפילעס,—האָט זי גערעדט צו זיך אַליין דורך דער כלי־פּרײַ.—פאַלשקײַט איז אַף אײַערע ליפּן און רעציכע אין אײַערע הערצער...

ווען טויבע האָט געפרעגט בא יאָסקען, ווער ס'האָט אים געשלאָגן, האָט ער געזאָגט: „בענציע, מאָרדכע־זאַלמען און אַלע". שכייניס האָבן אָנגערופן מער ווי אַ האַלבן צענדליק נעמען פון מענטשן, וואָס זײַנען געווען בא דער מײַסע אין ריוו. עטלעכע פון די אָנגערופענע זײַנען איצט געווען אין שולכל, נאָר בענציען האָט מען צווישן זיי ניט געזען.

בענציע מאָרדיש איז געווען פון די מיטל־פאַרמעגלעכע פּויערים, וואָס האָבן זיך אַמווייניקסטן פאַרנומען מיט זײַטיקע געשעפטן. אַ האָרעפּאַשנער, ניט קיין באַריידעוודיקער, ניט קיין איבערגעשפּיצטער, האָט ער אַלע קויכעס אַרײַנגעלייגט אין זײַן ערד, אין זײַן פי, אין זײַן שטוב, אָפּגעהיט אין דער באַלעבאַטישקײַט די מינדסטע קלייניקײַט, גרייט מיימעסן פאַר אַ טשוואַק, נאָר אויך פרעמדס קיינמאָל ניט אָנגערירט. מײַנס איז מײַנס, און דײַנס איז דײַנס, איז געווען זײַן שטרענגסטער געבאָט. ער האָט געהאַט אַ פעסט־פאַרשלאָסענע האַנט, זיך ניט געכאַפּט עפּעס פאַרלײַען, צי ביכלאַל אַ טויווע טאָן, נאָר טאָמער האָט ער שוין אַמאָל עפּעס צוגעזאָגט, איז מען געווען זיכער, אַז ער וועט האַלטן וואָרט.

אין קאָהאָלשע געשעפטן האָט ער זיך ניט געמישט. נאָר בא די לעצטע וואַלן אין דאָרפראַט איז אומגעריכט פאַר אים אַליין אויפגעשווומען זײַן קאַנדידאַטור. עפּשער האָט דעם נאָמען אונטערגעזאָגט עמעצער פון די זשוקעס. בענציעס ווײַב איז געווען פון דער מישפּאָכע. אַלנפאַלס, האָבן אירע קרויווים אין יענע טעג אַסאַך אײַנגעטײַנעט מיט בענציען, ער זאָל זיך לאָזן וויילן, ווײַל ער אַליין האָט קיין גרויסן כיישעק ניט געהאַט דערצו. „צו וואָס דאַרף איך עס?"—האָט ער געפרעגט, נאָר מע

האָט אימ אייַנגערעדט. פונ דער מאסע האָט ווייניק ווער דערווידערט קעגנ אימ. אנדערע האָבנ אפילע אונטערגעהאלטנ. אזוי האָט זיכ געמאכט, אז בענציע מאָרדיש איז געוואָרנ א מיטגליד פונ דאָרפראט.

טויבע איז פונ שולכל אוועק אינ ראט. אינדרויסנ פארנ אריינגאנג האָט זי גע־טראָפנ כירמאנענ. דער גרויסער פייַער איז איר שוינ אָפגעפאלנ. טרערנ האָבנ איר די אויגנ פארשטעלט. זי איז א צייַט געשטאנענ, געשאָקלט מיטנ קאָפ אונ ניט גע־קאָנט ריידנ.

— יודל,—האָט זי געזאָגט,—פארוואָס האָבנ זיי דערהארגעט מייַנ קינד?

— בא זיי גייט איר פרעגנ שייַלעס פארוואָס?—האָט כירמאנ געענטפערט.

— איר זייַט דאָכ אונדזער גוטער פאָרשטעלער. ניט שוינ וועט עס דער סאָוועט פארשווייַגנ?

— וואָס הייסט פארשווייַגנ? מיר וועלנ זיי אויסרייַסנ, ווי קאָנ מענ אזא זאכ פארשווייַגנ?—האָט זיכ יודל אלצ מער געקאָכט, וואָס מער ער האָט גערעדט.

— זייער בלוט זאָלט איר באקומענ אָנ ראכמאָנעס, ווי זיי האָבנ פונ אימ דאָס בלוט באקומענ,—האָט זי כירמאנענ אָנגעזאָגט.

מער האָט זי ניט געהאט וואָס צוגעבנ. דאָ וועט זיכ שוינ טאָנ, וואָס מע דארפ, אָנ איר, האָט זי געקלערט. אנ אויסגעשעפטע האָט זי זיכ געלאָזט גיינ אהיימ צו דעמ, וואָס האָט דאָרטנ אפ איר געווארט.

באטאָג, שכיינימ זייַנענ זיכ צונויפגעקומענ, אינ שטיבל איז געוואָרנ ענג, האָט זיכ טויבע אנידערגעזעצט אינדרויסנ אפ א בענקעלע פאר דער שוועל, אונ ווייַבער, שווערע הערצער, האָבנ זי ארומגערינגלט. זי האָט זיכ צעשאָקלט שווייַגנדיק, מיט פארמאכטע אויגנ אונ אראָפגעלאָזטנ קאָפ, דערנאָכ גענומענ ברומענ, וויענ עפעס א וויסט־עלנטנ אלטנ טרויער-ניגנ, אינ אָנהויב טויב אונ זייער שטיל, עפעס שעפ־טשענדיק פאר זיכ מיט די ליפנ. שפעטער האָבנ זיכ אָנגעהויבנ הערנ היכצנ, קורצע אויס-רופנ אפנ קאָל, אָפגעריסענע איינצלנע ווערטער, נעמענ—פונעמ זונ, פונעמ פארשטאָר־בענעמ מאנ—אונ ווידער א שאָקלענ זיכ, א טויב וויענ, א פארגיינ זיכ אונ שעפ־טשענ. אונ פלוצימ האָבנ אירע הענט זיכ א וואָרפ געטאָנ, ווי פויגלענ, אינדערלופטנ, אונ א שרעקלעכער יאָמער־געשריי האָט אויסגעשטורעמט:

— הוי־יי! הוי, יאָסינקע, מייַנ זונ, מייַנ אויג פונ קאָפ!.. הוי־יי!.. נעכטנ האָבנ דייַנע אויגנ נאָכ געזענ די ליכטיקע זונ, הייַנט ליגסטו, ווי א צעבראָכענער שארבנ. מערדער, בייזע מענטשנ, האָבנ דיכ געפאטערט. געדענק עס זיי, גאָט! טראָג עס זיי אנטקעגנ, וווהינ זיי וועלנ זיכ ווענדנ!.. ער האָט געוווסט, דער מאלכאמאָוועס, אפ וועמענ זייַנ פינצטערע גוורע צו באווייַזנ, ער מעג זיכ איבערנעמענ, פערצנ יאָר ביסטו אלט געווענ, אונ ווי צו אכצנ איז געווענ דייַנ קויעכ, דעמ טאטנס האק האָסטו געהאלטנ, ווי ס'האלט די האנט פונ א מאנצבל. הוי, יאָסינקע, מייַנ זונ! אונטער מייַנ הארצנ האָב איכ דיכ געטראָגנ, אפ דער וועלט געבראכט. די פליישנ, וואָס דו האָסט בא מיר געגעסנ, די וויַנענ, וואָס דו האָסט בא מיר געטרונקענ. טאָמער זעט זיכ פונ ווייַטנ א ברעג, טאָמער וועט קומענ א בעסערע צייַט, איז ביי־טערניש האָסטו פארזוכט גענוג אונ גוטס איז שוינ ניט פאר דיר?.. ווייַבער, מאמעס! ניט שוינ רייַסט אייַכ ניט דאָס הארצ אפ אזא יוגנט, וואָס איז פארדאָרבנ, אפ

אזא יונגנ בוים, וואָס איז איַינגעבראָכנ?.. מערדער, בייזע מענטשנ האָבנ אים איַינגעבראָכנ. שענק זיי ניט, גאָט, דאָס בלוט, טראָג עס זיי אנטקעגנ אפ אלע זייערע וועגנ!..

אפ מאָרגנ אינדערפרי איז געווענ די לעוויַע. א האלבע קאָלאָניע איז ארויס אינ גאס. עליע יאָרש איז געווענ צווישנ אוילעם, כאיע־ריווקע מיט סימענ. מע איז בעגאנגענ שוויַיגנדיק אונ ערנסט, אפ די פּענימער טרויער אונ צאָרנ.

— אהער וואָלט מענ באדארפט אנ אָראטאָר, ער וואָלט דאָ געהאט וואָס צו זאָגנ,—האָט עליע דערהערט דער מאמעס ווערטער אונ דאָס הארצ האָט אים אופגערוישט פונ געפילנ.

באלד ווי ער איז געווירע געוואָרנ פונ דער מיַיסע, האָט ער דערפונ קיינ גרויסנ ווענזנ ניט געמאכט: מע האָט געפאקט דעם יאט בא א גנייווע אונ מע האָט אים אָנגעקלאפט די ביינער. רעכט אפ אים. איצט האָט ער זיכ געשעמט אינערלעכ פאר זיַינ לעכאטכילעדיקער קאלטקיַיט. דער אומגעריכט־שרעקלעכער סאָפ האָט אים טיפ צערודערט.

די גאנצע מאסע איז געווענ אופגערודערט. מע האָט זיכ אָנגעקוקט איינע די אנדערע אונ זיכ דערקענט פונ איינ בליק: אלצ פונ די הונגעריקע אונ פילגעליטענע. פונ זיַיטיקע האָט זיכ געווענ איינ יאנקעוו מאָזנאים. ער האָט זיכ צוגערוקט אמאָל צו דעם, אמאָל צו יענעם, ארויסגעדריקט מיטגעפיל. „א, אזא אומגליק". נאָר מע האָט אים אופגענומענ איַינגעהאלטנ אונ אָפּגעפרעמדט, ניט פארפירט מיט אים קיינ רייד. דער קערפער פונעם פארוואָרלאָזטנ ייִנגל, וואָס באם לעבנ האָט מענ פונ אים אינ גוטנ מוט געלאכט אונ אָפּט אָרועקגעטריבנ, ער זאָל ניט דערעסנ, איז מיטאמאָל געוואָרנ אלעמענ בלוט־אייגנ. איטלעכער פונ אָט דער מאסע האָט געהאט אפנ ביַיסוילעם עמעצנ א נאָענטנ, ערשט ניט לאנג, אינעם גרויסנ בראָכ, פארלוירנ, אונ אז מע איז ארופגעקומענ אפנ פעלד, האָט זיכ פונ עק צו עק, ווי א שטורעם, פארשפּרייט א שוידערלעכער געוויינ.

צוריקוועגס איז מענ געגאנגענ צעוואָרפענערהייט. דאָ אונ דאָרט האָט מענ ארומגערעדט די געשעעניש.

יודל כירמאנ, א דערוואַרעמטער פונ דער אלגעמיינער אופרעגונג, האָט געשארפט די צונג:

— באנדיטנ אָפּגעפרעסענע. א גרויסנ ווערט האָט בא זיי א מענטש. א בולקע איז טיַיערער.

— אז סע נעמט זיי גאָרניט קיינ שום רעוואָליוציע. סיַידנ גאָט זאָל העלפנ עפעס א רעכטע כאָלערע אפ זיי.

יאנקעוו מאָזנאים האָט זיכ באהעפט צו דער קאָמפּאניע, וואָס איז געגאנגענ ארום כירמאנענ. ער האָט מיט א שטארק פארזאָרגט פּאָנעם זיכ איַינגעהערט אינ זיַינע רייד. מאָרעשכוירעדיק־ערנסט האָט ער געזאָגט:

— מע דארפ ניט פארגעסנ, אינ וואָס פאר א ציַיט מיר לעבנ. דער מענטש איז פארווילדעוועט. די היסטאָריע לערנט אונדז...

דאָ האָט ער באמערקט, אז ניט אלע הערנ אים בענוג אופמערקזאם, אייניקע שמועסנ צווישנ זיכ, איז ער אנטשוויגנ געוואָרנ באליידיקט אונ מער ניט גערעדט. נאָר פונ יודלענ איז ער נאָכ אלצ ניט אָפּגעטראָטנ.

— מע דארפ עפּעס טאָנ פאר דער אלמאָנע,—האָט ער געזאָגט, אז דער פארדראָס האָט זיך אים געשטילט.

— וואָס קאָנ מענ טאָנ, דער יאט ליגט דאָך שוינ אינ דער ערד?—האָט זיך יודל געכידעשט.

— זי אָבער איז א לעבעדיקער מענטש. כ׳וועל פרוּווּנ ריידנ מיט עמעצנ, עפּשער וועט זיך אײַנגעבנ אויספּויעלנ פאר איר א פּעקל צי כאָטש א האלבנ.

— אכ, דאָס מיינט איר. נו, פארשטייט זיך...

יודלענ אליינ האָט זיך דער כיישעק אופגעוועקט צו דעמ זעלבנ. ער האָט באקומענ צוויי מאָל צו העלפּס, נאָר מע האָט דאָס שוינ לאנג אופגעגעסנ. איצט איז אימ אײַנגעפאלנ צו דערמאָנענ וועגנ זיך, עפּעס א געפיל האָט אימ געשטערט ארײַנגראָד בא אזא געלעגנהײַט מיט זײַנע נויטנ, נאָר ער איז עס בײַגעקומענ.

— איך האָב אײַך געוואָלט בעטנ,—האָט ער געזאָגט,—עפּשער איז מעגלעך, איר זאָלט ארײַנוווארפנ א וואָרט אויך פאר מיר. א גרויסע פאמיליע. מע דארפ.

— יאָ. איך רעכנ, ס׳איז מעגלעך,—האָט מאָזנאימ אָפּגעענטפערט מיט גרייטקײַט.— ס׳קאָנ נאָר געדויערנ א פאָר וואָכנ.

— מיילע, זאָל זײַנ אינ א פאָר וואָכנ ארומ. איר פארשטייט? מע האָט מיר אנומלטנ געגעבנ א האלבנ פּעקל, איז אפ וויפל האָט עס געסטײַעט. אויב ס׳וואָלט מעגלעך געווענ א גאנצנ? ווי מיינט איר?

— איך בינ דאָך ניט דער באלעבאָס.

— פונדעסטוועגנ, זייערער א וואָרט...

— מירנ זענ, עפּשער וועט עס מעגלעך זײַנ, כ׳וועל זיך באמיִענ.

עליע יאָרש האָט אויסגעוואָרט, ביז מאָזנאימ איז אָפּגעטראָטנ אינ א זײַט, איז ער צו אונ פארנומענ דאָס אָרט לעבנ כירמאנענ. דאָס הארצ איז אימ נאָך אלצ געווענ פול אונ אופגעברויזט. די איינציקײַט פונ דער מאסע אינ וויי אונ אומגליק, וואָס ער איז אינ דעמ פרימאָרגנ געווענ א טייל פונ איר, האָט אימ נאָך אלצ געווארעמט אונ באוועגט אלעמאָל צוגיינ צו עפּעס א קאָמפּאניע, אויב ניט ריידנ אָדער הערנ, איז פּאָשעט געפינענ זיך צווישנ מענטשנ אונ פילנ זייער נאָענטקײַט. ס׳האָט אימ איצט באנג געטאָנ זײַנ אָפּגעפרעמדקײַט פונ יודלענ אונ זײַנ אומצוטרוי צו אימ. פאָרט אנ אייגענער. אביסל א פלאפלער, מיילע... אינ פעלד זײַנענ יודלעס די ארויסגעקוקליעטע גרויסע אויגנ רויט געווענ פונ טרערנ, אונ דער קנאָפּ אפּנ לאנגנ דארג גאָרגל האָט ניט אופגעהערט צו ארבעטנ. ער האָט ראָרטנ געהאט וועמענ צו דערמאָנענ: א מוטער, א טעכטערל, ביידע געפאלנ אינ דעמ ווינטער... א ווײַלע איז עליע געגאנגענ מיט אימ האנט בא האנט שווײַגנדיק, געקלערט, וויאזוי בעסער אויסדריקנ אימ זײַנ פרײַנטלעכקײַט.

— דער סאָוועט קלערט עפּעס טאָנ?—האָט ער געפרעגט.

— מיר האָבנ נאָך ניט גערעדט. נאָר פארשטייט זיך...

— בענציע האָט געוויס א צאר.

— בענציע איז בענציע, אונ איך בינ איך.

— דאָס טאקע האָב איך דיר געוואָלט זאָגנ, יודל, דו ביסט אינ סאָוועט אונדזער

פאָרשטייער, איז האלט זיך שטײַפער. טאָמער וואָס, רופ צונויפ די מאסע, וועלנ מיר דיך אונטערהאלטנ.

בענציע מאָרדיש איז קיינמאָל ניט געווענ פונ די פרומאקעס און אָפטע בעסמעדרעש־באזוכער, באזונדערס די לעצטע צײַט, זינט מע האָט אים אויטגעקליבנ אינ ראט, נאָר די שאבעסדיקע מײַכאָלים האָט ער גוסטירט. צעקעמט די טונקל־בלאָנדע באָרד און זייער אונטערגעקירצט די וואָנצעס, זיי זאָלנ ניט שטערנ באם עסנ, גוט אויסגערוט נאָכנ באנאכטיקנ שלאָפ, איז ער פונקט געזעסנ איבערנ דינ־אָנגעשניטענעם רעטעך מיט רויזנ־אייל, פעסט אָנגעגריפנ אפ אָט דעם באליבטנ געריכט זײַנעם, ווענ א שכיינע איז ארײַנ און קימאט אָנ א גוט־שאבעס זיך א נעם געטאָנ מאָדנע באריידעוודיק ווינקענ צו מערענ, אז זי דארפ זי אפ א פאָר ווערטער. בענציע האָט אפ א רעגע אופגעהערט קײַענ, בייז אָנגעקוקט די ארײַנגעקומענע, אומצופרידנ, וואָס מע האָט אים איבערגעשלאָגנ.

— וואָס אי דאָרטנ?—האָט ער א פרעג געטאָנ בא מערענ, ווענ זי האָט זיך אומגעקערט צום טיש.

— גאָרניט, כ'ווייס...

פאר די קינדער האָט זי ניט געוואָלט ריידנ. ערשט, ווענ זי איז געבליבנ מיטנ מאנ אויג אפ אויג, האָט זי געזאָגט:

— קיינ צײַט ניט געהאט. אינמיטנ ווארמעס געקומענ צולויפנ מיט דער בסורע. דער אלמאָנעס בענאָק איז געשטאָרבנ.

— וואָס־זשע האָט עס צו אונדז?

— דאָס אייגנ/נע האָב איך איר געזאָגט.

— וואָס ווייסט מענ פונ וואָס ער איז געשטאָרבנ?

— אווארע אזוי. קנאפ זײַנענ געפאלנ דעם ווינטער, און קיינער האָט קיינ גוואלד ניט געמאכט.

בענציע האָט זיך צוגעשפארט שלאָפנ, ווי ער איז עס געווינט געווענ אלע שאבעס באטאָג. אײַנמאָסטענדיק דעם קאָפ אפנ קישנ, האָט ער זיך אינ געדאנק בארויקט. „א קליינער שאָדנ. ווייניקער מיט א גאנעוו אפ דער וועלט"... נאָר דער שלאָפ איז אים געווענ שווער. עפעס האָט אים געשטיקט. ער האָט זיך אָפט איבערגעוואָרפנ, געכראָפעט, געכאָרכלט. א דאָרשט האָט אים געמאטערט, איז ער אופגעשטאנענ, אויסגעטרונקענ א גרויס קענדל וואסער און זיך צוריק אנידערגעלייגט.

פארנאכט איז ער פונ שטוב ניט ארויס. אפ מאָרגנ האָט ער זיך אופגעהויבנ פארטאָג, אוועק אינ סטעפ מאכנ היי און זיך אומגעקערט אהיים שפעט, שוינ פינצטערלעך. דערהערט, אז די לעווײַע איז געווענ אינדערפרי, האָט ער געזאָגט: „באגראָבנ, פארשאָטנ, אנ עק".

אינאָוונט זײַנענ ארײַנגעקומענ א צוויי קרויווע פונ די זשוקעס, דער ווײַבס מישפאָכע. מע איז געזעסנ און גערעדט.

— א ייִדענע זאָל ארײַנלויפנ אינ א שול, ווי א מעשוגענע, אינמיטנ שמייגעסרע.

— מישטיינס געזאָגט, דעם נאכעס, וואָס זי האָט פונ אים געהאט. וואָס־זשע מאכט זי אוועלכע קוילעס?

— און די יעלאָלע אפֿן בייסוילעם? מע האָט דאָך געהערט פֿאר א ווערסט. כאָטש פֿארמאַך די פֿענצטער.

— דאָס אָפּדירעקל, דערציילט מען, האָט זיך געהיצט, אז ער וועט ניט פֿאר־שווייַגן.

— זיי סטראשען, מע וועט דערגיין ביז דער טשעקא.

בענציע האָט זיך ניט געמישט אינעם שמועס, געזעסן באַם טיש מיד פֿון א גרויסן טאָג ארבעט, די אויגן רויט, גרייט זיך צו קלעפּן אין יעדער רעגע. נאָר דאָ האָט ער זיך אָנגערופֿן א צערייצטער:

— וואָס האָט עס צו מיר? וואָס קאָן מען וויסן, פֿון וואָס ער איז געשטאָרבן? ער איז געווען בייז, בענציע מאָרדיש, וואָס מע דרייט אים א קאָפּ מיט דער געשיכטע, מע וועט אים שוין, אפֿאָנעם, אזוי גיך ניט לאָזן צורו.

אין די טעג נאָכדעם האָט ער אינגאנצן אופֿגעהערט זיך ווייַזן אין ראט. „כ׳וויל זייערע פּענימער ניט אָנקוקן“, האָט ער באַרויגעזערהייט געטראַכט, „אז זיי שטעלן זיך איַין פֿאר א גאנעוו, זייַנען זיי אליין גאנאָווים. אן אייסעק האָב איך מיט זיי. כ׳האָב גענוג אייגענע ארבעט“...

דערווייַל האָט זיך אין ראט ספּעס געטאָן. יודל כירמאַן מיט נאָך א פּאָר מענטשן האָבן אפֿ דער הייסער מינוט צונויפֿגעשטעלט א פּאַפּיר, ווו זיי האָבן די זאך באַ־שריבן, ווי זיי האָבן געקענט—ברייטלעך און ניט זייער קלאָר, אז אזוי און אזוי, ס׳איז געשען א גנייווע פֿון א קאלב און א גנייווע פֿון א בולקע, נאָר דאָס זייַנען פֿארשיידענע גנייוועס, כאָטש געליטן האָט פֿון זיי איין און דער זעלבער באַלעבאָס. דערבייַ איז געשען א געשלעג, און געשלאָגן האָבן ווידעראמאָל פֿארשיידענע מענטשן, נאָר געשטאָרבן פֿון די קלעפּ איז דער אלמאָנעס זון, נאָך גאָר א ייִנגל, קאָן מען זאָגן, און דאָס איז, פֿארשטייט זיך, א גרויסער ווייטעק פֿאר דער מוטער, וואָס אלע פֿילן איר מיט...

נעמען האָבן די צונויפֿשטעלער אינגאנצן אויסגעמיטן אין זייער פּאַפּיר, רע־כענענדיק, אז ס׳איז קיין ארבעט ניט פֿאר זיי פֿארמישן אין א קרימינאַל היימישע קאָלאָניסטן, וואָס איינער פֿון זיי איז אליין א מיטגליד פֿון ראט. מע וועט שיקן א פֿאָרשטייער, וועט ער אליין אויספֿאָרשן די זאך אפֿן אָרט.

די יעדיִע וועגן דעם, אז ס׳איז אוועק א פּאַפּיר אין אויעוד, און מע דאַרף זיך ריכטן אפֿ אן אויספֿאָרשונג, האָט אופֿגערודערט די קאָלאָניע. יודלס אָנזען איז שטארק געהויבן געוואָרן באַ זייַנע לייַט. סימע האָט פֿירגעהאלטן עליען.

— אָט זעסטו, עלטשיקל, אז דו האָסט זיך צו גוטן גענארט. ער טוט.

— יאָ, איך בין אפֿ אים קיין מייוון ניט געווען,—האָט עליע אייַנגעשטימט.—מע טאָר ניט מישפּעטן וועגן א מענטשן, ביז מע זעט אים ניט באַ דער ארבעט.

מערעס קרויהים האָבן ניט גערוט. אָט די ברייט־פֿארצווייַגטע מישפּאָכע איז גע־ווען שטארק אויסגעמישט צווישן זיך און האָט זיך די זאך גענומען הייס צום הארצן. מייַרים זשוק, מערעס פֿעטער, איז אראָפּגעקומען צו בענציען און האָט אים אויסגעשטראָפֿט דערפֿאר, וואָס מע זעט אים ניט אין ראט.

— גראָדע איצט דאַרפֿסטו זיך ווייַזן דאָרט אָפֿטער,—האָט מייַרים געזאָגט.

— כ׳האָב גענוג אייגענע ארבעט. כ׳וויל זייערע פּענימער ניט אָנקוקן. אז זיי

שטעלן זיך אײַן פאר א גאנעוו, זײַנען זיי אליין גאנאָווים,—האָט בענציע אָפּגעענט־פערט דאָס, וואָס ער האָט שוין איינמאָל געטראכט.

— דאָס איז אַלץ ריכטיק, נאָר דערוויַיל גראָבט יודעלע אפּ דיר א גרוב. קאָנסט זיך דערוואַרטן, מע זאָל דיך אין איין שיינעם טאָג אוועקפירן אין קייטן.

— בא מיר האָט מען געגאַנוועט א קאלב, און מיך זאָל מען פירן אין קייטן...— איז בענציע געווען בארויגעז אפּ דער אומגערעכטיקייט. פונדעסטוועגן האָט ער זיך דערשראָקן.

— וואָס-זשע טוט מען?

— מיט מאָרדכע־זאַלמענען, מיט רוווען האָסטו גערעדט? ניין? דארף מען ריידן. בעיס־מײַסע זײַנען זיי געווען די ערשטע אפּ געבן קלעפּ, און איצט מאכן זיי זיך ניט וויסנדיק? מע דארף זיי געבן צו פארשטיין, אז זיי וועלן זיך טרוקן ניט אויס־דרייען. אויב ענטפערן, וועלן ענטפערן אַלע איניינעם, און טאָמער איז מעגלעך עפּעס צו טאָן, זאָל מען עס אויך טאָן אַלע איניינעם.

מײַרים זשוק איז אַלע זײַנע יאָרן געווען מער אָקסן־הענדלער, ווי פויער. פאָ־דיקן הארבסט האָט ער, ווי אַלע זײַנע גלײַכן, אריבערגעפירט די מישפּאָכע אין שטאָט, נאָר אליין האָט ער זיך אָפּט אריבערגעכאפּט אין דער קאָלאָניע.

ס'איז געווען א הויכער, געזונטער ייִד פון א יאָר עטלעכע און פערציק, א גע־רויכערטע ליולקע און פול מיט אימפּעט און פײַער, ווי מיינסטנס די זשוקעס. דאָס איז געווען זײַן געדאנק אריַינפירן בענציען אין ראַט. „ער איז ניט קיין איבערי־קער כאָכעם, דערפאַר פונקט דאָס, וואָס מע דארף. ווי הייסט עס בא זיי—א מיטל־פויער"... איצט האָט ער זיך געלייגט פאר זײַנטוועגן מיט אַלע קויכעס ארויסצור־שלעפּן אים פון דער צאָרע.

אין גאס דעם זעלבן אָוונט האָט מײַרים באגעגנט יאנקעוו מאָזנאַים. יענער האָט אביסל שפּאַצירט איינער אליין אונטער דער פולער לעוואָנע, די הענט פאר־לייגט אפּ הינטן, דער קאָפּ מיטן הויכן שטערן און די עטוואָס לענגער ווי געוויינ־לעכע אָפּגעוואקסענע האָר ניט צוגעדעקט. „א מענטש מיט געדוטן"... האָט מײַרים א טראכט געטאָן און וועגן אים מיט א געמיש פון אכטונג און שפּאָט.

— א גוטן אָוונט! איר לופטערט זיך דורך אביסל?—האָט ער אים אָפּגעשטעלט.

— ליכטיק, שטיל. איך האָב ליב די שאָען.

— מע זאָגט, איר זײַט געווען אפּ דעם כעווורעמאַנס לעווײַע?

— נו, א כעווורעמאַנ, צי ניט קיין כעווורעמאַנ. ס'איז נאָך דאָ אזוינס, וואָס הייסט מענטשלעכקײַט.

— פארשטייט זיך, ווי דען. ניט דאָס האָב איך געמיינט, איך האָב געוואָלט זאָגן, אין דער זאַך זײַנען פארמישט אסאך באַלעבאטים: רוווע, מאָרדכע־זאַלמען און נאָך.

— וואָס־זשע קאָן איך העלפן? מע דארף ניט זײַן קיין ווילדע כײַעס.

— יאָ, ווער רעדט. נאָר... איר האָט א ווירקונג אפּ יענעם צאַד. צו אײַער וואָרט הערט מען זיך צו איז, עפּשער...

— מיט די פויסטן איז קיינמאָל ניט געווען דער ייִדישער גאנג.

— געוויס. ס'איז אָבער ניט קיין קלייניקייַט. א האלבע קאָלאָניע וועט אוועק אין קייטן.

— פאַרשטייט זיך, שולדיק איז די צייַט... קלאָר, אז איצט מוז מען שוין עפּעס טאָן. די זאַך איז שוין געשען. פאַרפאַלן. איצט איז שוין דאָ נאָר איין אויפגאַבע—ניט דערלאָזן צו נאָך א גרעסערן אומגליק.

— אָט דאָס זאָג איך דאָך.

— איצט ווערט עס שוין א קלאָל־זאַך... יאָ... מע דאַרף האָבן אין זינען די אַלמאָנע, אַרייַנשיקן איר אַביסל מעל, גרויפּן און דאָס גלייַכן. זי איז דאָך א מוטער, טוט איר, נעבעך, וויי. איך וועל פון מייַן זייַט ריידן מיט וועמען איך קאָן. אַלץ איז געווענדעט, ווי אזוי מע וועט אויסמאָלן דעם איניען פאַר דער אויספאָרשונג. דעריקער, מע זאָל ניט אָנרופן קיין נעמען.

— אָט דאָס טאַקע איז דער איקער.

מייַרים, אז ער האָט זיך א נעם געטאָן פאַר א זאַך, האָט ער פייַנט געהאַט צו דרעמלען. ער אַליין האָט זיך דורכגעשמועסט מיט די איבעריקע, וואָס האָבן צוגעלייגט א האַנט בא דער מייַסע אין ריוו. ער האָט ניט גערוט, ביז ער האָט אויפגעשטעלט דעם גאַנצן צעטל און אַלעמען זיי אַרייַנגעצויגן אין קאָן. א פּאָר האָבן געלייקנט, געשוווירן, אז זיי האָבן ניט געשלאָגן, זיי האָבן נאָר געקוקט און, אַדרעבע, געשריִען אַף די אַנדערע, מע זאָל דעם יאַט אָפּלאָזן. עפּשער איז טאַקע אזוי געווען. נאָר עס האָט זיי ניט געהאָלפן.

— איך פאַרשטיי,—האָט מייַרים געענטפערט אַף אַלע זייערע רייד,—אייַך גלוסט זיך זייַן איידעס און בלייַבן ריינינקע אינדרויסן, נאָר דאָס וועט ניט גיין. אינעינעם, אין איין זאַך וועט מען אייַך אַלעמען פאַרפּאַקעווען, מיט איין שנירל פאַרבינדן. יענער וועט זאָגן אַף אייַך, ווי איר וועט זאָגן אַף יענעם.

אַף שאַבעס האָט מען פון ערגעץ טויבען אַרייַנגעשיקט צום באַקן און קאָכן. זי האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט, נאָר ווען די שאָליִעכטע איז געקומען א צווייטן מאָל און פאַרפירט מיט איר א שמועס וועגן דעם, אז עס קאָן זיך מאַכן, מע זאָל קומען זי אויספרעגן, איז גלייַכער ניט אָנהויבן זיך מיט קיין באַלעבאַטים, ס'הייסט פּראָסט און פּאָשעט ניט צ̇נרופן קיין שום נעמען, יאָסקע וועט דאָך שוין סייַוויי פון דער ערד ניט אויפשטיין, איז די אַלמאָנע אַרויס מיט אזא שטורעם, אז יענע האָט מער ניט געקאָנט אַרייַנשטעלן קיין איין וואָרט.

יאַנקויוו מאָזנאַיִם האָט זיך געזען מיט כּירמאַנען, ער האָט אָנגעהויבן דערפון, אז דאָס, מעקויעך וואָס זיי האָבן אַנומלטן גערעדט, וועט, מיסטאַמע, אינגיכן זייַן. ער האָט א יעדיִע, אז עס דאַרפן אָנקומען נייַע פּעקלעך, און ער, כּירמאַן, שטייט אין צעטל און, ווייַזט אויס, אַף א גאַנצן, כאָטש מע וועט עס נאָך דאַרפן באַוואָרענען, פאַרשטייט זיך, דערמאָנען איין מאָל און א צווייטן מאָל.

— איך בעט אייַך זייער,—האָט כּירמאַן געזאָגט זייער גערירט.—כ'וועל עס אייַך קיינמאָל ניט פאַרגעסן. איר פאַרשטייט? קיינאַנאָרע, א פאַמיליע...

— און יאָ... אין וואָס פאַר א גייַסט, אויב ס'איז ניט קיין סאָד, איז געווען אָנגעשריבן דאָס פּאַפּיר וועגן דער געשיכטע מיט דער אַלמאָנעס זון?

יודל האָט דערציילט, וואָס ער האָט געדענקט.

— הייסט עס, קיין נעמענ האָט איר ניט אָנגערופנ. דאָס האָט איר ריכטיק געטאָנ.

— עמעס, נאָר... מיט א האלבער שאָ צוריק איז דאָ געווענ א פאָרשטייער פונ דער אויעזדנער מיליציע. ער געפינט זיכ איצט בא טויבענ.

— אזוי גיכ? המ... מיט איַיכ האָט ער גערעדט?

— פארשטייט זיכ.

— וואָס האָט איר געזאָגט?

— איכ האָב געזאָגט, וואָס איכ ווייס.

— וואָס ווייסט איר? איר זיַיט דאָכ אליינ בא דער מיַיסע ניט געווענ.

— אלע ווייסנ.

— מיר ריידנ איצט ניט וועגנ אלעמענ, נאָר וועגנ איַיכ. איר זיַיט דערביַי ניט געווענ. אונ זי, די אלמאָנע, אויכ ניט. וואָס פאר א רעכט האָט איר אריַינצומישנ דעם אָדער יענעמ? איר זיַיט א מיטגליד פונ ראט, א פאָרזיצער פונ אָרעמ־פויערימ־קאָמיטעט, איַיער וואָרט איז באזונדערס וויכטיק. איר האָט געמאכט א פעלער. איר מוזט עס מוידע זיַינ.

— כ'פארשטיי ניט, וואָס פאר א פעלער. וואָס ווילט איר פונ מיר.

כירמאנ האָט זיכ געראנגלט אלצ שוואכער, כאָטש ער האָט אינדערעמעסנ ניט באנומענ, אינ וואָס באשטייט זיַינ פעלער אינ טאָכ, נאָר דאָס איז אימ שוינ גע־ווענ קלאָר, אז ער איז אומזיסט אריַינגעקראָכנ אינ דער געשיכטע. זי רירט אָנ צו־פיל מענטשנ. אונ אויסער דעמ האָט ער ניט צוגעטראָפנ נאָכ אָט דעמ מאָזנאימענ, בעפיירעש אנ איידלמאנ, וואָס טוט פאר אימ אזוי פיל בא דער איצטיקער שווע־רער ציַיט. אינ גאנג פונעמ וויַיטערדיקנ שמועס האָט עס אימ מאָזנאימ באלערנדיק אונ זייער פארשטענדלעכ אופגעקלערט. יודל כירמאנ האָט שוינ געוואָלט נאָר איינס — מע זאָל אימ לאָזנ צורו. נאָר מאָזנאימ האָט פארלאנגט מער.

— איר האָט געמאכט א פעלער, אונ איר מוזט אימ פאריכטנ. איר מוזט זיכ זענ מיטנ פאָרשטייער פונ דער מיליציע נאָכאמאָל. איר מוזט אימ זאָגנ, אז מעקויעכ די אלע נעמענ, וואָס זיַינענ אָנגערופנ געוואָרנ, ווייסט איר אליינ גאָרניט. אונ די אלמאָנע ווייסט אויכ ניט. דאָס זיַינענ נאָר קלאנגענ; איר זיַיט דערביַי ניט געווענ... יאָ... נאָר דאָס איז נאָכ אלצ ווייניק. ארומ דער מיַיסע האָט מענ אופגעהויבנ א צו גרויסנ טומל. מע מוז אימ לעשנ. סאָפּקאָלסאָפּ האָט מענ דעמ באָכער געפאקט בא א גנייווע.

— וואָס פאר א באָכער? א יינגל פונ קארגע פערצנ יאָר.

— פערצנ יאָר איז שוינ ניט קיינ יינגל, ביפראט בא אזא גידל, דעמ באָכער האָט מענ געפאקט בא א גנייווע, דאָס איז א פאקט, אונ ליַידנ וועלנ אָנשטענדיקע בא־לעבאטימ. פארגעסט ניט, אז גנייווע איז היַינט געוואָרנ א געפערלעכע געזעל־שאפטלעכע קרענק. אונ טאקע מיט דעמ קאלב. מע האָט דאָכ בא מאָרדישנ געגאנ־וועט א קאלב?

— יאָ, נאָר ווי קומט דער יאט צו אזא שטיקל ארבעט?

— מע קאָנ ניט וויסנ. ער איז געווענ א פארדאָרבענער יונג. אונ ווי איר זאָלט עס ניט טיַיטשנ, פאָרט א גאנעוו. איר מוזט עס זאָגנ דעמ פאָרשטייער אונ טאקע

ווידער מיט דעם קאלב. ס'איז ניט קיינ גלאטע געשיכטע. דער פארשטייער מוז דערפונ, אלנפאלס, וויסנ...

יודל כירמאנ איז ארויס פונ דעם שמועס שטארק צעקלאפט, „כאפט זיי אלע די כאלערע נאר אנ מיר”... האט ער זיכ געקילט דאס הארצ.

בא דער צווייטער באגעגעניש מיטנ פארשטייער פונ דער מיליציע האט ער זיכ געהאלטנ ווארט אינ ווארט אזוי, ווי מאזנאים האט אים אנגעזאגט. ער האט זיכ געפילט מאדנע ניט פריי, מוירע געהאט פארקרימענ א האר, פארלאזנ זיכ אינ דעם מינדסטנ אפנ אייגענעם געוויסנ.

„טפו!”... האט ער אויסגעשפיגנ, ווענ ער איז ענדלעכ געבליבנ אליינ.

דער פארשטייער פונ דער מיליציע איז אוועקגעפארנ און מער האט מענ פונ דער אויספארשונג גארניט ניט געהערט.

— מע וואלט באדארפט אנפרעגנ,—האט עליע א באומרויקטער איינמאל געזאגט צו כירמאנענ.

יודל איז בייז געווארנ.

— וואס דארפ מענ פרעגנ? זיי וויסנ דארט אליינ, וואס זיי האבנ צוטאנ. אונ דו אויכ—קיינ אנדערע געשעפטנ האסטו ניט...

טויבע איז איצט געווענ אינ איר שטיבל איינגאנצנ איינ מענטש. שכיינעס האבנ איר געייצעט אריבערפארנ צו דער שוועסטערל, וואס האט געוווינט אינ אנ אנדער קאלאניע ניט וויט. דארט וועט זי ניט זיינ אזוי עלנט. נאר טויבע האט עס אפגעווארפנ מיט קאעס. דא אפנ ארט וועט זי בלייבנ ביז זי וועט דערלעבנ זענ, אז מע פירט זיי אלע אינ קייטנ. מע איז דא געווענ בא איר. זי האט אלצ דערציילט, איצט ווארט זי אפ ענטפער.

נאר א וואכ נאכ א וואכ איז אריבער, אונ קיינ ענטפער איז ניט געווענ.

— ווו איז אייער סאוועטסקער יושער?—זיינענ וויבער צוגעשטאנענ צו כאיע־ריוקענ מיט טיינעס, ווי זי וואלט געהאלטנ די שליסל פונ דעם יושער.

כאיע־ריוקע האט זיכ געפילט אינדערעמעסנ פארשעמט. זי איז אפילע אריינ וועגנ דעם צום זונ אונ מיט אים געהאט א שמועס. ווי מיינט ער, וואס קאנ עס זיינ?

— מיר געפעלט ניט דער אפדירעק,—האט עליע געזאגט.

נאכ א שווייגנ האט ער צוגעגעבנ:

— דער כאווער טשערניאווסקי איז איצט בא אונדז.

— ווענ איז ער געקומענ?

— אינדערפרי. איכ רעכנ מיט אים ריידנ.

— רייד מיט אים, מיינ זונ. ער איז פונ דער פארטיע. ער דארפ עס האבנ אינ זינענ.

דער כאווער טשערניאווסקי איז שוינ אינ דער קאלאניע איינמאל געווענ א פאר טעג, אונ מע האט אים דא געקענט. אנ אמאליקער בערשטער־יינגל פונ ווילנע, געבוירנ אונ אויסגעוואקסנ אינ איינעם פונ די קרומע פינצטערע סיטקעלעכ דארטנ, איז ער געווענ קליינ אונ קוואר, דאס פאנעם—צו זעקס אונ צוואנציק יאר, ווערלק מיט קנייטשנ ארום מויל. נאר די בלווילעכע אויגנ זיינענ געווענ זייער גרינג אפ א

שמייכל, וואָס האָט שטענדיק מאָדנע פּלוצים ארויסגעשטראַלט פון אַן אינעווייניק־סטער טיף, איבערפּליסנדיק פאר הארציקער צערטלעכקייט. אז מע איז געווירע געוואָרן, ס'איז געקומען א פּאַרטייִשער פון דער גובערניע און א צוגעלאָזט מענטשל, ווי מע האָט אים אין דער קאָלאָניע גיך אָפּגעשאצט, האָט מען זיך צו אים א שאָט געטאָן מיט אַלערליי פאַרדראָסן און ווייטיקן. אויך דאָסמאָל האָט ער פאר די עטלעכע שאָ שוין געוווּסט געגנוג זאכן וויכטיקע און נישטיקע, איבערגערעדט מיט א מענגע מאנצבלען און יידע־נעס, און ער האָט איבערגעקלערט פאַרזאָרגט, אז צאָרעס איז דאָ אָן א שיר, און קיין ארבעט ווערט ניט געטאָן. ער האָט געזוכט מענטשן, וואָס מע זאָל אָפּ זיי קאָנען עפּעס בויען, און בא איטלעכער נייער באַגעגעניש זיך געפרעגט: עפּשער, דער? עפּשער, אָט דער?..

— א גוטמאָרגן! — האָט אים אָפּגעשטעלט אין גאס ווידער עפּעס א ניט־באַ־קאַנטער.

טשערניאַווסקי האָט אים דערלאַנגט די האַנט. זיין בליק האָט אופגעשטראַלט מיט שמייכל און דאָרשטיקן נייגיר.! דער מענטש האָט זיך געפילט, ווייזט אויס, ניט איינגאַנצן פריי, געקוקט צו דער ערד.

— כ'האָב געוואָלט זאָגן,—האָט ער סאָפּקאָלסאָפּ אָנגעהויבן מאכמעס שעמעוו־דיקייט אביסל אָנגעשטויסן,— ווי א פאַרטיינער אינטערעסירט איר זיך, געווים, ניט גוט בא אונדז...

— ווייט פון גוט. ניטאָ קיין מענטשן.

— איר האָט עס שוין באמערקט? — האָט זיך יענער פארכידעשט.— טאקע דאָס האָב איך געוואָלט זאָגן. שיקט אונדז עמעצן.

טשערניאַווסקי האָט זיך הארציק צעלאכט.

— פונוואַנען? איר זייט די איינציקע? מע דאַרף א מיליאָן, יע... ווי רופט מען אייך?

— עליע יאָרש.

— טייערער עליע יאָרש, איר מיינט אוודע, אז איך בין א גרויסער קענער?

— איך רעכן...

— נאַרט איר זיך. ס'מעג אונדז ביידן צוקומען, וואָס מיר פעלט. כ'האָב אביסל פּראַקטיק. נאָר עס העלפט ניט, ס'איז אזא צייט, אז מיר מיט אייך מוזן ווערן מענטשן. יע... ווער זייט איר?

עליע האָט ניט פארשטאַנען, וואָס מע וויל פון אים.

— א היגער,—האָט ער געענטפערט.

— איך פארשטיי. נאָר ווער—פון די אָרעמ־פּויערים?

— יאָ.

— אָפּ די פראָנטן געוועזן?

— יאָ.

— איז פארוואָס זאָלט איר ניט ווערן דער מענטש?

— שווער צו גלויבן.

— ווען מיר זאָלן ניט גלויבן אין אונדזערע קויכעס, וואָלטן מיר די רעוואָלירציע ניט געדאַרפט אָנהויבן... איז וואָס, נאָך אײַער מיינונג, איז באַ אײַך ניט גוט?

עליע האָט זיך ארומגעזען, אז ער וועט דאַרפן אסאַך ריידן, ער האָט זיך צעאָטעמט שווער.

— אָט. די געשיכטע מיט דער אַלמאָנעס זון...—האָט ער אָנגעהויבן.

— כ'האָב געהערט, ווענן דעם גייט דאָך שוין אַ אויספאָרשונג.

עליע האָט זיך דערפרייט: איז שוין די מײַסע דעם כאַווער טשערניאַווסקי באַהוסט, פאַרשפּאָרט ער צו דערציילן. ער איז אַנטשוויגן געוואָרן.

— און וואָס נאָך איז באַ אײַך ניט גוט?—האָט טשערניאַווסקי אַ פרעג געטאָן.

— אונדזער אָרעם־פּויערים־קאָמיטעט—ניט געהויבן.

— וואָס האַלט איר פון כירמאַנען?

— פאַר געסט איז ער נישקאָשע. איך מיין, מיט דער צונג.

— איר זײַט אַ בייזער...

אויספאָרשן די אַרבעט פון דער אָרעם־פּויערים־אָרגאַניזאַציע איז געווען טשערניאַווסקיס אויפגאַבע. ער האָט געוואָלט זיך דורכשמועסן פריִער מיט פאַרשיידענע מענטשן פונעם אוילעם, דערנאָך ערשט מאַכן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג. עליע איז אים געפעלן געוואָרן, נאָר ער האָט נאָך געוואָלט אַ פרעג טאָן וועגן אים באַ אַנדערע. מע וועט אים דאַרפן צוציִען. כירמאַן איז, דאַכט זיך, טאַקע אַביסל... און אַ צונעמעניש—אָפּדירעק. האַ־האַ... האָט טשערניאַווסקי אין דערהייך אַ לאַך געטאָן, ניט געקאָנט זיך אײַנהאַלטן. און ווי ער האָט עס מיר אַרײַנגעזאָגט, אָט דער יאָרש: „פאַר געסט איז ער נישקאָשע“... מע וועט אים דאַרפן צוציִען, אומבאַדינגט.

אַפ מאָרגן סאָפּ טאָג איז טשערניאַווסקי געווען באַ עליען. ס'איז געשען אומגעריכט, און ס'האָט געמאַכט אַ גרויסע צערודערונג אין שטוב. נאָר דער גאַסט האָט געמאָלדן, אז ער האָט ווייניק צײַט, ער איז אַרײַן אַפ עטלעכע מינוט וועגן דער פאַרזאַמלונג, וואָס דאַרף זײַן הײַנט אינאָוונט, און ער האָט געבעטן סימען, זי זאָל זיך אויך צוזעצן צום טיש.

— איך וויל,—האָט ער געזאָגט,—איר זאָלט ווירקן אַפ אײַער מאַן. מיר קלײַבן זיך אים הײַנט אַרײַנפירן אין אָרעם־פּויערים־קאָמיטעט. וואָס וועט איר זאָגן דערצו?

דאָס בלויז האָט סימען אַ שלאָג געטאָן אין פּאָנעם פאַר שטאָלץ.

— כ'ווייס...—האָט זי קוים אויסגערעדט און געכאַפּט אַ קוק אַפ עליען.

עליע האָט געזאָגט:

— כ'האָב שוין געטראַכט! ביסט ניט צופרידן מיט יענעם. צי וועסטו זײַן בעסער? ס'אַ גרויסע אַכרײַעס.

— איז וואָס־זשע האָט איר באַשלאָסן?

— ווי מיינסטו, סימעלע?—האָט זיך עליע געווענדעט צום ווײַב.

— ווי דו פילסט זיך...

עליע האָט געשוויגן. מע האָט געהערט זײַן טיפן אָטעם.

— איך רעכן, מע דאַרף,—האָט ער געזאָגט,—אויב איר געפינט, אז איך וועל טויגן...

פון דער פארזאמלונג איז מען זיך צעגאנגען שפעט. עליע איז ארויס אינאיינעם מיט טשערניאווסקין, אקשאָנעסדיק זיך געהאלטן לעבן אים, קלאָר געהאט עפעס צו זאָגן, נאָר ס׳איז אים געווען שווער.

— ס׳זאָל אײַך ניט פארדריסן,—האָט ער ענדלעך אָנגעהויבן.— ס׳באקומט זיך ניט גוט.

— וואָסי?—איז טשערניאווסקי אופגערודערט געוואָרן.

— מיט דער אלמאָנע, מע האָט וועגן איר ניט גערעדט.

— ס׳גייט דאָך אן אויספאָרשונג. וואָס איז דאָ צו ריידן?

פאר דער פארזאמלונג האָבן אייניקע אין די שמועסן געפרוווט ארײַנוואַרפן א וואָרט וועגן דעם איניען, נאָר טשערניאווסקי, וואָס האָט שוין געהאט א פאָרשטעלונג וועגן אים לויט דער ווערסיע פון יודל כירמאנען און אַנדערע פארינטערעסירטע פערזאָנען, האָט ניט געקאָנט פארשטיין, צוליב וואָס איז נייטיק מאכן פון דעם א וועזן פאר עפנטלעכער באהאנדלונג. ערשט איצט פון עליעס רייד האָט ער דערפילט, אז עפעס האָט ער דאָ, ווײַזט אויס, פארזען.

— איך פארשטיי ניט,—האָט ער געזאָגט.—מיט וואָס זײַט איר אומצופרידן?

— ניט איך אליין. די גאנצע מאסע. ס׳איז געשען אזא רעציכע און גאָרניט. נעמט ניט פאר אומגוט, וואָס איך מאך אײַך א באמערקונג, נאָר איר, ווי א פאר־טייִנער, דארפט זיך אינטערעסירן.

— געוויס, דארף איך זיך אינטערעסירן. געוויס... איך האָב נאָך, אייגנטלעך, ווי עס דארף צו זײַן פון אײַך די מײַסע ניט געהערט. דערציילט מיר, דערציילט אלץ פון אָנהויב...

---

איינציקווײַז האָבן זיך אָנגעהויבן אומקערן די, וואָס זײַנען פאראיאָרן הארבסט אוועק פון דער הונגעריקער קאָלאָניע אין אנדערע ערטער. ס׳איז געקומען צוריק מוישע־ארן פרימאק. סטיסיע האָט זיך באוויזן אין גאס מיט איר דריטהאלבניאָריק טעכטערל בא דער האנט. אינאיינעם מיט זײַן מוטער איז ווידער אראָפגעקומען ליאָני זשוק. גוואלדיקן כידעש האָט דעמלט ארויסגערופן דאָס קליטל, וואָס ציליע האָט זיך גלײַך א נעם געטאָן פארלייגן. זי האָט דערוויזן, אז איר בעריעשקײַט האָט זיך פאר די יאָרן ניט אויסגעלאָשן. איינס און צוויי איז דאָס קליטל פארטיק געוואָרן— אן ענג, פינצטערלעך קעמערל אויסגעטיילט פון דער שטוב און אײַנגעאָרדנט מיט פאָלימשקעלעך, ווי די זאך פאָדערט, ווײַט ניט דער פארנעם און דער גלאנץ, וואָס אמאָל, דערפאר האָט מען דאָרטן געקריגן צו קויפן זעלטענע זאכן, וואָס מע האָט שוין לאנג אזוינס ניט געזען: קאָלירטע זייפלעך, בײַוועלעך, צוועכלעך, מאַיס, אפאָנעס, אז זי האָט זיך עס באצײַטנס פארגרייט און אינאיינעם מיט דער דערלויבעניש אראָפגעבראכט מיט זיך.

— וואָדען?— האָט יודל גערעדט אין די טעג,—ווארף אראָפ א קאַץ פון דאך, בלײַבט זי שטיין אפ די פיס, אָט איז שוין געווען א רעוואָליוציע און וואָס זעען מיר? איך האָב אלעמאָל געזאָגט...

— האָסט אלעמאָל געזאָגט און ביסט אלעמאָל געבליבן צום נאר,—האָט אים א באַיאָרטער פויער אָפגעהאקט.—די באָלשעוויקעס ווייסן, וואָס זיי טוען.

אומגעריכט האָט זיך געיאָוועט אהיים לייע יאָרש. ס'איז שוין זייער לאַנג פון איר קיין יעדיִע ניט געווען. זי איז אראָפּ פון דער פור מיט א דאַרן קלומעקל אין דער האַנט, דער קאָפּ נידעריק פאַרנומען אין א טונקעלן טיכל. אין שטוב, ווען זי האָט זיך צעבונדן, האָט מען דערזען, אז דער שאַרבן איז איר הויל און בלייכט זיך דורך די קנאָפּ אויסגעשפּראָצטע האָר. זי איז געווען שטאַרק אָפּגעצערט, דאָס פּאָנעם אזש גריגבלעך, און נאָך קרעפּטיקער האָבן זיך דערופּ אויסגעטיילט די געדיכטע שוואַרצע ברעמען.

— איך זע ניט דעם טאַטן,—האָט זי געזאָגט,—און וווּ איז יאַנקעלע?

כאַיע־ריווקע האָט דערציילט. לייע האָט וועגן דעם פאָטער קיין וואָרט ניט געזאָגט, נאָר וועגן ברודערל:

— פאַר יאַנקעלען בין איך צופרידן, ער וועט שוין ווערן א מענטש.

אין איר האַלטונג, אין איר בליק, אין אירע רייד האָט זיך באַוויזן א שאַרפקייט, וואָס האָט געצווונגען זיך אָנשטרענגען אַלעמען אין שטוב. זי איז קאַרגע דריי יאָר ניט געווען אינדערהיים. איצט נאָכן פלעק־טיפוס איז זי אראָפּגעפאָרן צו דער מאַמען אפּ א שטיקל צייַט, ביז זי וועט זיך פעסטער שטעלן אפּ די פיס.

מיט עליען האָט זי זיך שטאַרק דערפרייט, געהאַלטן זייַן האַנט, בעקוקט אפּ אים מיט ליבשאַפט.

— ביסט דאָך געווען אפּן פראָנט,—האָט זי געזאָגט מיט שטאָלץ.—דערצייל עפּעס.

— וואָס בין איך פאַר א דערציילער,—האָט ער זיך אָפּגעבעטן.

— ביסט געווען גערעניעס, זאָגט די מאַמע.

— איין מאָל. א קלייניקייַט.

— נו, פון די שלאַכטן, ווו דו ביסט געווען. דערצייל, עלטשיקל, דערצייל.

— ס'איז געווען אַלערליי. ניט פאַר מייַן צונג. אז דער סוינע טרעט אָפּ, איז נאָך ווי ניט איז. נאָר אז מע דאַרפּ אַליין לויפן, איז ניט גוט. די ערגסטע זאַך איז א פּאַניקע. ערגער פון דעם פּולעמיאָט.

— און פון מיר ווילסטו גאָרניט וויסן?..—האָט לייע א פרעג געטאָן אייפערזיכטיק.—די ערשטע צייַט בין איך געווען א קוריערשע אין טשעקאַ. געלערנט אפּ אָוונט־קורסן. אָנגעקומען אין קאָמיוג. דעם זומער בין איך אריבער אפּ א נייַער אַרבעט, האָט איבערגעשלאָגן די קרענק.

— איך אויך,—האָט עליע געזאָגט מיט א זיפץ.—איך וואָלט זיך זייער געדאַרפט צולערנען.

— וואָס־זשע איז דער אָפּהאַלט?

— ניטאָ בא אונדז גאָרניט. דערצו א שווערע צייַט.

עליע האָט דערציילט, אז ער איז אין אָרעם־פויערים־קאָמיטעט, דערווייַל האָט מען ווייניק אויפגעטאָן. נאָר אָט האָט ער הייַנט אינדערפרי געהערט א נייַס פון באַזעט: מע וועט דעם נויטבאַדערפטיקן פויער געבן קרעדיטן, ער זאָל ניט דאַרפן אָנקומען צום פּראָצענטניק און קורקול. טאַקע מיט די ווערטער שרייַבט זיך דאָרטן, זאָגט מען.

— מיר האָבן שוין גערעדט צווישן זיך, אז ווידליק ערד איז פאַראַן, איז אויב ס'איז אַן עמעס מיט דעם קרעדיט, קאָן עס ווערן גאָר א גרויסע זאַך.

— איך האָב דעמ גאזועט גיט געלייענט,— האָט לייע געענטפערט. — נאָר איך גלויב, עס דארפ זײַנ אנ עמעס.

לייע איז פארבליבנ אינ דער קאָלאָניע אסאך לענגער, ווי זי האָט אויסגערעכנט. מע האָט די קינדערשע גאָרקיך ־רעאָרגאניזירט אינ א שול־היימ, אונ זי איז געוואָרנ די פארוואלטערנ פונ דעמ אנשטאלט. איר געדאנק איז געוועננ פאָרנ ערגעצ זיך לערנענ. דערווײַל האָט זי אלע קויכעס אָפּגעגעבנ דער ארבעט, וואָס זי האָט גענומענ אפ זיך.

— אזא נאטור האָבנ שוינ די יאָרשנ,— האָט כאיע־ריווקע געזאָגט, צווענדיק, ווי די טאָכטער האָרעוועט, שאנעוועט זיך ניט:— זיי זײַנענ געטרײַע.

אפ פארווײַלנ די קלענערע קינדער אונ גיינ מיט זיי שפאצירנ האָט לייע אײַנגעלאדנ א מיידל, א קאָלאָניסטישע טאָכטער, וואָס האָט זיך ערשט ניט לאנג אומגעקערט אהיימ פונ ערגעצ, א שפילערנ אפ א באלאלײַקע, אנ אויסטראכטערנ פונ אלערליי פאָרשטעלונגענ. אליינ האָט זיך לייע פארנומענ מיט דער ווירטשאפט אונ מיט לערנענ די עלטערע כעוורע לייענענ אונ שרײַבנ.

— ווּיפל איך קענ, — האָט זי זיך פארענטפערט פארנ ברודער, — כאָטש עפעס אנ אָנהייב, זיי זאָלנ ניט בלײַבנ בלינד אפנ גאנצנ לעבנ.

זי האָט פעסט געהאלטנ אינ דער האנט סײַ די קינדער, סײַ די מיטארבעטער, וואָס האָבנ זיך באצויגנ צו איר מיט אכטונג אונ מיט א קאפּעלע פאָרזיכטיקײַט פאר איר הארבנ כאראקטער. אינ דאָרפראט האָט מענ געוווּסט, אז ווענ לייע יאָרש קומט עפעס מאָנענ, איז עס ניט קיינ גרינגער שמועס. בא א געוויסנ צאד אינ דער קאָלאָניע האָט זי שוינ געהייסנ ניט אנדערש, ווי די קליפּע אונ דער שלאק. נאָר די פּאָלנ, די טישנ אונ די געפּעס אינ שול־היימ בא איר האָבנ געבלאנקט, קיינ גרײַפּעלע איז ניט פארפאלנ געוואָרנ אומזיסט, אונ צענדליקער מאמעס האָבנ איר גע־ווּנטשנ געזונט אונ לאנגע יאָר.

ווידעראמאָל האָט זיך אינ דער קאָלאָניע אָנגעהויבנ רודערנ מיט דער געשיכטע וועגנ יאָסקעס טויט. ס'איז אראָפּגעקומענ א נײַער אויספאָרשער, אונ מע האָט אימ גלײַך אָפּגעשאצט.

— דער וועט דערגראָבנ ביזנ וואסער.

אז ס'איז דערגאנגענ צו מאָרדישנ, האָט מערע גענומענ אײַנטײַנענ מיטנ מאנ, ער זאָל לייקענענ שטיינ אונ ביינ, ס'הייסט, ער איז גאָר דערבײַ ניט געווענ אונ ווייס ניט פונ וואָס צו זאָגנ. נאָר בענציע האָט אפ איר א מאך געטאָנ מיט דער האנט. סאָפּקאָלסאָפּ איז אימ די מײַסע נימעס געוואָרנ. ער איז געווענ צערייצט, אינ קאעס, וואָס מע לאָזט אימ ניט צורו, אונ אז דער אויספאָרשער האָט אימ געשטעלט די פראגע, צי ער האָט געשלאָגנ דער אלמאָנעס זונ, האָט ער געענטפערט:

— יאָ, נאָר ווייניק.

— ער איז געשטאָרבנ פונ אײַערע קלעפּ.

— דאָס ווייס איך ניט, פונ וואָס ער איז געשטאָרבנ. איך בינ ניט קיינ דאָקטאָר. ער האָט געגאנוועט. איך האָב אימ געכאפּט, האָב איך אימ געשלאָגנ. זינט די וועלט שטייט, שלאָגט מענ גאנאָווימ. נאָר ווייניק. מע דארפ זיי הארגענענ צומ טויט.

— איר האָט דאָך אימ דערהארגעט צומ טויט.

— ווּ האָב איך אים דערהארגעט, אז ער איז אוועק מיט די פיס צו זײַן מאמען אהיים? ווער ווייס אים דאָרטן, פון וואָס ער איז געשטאָרבן.

דעמלט האָבן ווײַב און קרויווים, צווישן איינס פארהער און דעם צווייטן, גענומען אים אײַנריידן, ער זאָל כאָטש אריינציִען אין קאָן די איבעריקע, וואָס האָבן זיך באטייליקט אינעם שלאָגן, נאָר בענציע האָט פאראקשנט און טעמפ זיך אָפגעשאָקלט פון אלע זייערע אייצעס: איך וויל ניט. איך דארף ניט. מיך האָט מען באגאנוועט, און איך בין נאָך שולדיק. „איך וויל ניט גאָרניט. ס'איז מיר ניט ניכע דאָס לעבן"... און אז מע האָט אים אן ארעסטירטן געפירט צום וואָקזאל, און זײַנע אייגענע האָבן אים באגלייט מיט א געוויין, איז ער געזעסן מיט דולע פאראקשנטע אויגן און צונויפגעציפעטע ציין, אָנגעלאָדן מיט פארדראָס אף דער אוילע, וואָס עס ווערט אים געטאָן.

אן ערעב צו פרילינג איז מען אין דער קאָלאָניע געוווירע געוואָרן פון א נײַ וואָרט: יונגע ספארטאקן. דאָס זײַנען געווען כעווערע טאקע פון דעם זעלבן שול־היים. זיי האָבן מארשירט איבער דער גאס מיט א טרומייטל און רויטע פענדעלעך, און לייע מיט זיי. באלעבאטישע קינדער זײַנען נאָכגעלאָפן בא די זײַטן פול מיט קינעה. און אז א יאטל האָט, אזוי נאָכלויפנדיק, א פרעג געטאָן בא איינעם פון די מארשירנדיקע: „ווּ קאָן מען זיך פארשרײַבן, איך וויל אויך"... איז דער ענטפער געווען: „וועסט צוווארטן. ביסט ניט פון דער אָרעמשאפט".

די יונגע ספארטאקן האָבן זיך אָנגעהויבן ווײַזן אין ראט מיט פארשיידענע פאָדערונגען: מע זאָל זיי געבן א דירע אף א קלוב, און מע זאָל זיי געבן געלט אף פראווען דעם ערשטן מײַ. זיי פלעגן קומען אליין, אָן קיינעם פון די עלטערע, ארײַנגיין, ווי באלעבאטים, ריידן מיט הויכן קאָל. און טאָמער איז דער אופנעם געווען ניט אזוי, פלעגן זיי סטראשען, אז מע וועט אָנשרײַבן אין גאזעט.

דעם ערשטן מײַ האָט מען אין שול־היים געמאכט א גרויסן יאָנטעוו מיט פאָרשטעלונגען, דעקלאמאציעס, געזאנג און טענץ. מאמעס האָבן געווישט די אויגן, אָנקוקנדיק די כידושים, וואָס די קינדער זייערע ווײַזן. פונעם שכייניש דאָרף האָט לייע פארבעטן א גרופע אוקראיִנישע כעווערע. זיי זײַנען אראָפגעקומען מיט צימבלען און פײַקלעך. די מיידלעך מיט פעלד־בלומען אף די קעפ. א גאנצן טאָג האָט מען זיך געברידערט, געזונגען אינאיינעם לידער, געגאנגען ארומגענומען איבער דער גאס, איבערגעמישט, אויסגעפלאָכטן צו צענדליק און מער אין דער ברייט. די קאָלאָניע האָט נאָך אזוינס ניט געזען.

לייע האָט שוין אראָפגעוואָרפן דאָס טיכל און איז געגאנגען מיט אָפגעדעקטן קאָפ, געדיכט־שווארץ באוואקסן מיט קורצע הארטע קוטשערן. די אויערן האָבן איר איצט געשטארצט מאָדנע בלייך, ווי אָן לעבן, נאָר די אויגן אונטער די ברייטע ברעמען האָבן געברענט מיט א פײַער, וואָס לעשט זיך ניט. זי האָט ניט גערוט. אין דער קאָלאָניע האָט מען שוין א צײַט לאנג ניט געהערט פון קאָמיוג. זי האָט אופגעשטעלט א קערנדל. אף א פארזאמלונג האָט זי א רייד געטאָן וועגן דעם, אז מע וועט דארפן צוריק אָפנעמען דאָס שולכל, ווּ ס'איז פריִער מיט עטלעכע יאָר שוין איינמאָל געווען א קלוב. אין ראט האָט זי אין א מינוט פון קאעס ארײַנגע־

וואָרפן א וואָרט וועגן אייניקע מענטשן, וואָס מע וואָלט זיי געדאַרפט אויסקערן פון דעם אנשטאלט, ווי מיסט.

שאבעס נאָכן שלאָפן האָט מען אין פארברייטערטן מישפּאָכע־קרייַז בא מײַרים זשוקן די אלע זאכן ארומגערעדט. די ווייַבער האָבן ניט געקארגט אפ לייען קיין ליבלעכקייַטן, אָנגעווינטשעוועט איר, ווי זיי קאָנען. נאָר מײַרים אליינ האָט גענומען דעם איניען העכער.

— איך פארשטיי ניט, פונוואנען קומט צו זיי די היץ,—האָט ער געזאָגט.—זיי וואָלטן זיך שוין געמעגט אָפּקילן. אָט האָבן זיי דאָך געפּרוּווט מאכן א לעבן אָן אונדז און, נעבעך, געמוזט כאפּן צוריק, אײַנפּירן, גאָט צו דאנקען, ווי רופן זיי עס—נעפּ.

ליאָני זשוק איז ארייַן, ווי שטענדיק, אונטערגעקליבן, שטאָלץ פארשלאָסן דאָס מויל, א רענדל א וואָרט, מע האָט אים דערציילט וועגן וואָס עס גייט די רייד, געפרעגט זייַן מיינונג.

— זיי קעמפן פאר אן אידיי, — האָט ער געזאָגט מיט פאראכטונג. — און איר? וואָס שטעלט איר זיי אנטקעגן?

— וואָס הייסט?— האָט זיך מײַרים פארכידעשט. — איך האנדל מיט אָקסן, מיט טווּע. אָט האָט דייַן מאמע געעפנט א קלייטל, קריגט מען טאקע דאָרטן אמאָל עפּעס, אז מע דארף. מיר האָבן געזען, וואָס ס'איז געוואָרן, ווען זיי האָבן דאָס אלץ אָפּגעשטעלט. האנדלען, ווי ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, איז א גאנץ וויכטיקע אידייע.

ליאָני איז ארויס פון דעם שמועס שטארק אופגערעגט. גלײַך פונעם פעטער איז ער אוועק צו יאנקויוו מאָזנאימען. מאָזנאים איז ערשט די לעצטע טעג אָנגעקומען אפ א שטעלע אינ דער נײַ־געגרינדעטער לאנדווירטשאפטלעכער קרעדיט־געזעלשאפט. ליאָניס רייד האָט ער געהערט העפלעך צובאָמקענדיק, נאָר אליינ ארויסגעוויזן ווייניק ברען.

— איך האָב געמיינט, איר זײַט גרייט עפּעס טאָן, — האָט ליאָני געזאָגט מיט פאָרווורף.

— אלץ, וואָס איר האָט געזאָגט, האָב איך אויסגעהערט בעפּיירעש מיטן גרעסטן אינטערעס,—האָט מאָזנאים ענדלעך גענומען דאָס וואָרט. — צום באדויערן, וועל איך איצט זײַן שטארק פארנומען, נאָר וויפל איך וועל קענען וועל איך, פארשטייט זיך, טאָן. מיר דוכט נאָר, אז איר ווילט צוגעבן אונדזער באוועגונג אביסל אן אייַנזײַטיקע ריכטונג. מיר דארפן האָבן אינזינען אויך די אינטערעסן פון דער באפעלקערונג דאָ אפן אָרט. אָט, אשטייגער, דער לאנדווירטשאפטלעכער קרעדיט. ס'איז אן איניען, וואָס מע טאָר אים ניט פארבויגן...

שטיל און אײַנגעשפּארט האָט ליאָני זשוק געטאָן זײַן ארבעט. לייע האָט אלץ אָפטער אָנגעהויבן זיך באגעגענען דאָ און דאָרט מיט א שטומען נאָר מאָדנע אויסגעהאלטענעם ווידערשטאנד, וואָס זי האָט ניט געקאָנט פארשטיין, פונוואנען ער נעמט זיך. אינגיכן איז עס איר קלאָר געוואָרן. דעמאלט איז זי בא דער ערשטער געלעגנהײַט אין זייער שארפע ווערטער און מיט גרויס פײַער עפנטלעך ארויסגעטראָטן קעגן די יִדישע פּעטליוראָוועס, ווי זי האָט זיי אָנגערופן, וואָס האָבן זיך די לעצטע צײַט, ווי שטשורעס, אָנגעהויבן צו מערן אינ דער קאָלאָניע.

קיינער האָט איר קיין וואָרט ניט דערווידערט. ליאָני איז אפּ דער פאַרזאַמלונג ניט געווען. נאָר א טאָג שפּעטער האָט ער זי באַ א באַגעגעניש אין גאַס אײַנגעהאַלטן־העפלעך אָפּגעשטעלט און געמאָלדן, אַז ער וויל באַ איר אָפּנעמען א פּאָר מינוט צײַט.

— מע האָט מיר דערציילט וועגן אײַערע אָנפאַלן אפּ אונדז און אפילע סטראַשונקעס. מיר שטערן אײַך ניט. פאַרוואָס זאָלט איר פּראָוואָצירן א קאַמף, וואָס קיינער דאַרף אים ניט?

ליע איז אפּ א רעגע צעטומלט געוואָרן. זי האָט צונויפגערוקט די ברעמען.

— מיר האָבן רעכט אַרויסצוטרעטן, ווי מיר פאַרשטייען. איר זײַט קאָנטער־רעוואָליוציאָנערן,—האָט זי אָפּגעענטפערט שאַרף.

— דאָס איז אײַער פּריוואַטע מיינונג. נאָר ווען מיר טשעפּען אײַך ניט, טשעפּעט אונדז ניט.

— איך האָב שוין אַמאָל געהערט אײַערע א רעדע אין סטעפּ. איר זײַנט קאָנטער־רעוואָליוציאָנערן.—האָט זי איבערבעכאַזערט פאַרביסן, זיך אויסגעדרייט און אוועק.

שווער איז דאָס דאַרף געקומען צו זיך נאָכן הונגער־אומגליק. נאָר פון די וווּנונגען האָט זיך שוין אָפּטער דערטראָגן דער ריעך פון וואַרעמען ברויט, און פון די שטאַלן האָבן זיך אין די גאַנצפריִען געלאָזט הערן קוילעס פון פי.

ווינטער נאָך האָט עליע מיט סימען אײַנגעקויפט ערגעץ פאַר א שיבעש א טעלעצע, אָפּגעשפּאָרט פאַר איר דעם ביסן פון אייגענעם מויל און אופגעהאַלטן זי ביז דער פּאַשע. איצט, אין שפּעטן האַרבסט, זײַנען איר די זײַטן שוין געווען היפּש אופגעטראָגן.

אויך סימע איז שוין אַרומגעגאַנגען אין די הויכע כאַדאָשים, אין אָנהייב האָט זי זיך געהיט פאַר יעדער האַסטיקער באַוועגונג, עס זאָל עפּעס ניט געשען, זיך אָפּגעהאַלטן פון אַן איבעריק וואָרט, קיין בייזער גײַסט זאָל ניט שאַטן. שפּעטער איז זי געוואָרן רויִקער און פאַרגלויבטער אין זיך.

— ס'וועט, האָפּ איך, זײַן גוט...— האָט זי איינמאָל געמאָלדן עליען מיט א בליק, אין וועלכן ס'איז געווען אויסגעדריקט דער געפיל פון איר אינערלעכן נאָכקוקן זיך פאַר דער גאַנצער צײַט.

יאַנקויוו מאָזנאַים איז איצט געווען דער נייטיקסטער מענטש אין דער אָרטיקער קרעדיט־געזעלשאַפט, דער, וואָס גרייט צו דעם באַשלוס און גיט אים לעבן. ער האָט גאַנצ גיך באַהערשט אַלץ, וואָס געהער צו דעם פאַך, און פאַר זײַן געלאַסנקײַט און העפלעכקײַט מיט אַלעמען איז ער געווען ברייט געשעצט אין דער קאָלאָניע.

מוישע־אַרן פּרימאַק, זײַן שווער, האָט אים אפילע איינמאָל פירגעהאַלטן, לעמיי זיי צאַצקען זיך אזוי מיטן אָרעם־פּויערים־קאָמיטעט.

— ווער עס האָט א פונדאַמענט, גיט מען אים, ער זאָל זיך בויען ווײַטער. דאָס האָט עפּעס א זין. נאָר איר צעשאַסטעט דאָס געלט אפּ די האָלאָדראַנצעס. א שיינער טאַכלעס.

מאָזנאַים האָט מיט זײַן ענטפער באַוויזן, אַז ער ווייסט, וואָס ער טוט.

— אין פּרינציפּ זײַט איר גערעכט, — האָט ער געזאָגט. — נאָר אפילע א פערד

טרעט אמאָל אָפּ דעם וועג, ביפראט א מענטש מיט א פארשטאנד. איר דארפט ניט פארגעסן, שווער, אז זיי האָבן א צאד אין דער מעלוכע. און ווײַטער. קיין באלעבאטים האָבן מיר נאָך דערווײַל ניט אָפּגעזאָגט.

— א שיינע מײַסע. פארוואָס זאָלט איר אָפּזאָגן?

— נו, יאָ, די מעלוכע אליין הייסט שאנעווען דעם מיטל־פויער. אָן קריג, נאָר מיט רויִקײַט און סייכל קאָן מען טאָן אלץ, וואָס מע דארף.

מוישע־ארן האָט א צופרידענעם שמייכל געטאָן אונטער דער נאָז.

— איך זע, יאנקוּוו, דו האָסט א קאָפּ אפּ די פלייצעס. איך האָב זיך מיט דיר ניט גענארט. סטיסיע, גיב אים צו דער טיי א שטיקל סטרודל. עס דארף נאָך דאָרטן זײַן.

סטיסיע איז געזעסן באם צהייטן ברעג טיש, געהאָדעוועט דאָס קינד מיט קאשע פון א טעלערל און זיך צום שמועס פון די מאנצבלען ניט געמישט. איר פּאָנעם האָט אויסגעדריקט אָפּגעשלאָסנקײַט און טיפ באהאלטענעם ניט פריילעכן געדאנק.

— איך האָב געהערט, איר גיט עלטשיק יאָרשן אפּ א פערד מיט א שפּאַן? — האָט מוישע־ארן געזאָגט.

— אים מוז מען געבן.

— יאָ, ווען מע פארשטאָפּט אים דאָס מויל, און ער שווײַגט. נאָר ער איז געוואָרן א גאנצע סטראפטשע. אמאָל איז ער געווען א שטיל באָכערל. די רעוואָליוציע האָט אים צעדרייט, און די שוועסטער זײַנע, לייקע, יענע קריכט גאָר פון דער הויט.

טשערניאווסקי איז ווידער אראָפּגעקומען אין דער קאָלאַניע. ער איז שוין דאָ לאנג ניט געווען און געטראָפן אסאך נײַס. לייען האָט ער ניט געקענט. ער האָט זיך צעשמייכלט, דערזעענדיק אירע ברייטע אויסדריקלעכע ברעמען פול מיט פײַער־דיקן ערנסט. זי האָט ניט אָן שטאָלץ פאָרגעשטעלט פאר אים דעם אוילעם פון איר אנשטאלט: „מײַנע קינדער”... מיט ווייניקער צופרידנקײַט האָט זי גערעדט וועגן אירע עטלעכע קאָמיוגיסטן.

— זיי וואקסן ניט. ניטאָ דאָ בא וועמען צו נעמען. איך אליין דארף זיך נאָך בא עמעצן לערנען.

די ערשטע פארזאמלונג איז פאָרגעקומען אין בעסמעדרעש. טשערניאווסקי האָט גערעדט פון דער בימע. דערהויבן איבער דער ענגשאפט פונעם ארום שטייענדיקן אוילעם, האָט ער זשוואווע זיך איבערגעוואָרפן פון איין זײַט צו דער אנדערער, און פראָסט און פריילעך, אין זײַן באליבטער מאניר, וואָס איז שוין דאָ אסאכען באקענט געווען פון פריִער, האָט ער געטאָפּטשעט דעם קעגנער, וויפל ס׳איז אין אים ארײַן.

ליאָני זשוק איז געשטאנען ניט ווײַט פון דער טיר רויט און בייז. ארום אים זײַנע כעוורעלײַט. זיי זײַנען, קענטיק, געווען, שטארק אופגערעגט, האָבן זיך איבער־געקוקט, איבערגעשושקעט. ליאָני אליין איז געווען אײַנגעהאלטן, אפּ די ווענדונגען צו אים געענטפערט נאָר מיט א קנייטש פון א ברעם, אן איינזילביק וואָרט. דער רעדנער האָט פארענדיקט. איצט וועט זיך ליאָני מיט אים צערעכענען, האָבן זײַנע אָנהענגער געוואָרט. נאָר ער האָט געשוויגן. פארלוירן, דערשראָקן האָבן געקוקט אפּ אים דאווטשיק און שוניע, זײַנע צוויי איבערגעגעבנסטע אדיוטאנטן. נאָר ער

איז, באַלד װי מע האָט זיכ אָנגעהויבנ צעגײנ, דער ערשטער, אונ אלײנ, אָנ באַגלײטער, ארויס פונ דער פאַרזאַמלונג.

· ס'איז אים געװענ דושנע פאַר קאַעס. די קעלט פונעמ האַרבסטיקנ אָװנט האָט אים ניט אָפּגעפרישט. דאָס, װאָס ער האָט זיכ ניט אײַנגעשטעלט ארויסטרעטנ מיט אַנ עפּנטלעכנ ענטפער אפ טשערניאַװסקיס קלעפּ, האָט אים אצינד זיכ ניט געלאָזט טרײסטנ. ער איז אװעק צומ עק דאָרפ אונ ארויס װײַטער אינ סטעפּ, נאָר באַלד זיכ באַטראַכט אונ אומגעקערט זיכ צוריק. פאַרשטאַנענ, אז די זײַניקע זוכנ אים געװיס, אונ ער מוז זײ עפּעס זאָגנ. אזוי איז טאַקע געװענ. דאַװטשיק אונ שוניע זײַנענ אים אָנגעקומענ אנטקעגנ. ער האָט זײ פונװײַטנ דערקענט אינ דער פינצטער. עטלעכע מינוט איז מענ געגאַנגענ שװײַגנדיק.

— מאָרגנ מאַכנ זײ װידער א פאַרזאַמלונג. באַזונדער פאַר דער יוגנט, — האָט דאַװטשיק געזאָגט.

ער איז אלט געװענ אינגאַנצנ אַכצנ יאָר, אונ ער האָט זיכ עס אלצ גענומענ שטאַרק צומ האַרצנ. די מאַפּאָלע פונ דעמ אָװנט האָט אים זײער צעבראָכנ.

— זײ װעלנ ניט מאַכנ! — האָט ליאָני שיר ניט ארויסגעשריִענ.

דאָס איז געװענ אַנ ארויסבראָכ פונ בלינדנ האַס. דאָס בלוט פונ די זשוקעס האָט אים נאָכ קײנמאָל אזוי ניט געברענט. די צװײ יִנגלעכ האָבנ מיט פּלאַטערגעװאַרט, װאָס זײער פירער װעט װײַטער זאָגנ.

— איזדעקװענ זיכ איבער אונדז? מיר װעלנ אים אָפּשפּילנ אזא באַגעגעניש, אז ער װעט פאַרגעסנ אהערצו דעמ װעג. ער װעט מאָרגנ קײנ סאַכ ניט רײדנ. אלע אונדזערע זאָלנ זײַנ אפ דער פאַרזאַמלונג.

דער גרויסער עסצימער אינ לײעס שול־הײמ איז געװענ אָנגעשטאָפּט מיט יונגװאַרג אונ קינדער. די לאָמפּנ האָבנ געטונקלט פאַר מאַנגל אינ לופט. ליאָני האָט זיכ ארײַנגעשטעלט אינ דער טיר, א מינוט באַטראַכט דעמ עולעמ, דעמאָנסטראַטיװ זיכ ארויסגעדרײט אונ אװעק. דאַװטשיק איז ארויס צו אים, זיכ װעגנ עפּעס מיט אים דורכגעסוידעט אונ ארײַנ צוריק. ליאָני האָט זיכ מער ניט געװיזנ.

לײע האָט מיט אומרו אָנגעקוקט די היפּשע צאָל אומגעבעטענע געסט צװישנ די פאַרזאַמלטע, ניט געװוסט, װאָס דאָס באַטײַט, ס'איז א גוטער צי א שלעכטער סימענ. ס'איז דאַװקע געװענ שטילער, װי געװײנלעכ פאַרנ אָנהײב.

טשערניאַװסקי האָט גענומענ דאָס װאָרט. ער האָט נאָכ גאָר װײניק געהאַט גערעדט. אסאַכ פונעמ עולעמ האָבנ אפילע ניט געכאַפּט, װאָס ער האָט אזוינס באַזונדערס אופרײצנדיקס געזאָגט, װענ ס'האָבנ זיכ דערהערט ארויסגעשרײענ: „א ליגנ!“, „א בילבל“, „דעמאַגאָגיע!“... אביסל פאַרלוירנ איז דער רעדנער אריבער צו א שאַרפערנ אָנגרײַפערישנ טאָנ. נאָר די זעלבע שרײַער, אונ נאָכ נײַע צו זײ, האָבנ אים באַלד איבערגעשלאָגנ: „מיר װילנ ניט הערנ!“, „לאָזט אונדז ארויס!“. אונ ס'האָט זיכ אָנגעהויבנ א מוירעדיקע שטופּערײַ. דאָ האָט זיכ ארויסגעװיזנ, אז ליאָני האָט אײַנגעטײלט זײַנ כעװרע אפ צװײ שטאַרקע גרופּעס: אײנע גאַנצ נאָענט צומ פּרעזידיומ-טיש, פאַרבײַ אונ הינטער אים ביז צו דער װאַנט. די צװײטע — באַמ ארויסגאַנג. אינ דער צײַט, װענ די ערשטע האָט געמאַכט אַנ אָנשטעל, או זי שלאָגט זיכ דורכ א װעג אפ ארויסצוגײנ, האָט די צװײטע זיכ א רוק געטאָנ מיט קויעכ איר

אנטקעגנ. טייקעס זײַנענ פארלאָשנ געוואָרנ ביידע לאָמפּנ, אונ טשערניאַווסקינ האָט עמעצנס א קרעפּטיקע לאַפּע א שלעפּ געטאָנ אינ דער מיט פונעמ געשטויס, וואָס עס האָט זיכ אינ דער פינצטער צעקאַכט. ארומ איז געגאנגענ א געוואַלגער פונ בענק, א טרעטנ איבער קערפּערס, היק פונ קינדער, קוויטש אונ יאָמער פונ מיידלעכ. פארסאָפּעטע זײַנענ ארויסגעלאָפנ דאַווטשיק אונ שוניע אונ נאָכ עטלעכע פונ זייער קאָמפּאניע. ליאָני האָט אפ זיי געווארט אינדרויסנ אפ דער צווייטער זײַט גאס.

— נו?—האָט ער אומגעדולדיק א פרעג געטאָנ.

— געגוג פאר אימ.

— טייקעס אַלע אהיימ!

א צעקײַלטנ, א צעבײַלטנ, מיט א געשוואָלענער פארבלוטיקטער נאָז אונ אנ אונטערגעהאקטנ אויג, ארומגעבונדנ מיט א האנטעכ, האָט לייע טשערניאַווסקינ אונטער דער האנט אוועקגעפירט צו זיכ. כאיע־ריווקע האָט אימ דערזענ, האָט זי א פליעסקע געטאָנ מיט די הענט פאר שרעק. ער האָט שווער געאָטעמט אונ קוימ זיכ געהאלטנ אפ די פיס, נאָר דאָס אָפּענע אויג האָט געשמייכלט.

— אכ, זײַנענ זיי מיט דער הײַנטיקער מײַסע ארײַנגעפאלנ—האָט ער פלוציִמ ויסגערופנ.

— איכ פארשטיי ניט—האָט כאיע-ריווקע געזאָגט,—א מענטשנ האָט מענ צעבריקט, אונ ער איז צופרידנ.

— איכ וועל בלײַבנ לעבנ. דאָס איז א קלייניקײַט. נאָר זיי האָבנ זיכ מיִעס באנארישט.

— וואָס?

— גאָר פראָסט, איצט וועלנ מיר זיי ליקווידירנ איינס אונ צוויי, ווי די באנדיטנ.

ליאָני זשוק האָט זייער גיכ פארשטאנענ, אז ער האָט געמאכט א פאלשנ גאנג. דאָס, אפ וואָס ער האָט זיכ גערעכנט, איז געשענ. מע האָט ארעסטירט דאַווטשיקנ. יענער וועט זיכ לאָזנ פערטלענ אונ וועט אפ קיינעמ ניט אויסזאָגנ, נאָר מע קענ נעמענ נאָכ אנדערע, אונ ער האָט זיכ וויל פאָרגעשטעלט, אז עס גייט א רייד וועגנ אימ אויכ, כאָטש אינ יענעמ אָוונט האָבנ אַלע געזענ, ווי ער איז אוועק פארנ אָנהייב, נאָר ס'קאָנ זיכ מאכנ, עס זאָל ניט העלפנ. ער איז ארײַנ צו מאָזנאַימענ. ער האָט גערעדט מיט אימ אויג אפ אויג, אָפּנ דערציילט אימ די גאנצע מײַסע אזוי, ווי זי איז געווענ. יענער האָט אויסגעהערט שווײַגנדיק. זײַנע טיפ־שווארצע וואָנצעס האָבנ אויסגעדריקט מאָרעשכוירעדיקע פארזאָרגטקײַט.

— ניט גוט,— האָט ער צומ סאָפ געזאָגט,—דאָס, וואָס איר האָט געטאָנ, איז מער ווי א פעלער. ס'איז א פארברעכנ קעגנ דער באוועגונג אונ קעגנ זיכ אַליינ. ניט גוט.

— איכ וויס אַליינ, אז ס'איז ניט גוט,—האָט ליאָני געענטפערט א צערייצטער.

— האָט איר עס באדארפט פּאָרויסזענ. אַלצ, וואָס דער מענטש טוט, דארפ זײַנ צוגעפּאסט צו צײַט אונ אָרט, אניט איז ער געגליכנ צו א ווילדער בריִע... איר מוזט באַלד אוועקפאָרנ, דאָס איז קלאָר. טאקע הײַנט אונ שטילערהייט, וואָרעמ מע קאָנ ניט וויסנ, וואָס די נאָענטסטע שאָ וועט ברענגענ.

---

ס׳איז געווען אַ ווינטערדיקער סאָפּ טאָג. אַ זאַווערוכע האָט געדרייט. אַ שליטן פאַרשווינען מיט פאַרשנייטע באַשליקן אַפּ די קעפּ איז געקומען צופאָרן פון דער סטאַנציע און זיך אָפּגעשטעלט לעבן ערשטן דורכגייער אינמיטן דער דאָרפישער גאַס. פון די נעענטערע הײַזער זײַנען דעמלט אַרויס צום שליטן נאָך און נאָך—ווײַבער אין גרינג אַרופגעוואָרפענע פאַטשיילעס, מאַנצבלען, ווי מע איז געווען. זיי האָבן אַרומגערינגלט די אָנגעפּאָרענע, געשטאַנענע, געציטערט אין ווינט און מאָדנע שטיל געהערט די נײַס, וואָס מע האָט געבראַכט פון שטאָט.

— לענין איז געשטאָרבן.

יענע נאַכט האָבן דערוואַקסענע און קינדער אַפּ די געלעגערס אין דער פינצטער לאַנג זיך אײַנגעהערט אין די קוילעס פון דער זאַווערוכע הינטער די ווענט. דורך אָט די קוילעס האָבן זיי זיך איצט אַפּ עפּעס אַן אויפן געייניקט מיט מיליאָנען זייער גלײַכן אַפּ גאָר דער קײַלעכיקער ערד. ס׳האָט זיי געדוכט, אַז זיי פאַרנעמען ווערטער און געוויין פון האַמוינים, און זייערע הערצער האָבן גערוישט זיי אַנטקעגן, און די ליפּן האָבן, ווי שטענדיק אין אומרו און צאַער, געשעפּטשעט אַזוינס, וואָס פליסט פון די טיפן.

אין גרויסע ווייען האָט סימע אין איינעם פון די טעג געהאַט איר ערשטלינג. זייער אָפּגעשוואַכט, נאָר באַרויִקט דורכן באַוווּסטזײַן פון איר שוין אויסגעפּרוּווטער מוטערלעכער גוורע, איז זי איצט געלעגן פאַרגליווט, אַז ווײַטער וועט אַלץ מיט דער נאַטור גיין צום גוטן.

אינאָווענט איז עליע אַרײַן פון גאַס מיט אַ פאַרענדערט פּאָנעם. ער האָט באַלד אַ ווונק געטאָן דער מוטער, זי זאָל אַרויס. אין פירהויז האָט זי איר איבערגעגעבן די טרויעריקע ידיעָה. אין דער פינצטער האָט כאַיע־ריווקע אַ דערשראָקענע אָנגעכאַפּט דעם זון פאַרן מאַלבעש.

— וואָס־זשע וועט איצטער זײַן?

ער האָט געשוויגן. טרערן האָבן אים ניט געלאָזט ריידן.

— וואָס טוט מען מיט סימען?—האָט עליע געוואָלט וויסן.

— שווײַג דערווײַל.

נאָר סימע האָט גלײַך דערקענט, אַז ס׳איז עפּעס געשען. מע האָט איר געמוזט זאָגן. זי איז געבליבן שטיל, זיך קיין ריר ניט געטאָן אַ צײַט. שפּעטער איז אַרײַנגעקומען לייע, האָט מע דערהערט סימעס קאָל:

— דערצייל וועגן אים, האָסט, מיסטאָמע, געלייענט.

לייע האָט דערציילט, וואָס זי האָט געוווּסט. כאַיע־ריווקע האָט געזאָגט:

— טאָמער איז אויסגעפאַלן אַ גליק פאַר די אָרעמע מענטשן, האָט עס דער טויט זיי ניט געקאָנט פאַרגינען, אוי, ווי שרעקלעך איז דײַן מאַכט! אַז אָט האָסטו צוגענומען דעם בעסטן, און קיינער קאָן דיר גאָרניט טאָן...

זי האָט זיך ניט געקאָנט באַרויִקן.

— אַזאַ ליכטיקער מויעך, און אים זאָל עס טרעפן, און ער זאָל זיך ניט קאָנען העלפן.

מע האָט זיך איבערגעגעבן, וואָס מע האָט געהערט וועגן לענינס לײַדן, ווען ער האָט פאַרלוירן די רייד.

— איך שטעל זיך פאָר, — האָט כאַיע־ריווקע דערופּ געזאָגט, — זײַן אייגענעם צאַער און דעם צאַער פון זײַנע נאָענטע און ליבע. וויפל טײַערע ווערטער ער וואָלט נאָך געקאָנט ארויסזאָגן, וויפל גוטס פאַר דער וועלט.

לייע האָט געפּרוּווט עפּעס זאָגן וועגן דער וויסנשאַפט, וואָס קעמפּט מיטן טויט און וועט אים נאָך אַמאָל באַזיגן, איז די אַלטע אופגעבראַכט געוואָרן.

— איצט, איצט, אַז מע האָט זי געדאַרפט, ווּ איז זי געווען די וויסנשאַפט דײַנע!..

ס'איז געקומען דער טאָג און די שאָ פון דער באַערדיקונג.

אַלע אין שול־הײם זײַנען געזעסן אַף זייערע ערטער, די בליקן געווענדעט צום זייגער, וואָס איז געהאַנגען אַף דער וואַנט. אין טיפן שווײַגן האָבן זיי געקוקט, ווי די ווײַזערס רוקן זיך צו 4. צו דער רעגע זײַנען די קינדער אינײנעם מיט לייען אָן אײן וואָרט אופגעשטאַנען און, באַוועגט פון אײן געפיל, קימאַט אײנצײַ־טיק אויסגעקערעוועט די פּנעמער צו די פענצטער, דער אײנציקער פאַרבינדונג מיט דער דרויסנדיקער וועלט.

דאָ האָט מען ניט געהערט קײן הודעס פון זאַוואָדן, קײן פײַפן פון צוגן, קײן סאַליוט פון האַרמאַטן. אַ שנײ האָט געשאָטן, געדיכט און גיך געשווינדלט פאַר די אויגן, הויך אָנגעפולט דעם פון אויראַלט אָן ניט פאַרענדערטן רוים, פאַריאָגט און פאַרווייעט די קלײנע באַדערערדיקע דאָרפישע שטיבלעך. דער ווינט איז געווען געפאַלן. אין דער שטילקײַט האָט דאָ איטלעכער איצט געהערט נאָר די קלעפּ פון זײַן אייגענעם האַרצן.

אין גרויסן הונגער איז פייגע־ראָכע געשטאָרבן. כאַיע־ריווקע האָט איצט באַ סימען פאַרבראַכט גאַנצע טעג, געטאָן אין שטוב אַלץ, וואָס מע דאַרף. זי האָט געהאַלטן אין וואַשן די געפעס, ווען עליע איז אַרײַן און געמאָלדן, אַז ס'דערנעענטערט זיך די מינוט. באַלד האָט זי אָפּגעלייגט די אַרבעט און אַף גיך אויסגעווישט די הענט.

— ווּ געפינט זיך מאָסקווע? אין וועלכער זײַט? — האָט כײַע־ריווקע אַ פרעג געטאָן.

עליע האָט זיך פאַרלוירן.

— איך רעכן, אַז ערעך, אָן דאָרט. — האָט ער אָנגעוויזן מיט דער האַנט אַף אַ ווינקל.

אַהינצו האָט זיך כאַיע־ריווקע אויסגעקערעוועט מיטן פּנעם און אַזוי אינמיטן שטוב זיך פאַרטראַכט, די אויגן געווענדעט צו דער זײַט פון דער קײנמאָל ניט געזעענער שטאָט. עטלעכע טריט פון דער אַלטער איז געשטאַנען עליע. סימע אַפן געלעגער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אַף אַן עלנבויגן און זיך פאַרקוקט אין דער לופט. אַזוי האָט געדויערט דאָס פײַערלעכע שווײַגן פון די דרײַ מענטשן אין דעם אָרע־מען פאַרוואָרפענעם דאָרפישן שטיבל, ביז אַ פאַרטער, וואָס מע האָט אים ניט גע־הערט, האָט זיך אופגערירט אין זײַן וויגל און מיט הונגער־קוילעס פון דעם, וואָס איז געקומען צו וואַקסן און לעבן, אײַנגעשפּאַרט און מאָנענדיק זיך צעשריִען. דעמלט האָט עס כאַיע־ריווקע גענומען און דערלאַנגט עס צו דער מוטערס ברוסט.

שפעטער, אָנהייב אָווגט איז ארײַנ לייע. מע איז געזעסנ ארומ טיש בא דעמ פינפער לעמפל אונ געשוויגנ. עליע האָט געקוקט אראָפּ־צו. מיט אומרו, וואָס האָט אימ געמאטערט די אלע טעג, האָט ער זיכ געווענדעט צו דער שוועסטער, זוכנדיק בא איר ענטפער.

— אונ וואָס וועט זײַנ ווײַטער? אז ער איז ניטאָ?..

שטרענג האָט לייע געזאָגט:

— די פארטיי זײַנע לעבט.

דערנאָכ האָט מענ גערעדט וועגנ דעמ נײַ־געבוירענעמ, וואָס פאר א נאָמענ מע זאָל אימ געבנ. כאיע־ריווקע האָט געזאָגט: מייער, נאָכ איר מאנ. סימע האָט געבעטנ: גערשנ, נאָכ איר פארשטאָרבענעמ פאָטער. נאָר לייע האָט געמאָלדנ:

— פאראנ איצט אנ אנדער נאָמענ. נאָכ אימ דארפ ער הייסנ: וולאדימיר.

ס'איז געװאָרנ שטיל. פונ געלעגער האָט זיכ דערהערט סימעס קאָל.

— יאָ, איכ וויל...

כאיע־ריווקע האָט אויכ אײַנגעשטימט.

— אונ ווער ווייס,— האָט זי געזאָגט,— עפשער וועט פונ אימ אויכ אויסוואקסנ א גרויסער מענטש, א שײַנ פאר דער וועלט.

— זאָל ער כאָטש פראָסט לעבנ פרײַער אונ גליקלעכער, ווי מיר,— איז עליע גרייט געווענ אפּ ווייניקער.

נאָר כאיע־ריווקע האָט ניט געוואָלט נאָכגעבנ.

— אומזיסט רעדסטו אזוי, מײַנ זונ,—האָט זי געזאָגט פעסט: איטלעכ קינד, אז ס'ווערט געבוירנ, דארפ מענ ווארטנ, אז ס'וועט זײַנ דער געבענטשטער.

סימע איז איר טונקעלנ ווינקל האָט מיט האָפענונג געשמייכלט.

א. פּיאַטיגאָרסקע

# אלעמענס ברודער

1

דערינערונגען, ווי פארוועלקטע בלעטער,
זאמלען זיך אין הויפנס אין זיקאָרן,
איך שאר פאנאנדער הײַנט די הויפנס הויך־געבעטע,
מײַן ברודער איך דערזע דורך דיקעם שטויב פון יאָרן.

ער שטייט פאר מיר אין היטל אין סטודענטישער,
די צוואנציק יאָר אין בליק אין זײַנעם שפּילן,
און פעסט ער האלט די ביקס אין זײַנע הענט שווינ,
און גוט ער ווייסט, וווהין, אין וועמען צילן.

געווען איז יענער טאָג א גאָלד־באשטראלטער,
זײַן מאכנע איז געשטאנען גרייט גלײַך אפן פראָנט ארויס,
עס האָט מײַן ברודער צארט זײַן ביקס געהאלטן,
א קינד א ליבס מע האלט אזוי אין שויס.

אין א געדרענג אין פעסטן צווישן ברידער,
קאָן זײַן—אויך דײַנעם, עפּשער זײַנעם, עפּשער אירן,
חען זון האָט צו דעם שלאָס געגומען נידערן,
האָט ער געזאָלט נאָך זיך זײַן מאכנע פירן.

אין טיפוס־היץ די טעג אין קיִעוו פליסן,
קאנאָנען האָבן איבער מויערן געקלאפּט,
עס האָט דעניקין מיט פעטליורען זיך געריסן,
און קוילן האָבן פרעך די אלטע שטאָט באטאפּט.

אפן טראָטוארן—הונדערטער באגלייטער,
די מאכנע לאָזט זיך אין איר שווערן וועג,
און גלײַך א ווינט וואָלט אין א בליִענדיקן סאָד א חייע טאָן —
עס פאלן בלומען אפן דער מאכנע, ווי א דופּטנדיקער רעגן.

און ס'טוט א הילך א ליד און שוין—אוועק די ברידער!
און מיר—מיר זינגען מיט און בלייַבן אפן אָרט,
אַלץ שוואכער זיך דערטראָגט דער הייסער רוף פון לידער,
מיר פּאָכען מיט די טיכעלעך און קארגן איצט א וואָרט.

אוועק איז אין דער ווייַטסטער ווייַט מייַן ברודער,
ווער האָט געוווּסט, צי וועט ער קומען גאָר צוריק?
און איצט—צו יענעם אָוונט ווען איך ווענד מייַן בליק,
איך זע, ווי צוואנציק יאָר עס טראָגט מיט שטאָלץ מייַן ברודער,
ווי בלומען פליִען אין דער לופט, און כ'הער דעם קלאנג פון יענע לידער.

2

מיט פיבערדיקע אויגן
עס האָט געוואַרט מייַן מאמע אפ א בריוו,
די האנט צום בריוונטרעגער, ווי א בעטלערן, געצויגן,
אראָפּגעלאָזט א ליידיקע און טרערן אייַנהאַלטן געפּרוּווט.

איר זון איז ווייַט אצינד,
און צווישן איר און אים עס שטייט דאָס יונגע לאַנד,
נאָר סע נאָגט איר מוטער־הארץ און מאָנט א בריוול פון איר קינד.
נישטאָ! און אומבאהאָלפן פאלט אראָפּ איר האנט.

און ווייַט, גאָר ווייַט פון איר
עס האָט איר זון פארביטן אפ א ביקס די פען,
צום סוינעס נעסט, צו פערעקאָפּ זייַן מאכנע האָט געפירט,
זיך אומקוקן צוריק קיין צייַט איז ניט געווען.

עס שטעפּט דער „פּולעמיאָט",
ווי האָגל פאלן קוילן, רייַסן אופ די ערד,
אין שלאכט זיך רייַסט א רויטע ראָטע נאָך א ראָטע,
ס'איז ערנסט יעדער מענטש, געהאָרכזאם איז זייַן פערד.

אפ פערעקאָפּ
געדונערט האָבן שלאכטן און ס'האָט דער זיג פארזאמט,
ס'האָט אויך מייַן ברודער דאָרט געשענקט דעם לאַנד זייַן קאָפּ,
זייַן יונגער קאָפּ, ווי נאָך פיל קעפּ, געפאלן איז אין זאמד.

מיט פיבערדיקע אויגן
עס האָט געוואַרט מייַן מאמע אפ א בריוו,
די האנט צום בריוונטרעגער, ווי א בעטלערן, געצויגן,
אראָפּגעלאָזט א ליידיקע און טרערן אייַנהאַלטן האָט מער שוין ניט געפּרוּווט.

3

מײַן ברודער ערגעץ ליגט אין ברודערלעכער גרוב,
ס'איז שווער דערגיין אין וועלכער, שווער איז זי דערקענען
אין הוילן ברייטן סטעפּ, פאַרוואָרפן ווײַט פון שטוב
ער ליגט אין גרוב, וווּ ניט פאַרצייכנט זײַנען נעמען.

דיווינטן קרייצן זיך איבער די בערגלעכער ערד,
עס קוקט אַף זיי די זון פון מיט פון בלויען הימל,
און ס'טרעפט: אַ דורכגייער זיך טיף אָט דאָ פאַרקלערט
און פּרווּוט זיך פאָרשטעלן, ווער אין דער טיף דאָ דרעמלט.

עס האָבן לעבעדיקע מיר אַ גרוס פון דאָרט געבראַכט,
באַוווּנדערט האָבן זיי דעם העלדנמוט מײַן ברודערס
און פלוצים כ'האָב דערזען די פינצטערניש פון נאַכט
דערשפּירט כ'האָב די געפאַר, דערהערט דעם סקריפּ פון רעדער.

מע מוז אַרויס פון קלעם, זיך דורכשנײַדן אַ וועג,
נאָר ס'גייט דעם סוינעס טאַנק, אַ וואַנט אין סטעפּ אין ברייטן,
מײַן ברודער איז אָט דער, וואָס דאָ באַפעלט, ניט פרעגט,
נאָר איצט ער זאָגט: „איך גיי, מיט מיר צו גיין ווער גרייט איז?"

מע שלײַכט אין פינצטערניש. שוין נאָענט איז דער ציל,
אין שפּיץ—מײַן ברודער און נאָך אים—אַרמייער צוויי אין אויסשפּיר,
אונטערן טאַנק גראַנאַטעס אופרײַסן מע וויל,
די שרויפן פּאַטערן, זײַן טראָט פּאַראַליזירן.

עס רוקט זיך אָן דער טאַנק. די צוויי—זיי בלײַבן שטיין,
מײַן ברודער צילט דעם טאַנק אונטערן בויך אַרונטער,
ער כעזשבנט אינדערשטיל: „אַ שלײַדער טאָן צי ניין?"
און הילכיק טוט אַ קנאַל, די נאַכט האָט ער דערמונטערט.

דער טאַנק בלײַבט הילפלאָז שטיין: אַ ווונד אין אינגעווייד,
די רויטע מאַכנע קען איצט ווײַטער פרײַ זיך רוקן,
מײַן ברודער ליגט אַף דר'ערד און טראָפּנס בלוט צעזייט,
באַפעלט דער מאַכנע גיין און נאָר אַף אים ניט קוקן.

די רויטאַרמייער—שטום, מע רירט זיך ניט פון אָרט,
מע זעט: דער קאָמאַנדיר ווערט בלייכער אַלץ און שוואַכער,
ניט צו זײַן מוטער גאָר ער ווענדט דאָס לעצטע וואָרט—
„איך שטאַרב, נאָר איר, אַרמייער, גרייט זיך אין אַטאַקע!"

4

ס׳איז טרוקן, קיל. ס׳איז האַרבסט אין רעכטער מיט.
אין פענצטער־שויב עס גליט דאָס רײַפע גאָלד פון עפּל,
פון בריסלינעס דער פורפור זיך צעשיט
און פלוימען לענגלעכע דאָרט זענען אויס פאַרנעפּלט.

אין גאַס די שטיינער זײַנען גלאַטיק—ריין,
בא יעדן טראָט אַן אָפּקלאַנג זיי געבוירן,
אַ רויטאַרמייער־טייל פון ערגעץ קומט צוגיין,
אַ מונטערער געזאַנג קלינגט אָפּ און רייצט דעם אויער.

און אַלע זײַנען יונג, און יעדער מונטער איז,
שינעלן—גוט געפּאַסט, די שטיוול—אויסגערייניקט,
עס זעט אויס פון דער ווײַט: עס שפּאַנט אין גאַס אַ ריז,
וואָס הענט און פיס אַסאַך, און קעפּ אַסאַך פאַראייניקט.

אין גאַס די דורכגייער אָפּ זיי זיך קוקן אום,
אַ מיידל אין „בערעט"—זי לאָזט אַ שמייכל פאַלן,
צוויי שילער בלײַבן שטיין, די טייל באַטראַכטן שטום,
פאַרגעסן, אַז אין שול שוין גיך דער גלאָק וועט שאַלן.

איך האָב זיי אויך דערזען. כ׳בין אויך געבליבן שטיין,
נאָר כ׳האָב דערזען אַ טייל—ניט די, וואָס שפּאַנט אין רייען,
די מאַכנע כ׳האָב דערזען, מײַן ברודער זע איך גיין,
און ערגעץ ווײַט, גאָר ווײַט די רייען—זיי פאַרגייען.

און ס׳דוכט מיר—איך דערפיל, און טאַקע אָפּ דער וואָר:
אין עמעצנס אַ ברוסט מײַן ברודערס האַרץ כ׳הער קלאַפּן,
און איינער פון די מויטיקסטע די ביקס מײַן ברודערס טראָגט,
וואָס איז פאַרבליבן דאָרט, אָפּ זאַמד אָפּ פערעקאָפּער.

---

סאָרע קאהאנ

# אינ צימער

אינ צימער איז רויִק, ליכטיק אונ שטיל
עס שפרינגט אומ א העזל פונ זונ אפנ דיל,
באמ טיש זיצט א מאמע מיט איר קינד זאלבאנאנד,
א צײַטונג זי האלט אינ איר וואַרעמער האנט.
דאָס פאָנעמ דער מוטערס איז מונטער אונ פריש,
דאָס קינדערשע קעפל איז גלײַכ מיטנ טיש,
דאָס קינד מיט א שערל שפּילכעלעכ שערט,
עס לייענט די מאמע, דאָס קינד אירע הערט.

— — — — — — — — — — —

— געווענ כ'בינ א מענטש אָנ א פּיצעלע רעכט
געארבעט אָנ אָפרו — א שטענדיקער קנעכט.
— מאמע, ווארטצו איכ פארשטײ עפּעס שלעכט
זאָג מיר, דערקלער מיר, וואָס איז דאָס „קנעכט״?
— שרעק זיכ ניט, קינד מײַנס, הער זיכ נאָר אײַנ,
אזוי איז געווענ, נאָר אזוי וועט ניט זײַנ.
שטענדיק געווענ הונגעריק, הייל,
— וואָס איז דאָס „הונגעריק״ מאמע דערצייל?
— שרעק זיכ ניט, קינד מײַנס, הער זיכ נאָר אײַנ
אזוי איז געווענ, נאָר ס'וועט מער קיינמאָל ניט זײַנ.

— — — — — — — — — — —

די מאמע קערט איבער פונ צײַטונג א זײַט,
דאָס קינד שטייט פארקלערט אזוי אונ עס שווײַגט,
די קינדערשע אויגלעכ פארוווּנדערט, צעשטעלט
עס שווימט פאר אימ דורכ אזא שרעקלעכע וועלט...
מיטאמאָל איבער צימער צעטראָגט זיכ אלאָ,
עס זאָגט אָנ די ראדיאָ: מאָסקווע איז דאָ,
אלאָ, ס'רעדט מאָסקווע, הערט זיכ נאָר אײַנ
אפנ פלאצ אפנ רויטנ א מיטינג וועט זײַנ.

שטייט א קינד מיט א מאמענ הארט א קאָפּ צו א קאָפּ,
אונ מענ נעמט פונ דעמ רופאָר קיינ אויג ניט אראָפּ.
א שטימ פונ א פרוי דורכנ רופאָר מע הערט,
גלײַכ פונ פּלאצ פונ דעמ רויטנ ער טראָגט זיכ אהער.
— איכ שווער בא מײַנ לעבנ, איכ שווער בא מײַנ גליק
ס'וועט מיר קיינער ניט אָנטאָנ קיינ קייטנ צוריק,
אויב מענ וועט דארפנ איז מיט ביקס אינ דער האנט
איכ בינ גרייט צו באשיצנ מײַנ טײַערנ לאנד;
ווּ ס'האָט יעדער באקומענ א שטימ אונ א שפראכ,
ווּ ס'האָט אונדזער סטאלינ צומ גליק אונדז געבראכט.
עס שמייכלט די מאמע, דאָס קינד אירע קוועלט
די זונ קריכט אינ פענצטער אונ שמייכלט אונ העלט,
ארומנעמענ דוכט זיכ וויביידנ זי וויל
אונ עס שפּרינגט אומ א העזל פונ זונ אפנ דיל.

---

פ. שענקער

# אויס שלימאזל

אפנ עק שטעטל האָבנ זיך קינדער געהוידעט אפ א לאנגנ קלאָץ אונ געזונגענ „קאכאָווקא־קאכאָווקא“. די קלעצער צוגעגרייטע צו דער בויונג פארנ נײַעם שפּיטאָל אינ שטעטל זײַנען געלעגנ צעוואָרפנ אינ אלע פיר זײַטנ. עס האָט פונ זיי געשמעקט מיט סמאָלע אונ מיט נײַקײַט. אהינטער די קלעצער האָט זיך געצויגנ דער קאָלווירטישער גאָרטנ מיט די בורעקעס. צווישנ די בייטנ איז געשטאנענ א בײַדל.

אָט דאָ האָבנ מיר זיך באקאנט. דער גאָרטנ־וועכטער איז געזעסנ באם שוועל פונ בײַדל אונ געלייענט די סטאלינישע קאָנסטיטוציע. ער האָט מיט אנ אויסגעדראָלטנ פינגער געהאלטנ באם 45־טנ ארטיקל אונ געקוקט ערגעץ אינ דער ווײַט פונ גאָרטנ, ווו די פערד האָבנ פארבײַגייענדיק געכאפּט א ביס פונ די גרויסע בורעקעס, וועלכע זײַנענ געלעגנ ווי די קעלבער איבערנ גאָרטנ.

— ניט קיינ היגער,—האָט ער קאָנסטאטירט, דערזעענדיק מיך,—איך קאָנ דאָ אלעמענ סײַ פונ שטעטל, סײַ פונ ארום. 55 יאָר אפ איינ אָרט.—ער האָט ארויפגענומענ די ברילנ, געמאכט לעמ זיך אנ אָרט, פארויכערט, פונ יויצע־וועגנ א הוסט געטאָנ אונ אונדזער שמועס האָט זיך פארקניפּט.

— דאַ ניט לאנג ב׳נ איך געווענ אפנ קרײַזל, ווו מיר דערלערנענ די קאָנסטיטוציע. כ׳האָב געהאָרכזאם געהערט יעדער וואָרט. כ׳האָב אויך געוואָלט ארויסטרעטנ, נאָר... איך וויים ניט וואָס זאָל דאָס באטײַטנ, אז איך בינ מיט זיך אליינ, אָט דאָ אפנ גאָרטנ, לעמ די בורעקעס קענ איך אײַך אָפּהאלטנ א רעדע דרײַ שאָ. אָ־האָ, ווענ די בורעקעס זאָלנ קענענ איבערגעבנ דאָס, וואָס איך דערצייל זיי. עס וואָלט געווענ א שיינע לעגענדע, דערזע איך אָבער, אז מע קוקט אפ מיר, נעמט מיר אָפּ דאָס לאָשנ.

מע האָט אמאָל א ליד געזונגענ. זייער אנ אומעטיק לידל:

— ס׳איז ניט געווענ קיינ נעכטנ,  
ס׳וועט ניט זײַנ קיינ מאָרגנ,  
קאָלזמאנ ס׳איז דאָ א שטיקעלע הײַנט  
טאָ לאָמיר זיך ניט זאָרגנ...

יאָ. א נעכטנ איז טאקע ניט געווענ. א הײַנט האָבנ מיר ניט קיינ שטיקעלע, נאָר א גרויסנ שטיק, אפ די ארבעטנדיקע פונ דער גאנצער וועלט געזאָגט געוואָרנ אונ וועגנ אונדזער מאָרגנ פרעגט שוינ ניט.

דער הארבסט האָט ערשט אָנגעהויבנ אָנקומענ. די טעג זײַנענ נאָכ געווענ וואַ־רעמע אונ זוניקע. עס האָט שוינ געשמעקט מיט פארנאכט. די זונ האָט זיכ געפּלאָנ־טערט צווישנ ביימער פונ א קליינ דערבײַיִקנ סעדל, דער גאָרטנ־וועכטער האָט אָנ־געהויבנ זײַנ דערציילונג.

די מאמע מײַנע האָט מיכ געהאט מיט א צווילינג. איכ אונ מײַנ שלימאזל. דאָס איז געווענ א יערושע אינ אונדזער מישפּאָכע פונ לאנגע דורעס. ווי א שאָטנ איז ער אונדז נאָכגעגאנגענ, אומעטום פארלאָפנ דעמ וועג, צו וואָס מיר האָבנ זיכ ניט גענומענ איז אלצ געגאנגענ מיטנ פעלצ אראָפּ. אָט־אָט דוכט זיכ קאראבקע איכ זיכ שוינ ארופ אפנ בערגעלע, איכ זע שוינ דעמ שפּיצ, א ברעקל גליק אונ גלײַכ גליטש איכ זיכ צוריק.

— יא או האָרו א טשאָרט זא נאָהי די נאזאד.

בא טאטע־מאמע זײַנענ מיר געווענ זאלבאפערצנט. באָנים צענ שטיק, אָבער די עמעסע באָנים מאשכיסים. הויכ ווי די ריזנ, מיט הענט ווי לאָפּעטעס אונ פיס — יעדער פוס א לאפע וועאלכאמאָסע. דאָס איז געווענ מאכמעס באָרועס ארומגיינ. די מאמע האָט וועגנ אונדזער אפּעטיט געזאָגט, אז דער שוירא־באָר מיט די לאפּ־טיעס אונ דער לעוויאָסאָנ איז אונדז אפ איינ צאָנ. דאָס איז מאכמעס ניט דערעסנ.

מאכט זיכ איינמאָל אינ א זומערדיקנ טאָג, האָט די מאמע ארײַנגעשטעלט אינ אויוונ צוויי טשוהונעס. א טשוהונ מיט גערשטענעמ קרופּניק אונ א טשוהונ מיט קלײַענ פאר דער בעהיימע. כעוורע האָבנ זיכ פארנ טאָג גוט אָנגעלאָפנ אונ אויס־געהונגערט, איז מענ געקומענ אהיימ, ארויסגעשלעפט פונ אויוונ א טשוהונ, ארײַנ־געקערט אימ אינ שיסל אונ טאקע באלד דערזענ דעמ דעק.

פארנאכט איז די מאמע אהיימ געקומענ, זי גיט זיכ א כאפּ צומ אויוונ געבנ דער בעהיימע די פוילע אונ איז געבליבנ שטיינ מיט דער ווילקע אינ האנט.

— פרעסער, האלאטיינענעס, איר האָט דאָכ אויסגעהליטעט ניט דעמ קרופּניק, נאָר די פוילע.

— ס'איז טאקע, מאמע, געווענ אָנ זאלצ...

זעלבסטשטענדיק בינ איכ געוואָרנ, ווענ איכ בינ אוועק צו לייזער־לוצע. גע־רופנ האָט מענ אימ דערפאר, ווײַל ער פלעגט שטענדיק זאָגנ — לוצע נע טרעבא. געווענ איז ער א שוסטער, וועלכער האָט גענייט שטייענדיק. וועגנ אימ אונ וועגנ זײַנ ארבעט איז ארומגעגאנגענ אזא ווערטל: דער בעסטער שוסטער פונ אלע שנײַדער איז לייזער לוצע, אז ער לאָזט צו א בענקל, איז פונקט צומ טאליע.

קיינ שוסטער בינ איכ ניט געוואָרנ. ווענ איכ בינ עלטער געוואָרנ, האָב איכ זיכ גענומענ א רעדל דינעמ דראָט, א צווענגל אונ קיט אונ געשלעפּט זיכ פונ דאָרפ צו דאָרפ דראָטעווענ געפּלאצטע טעפּ. ווהינ איכ פלעג זיכ ניט שלעפּנ, פלעגט מײַנ שלימאזל מיר נאָכקריכנ. נאָכ דעמ האָב איכ מיר א פערדל געקויפט, דרײַ קערב־לעכ אָפּגעצאָלט. געווענ איז ער מיר צומ פּאָר.

— „טשאָרט סעס פאר לאפטיי סטאָפּטאוו, פּאָקא נאס או פארו סאָבראוו". געווען א ווילדער בעריע—פלעגט שלאָפן שטייענדיק און א „כוש האשמיע" האָט ער געהאט א גוואלד—טפּררר! פלעגט ער דערהערן פאר א וויאָרסט.

ס'איז אָבער פאָרט ניט גיין צופוס. קאָנסט אונטערפאָרן, אמאָל אונטערשטיפן און גלאט ביסטו ניט מיט זיך אליין, פאראן מיט וועמען א וואָרט אויסצורייד.

פאָר איך מיר אזוי, דער וועג ווי אפן הארצן, דאָס פערדל מײַנס פלאָנטערט מיט די פיס ביז עס בלײַבט שטיין. קריך איך מיר אראָפּ פון וואָגן, טאפּ ער ארום פון אלע זײַטן, טו א קוק—ערשט ער זיצט צונויפגעדרייט אײַנגעדרײַען מײַן שלימאזל, און דרימלט.

— הער,—זאָג איך,—מײַן טײַערער זיווג, האָסטו זיך נאָכגעשלעפּט נאָך מיר צופוס, פארשטיי איך. אָבער איצט?

— די גאנצע יאָרן,—האָט ער מיר געענטפערט,—בין איך דיר נאָכגעגאנגען צופוס, טאָ לאָמיר איצט אביסל אונטערפאָרן...

די פּארנאָסע פון דראָטעווען טעפּ איז געווען אפּ הינט, אפּ נעגידים און אפּ לײַ־באַווייטשער כסידים. עס האָט ניט געסטאַיעט קיין וואסער אפּ קאשע, נאָר א ברײַרע האָט מען.

איר זעט דאָס טײַכל? ווערייע הייסט עס. אפּ יענער זײַט טײַכל שטייט איצט א גרענעצל־סלופּ. דאָס איז א צייכן, אז דאָ איז דער גרענעץ צווישן ווססר און רססר. אמאָל איז דאָ גאָרנישט ניט געווען. מע זאָגט, אז דער קייסער האָט אפילע ניט דערלויבט מע זאָל אָנרופן ווײַסרוסלאנד מיט זײַן עמעסן נאָמען. איז איצט דאָס טײַכל דער גרענעץ צווישן צוויי סאָוועטישע מעלוכעס, וועלכע לעבן פארייניקט, באהעפט אין איין גרויסער מישפּאָכע, וועלכע הייסט סאָוועטנפארבאנד. אמאָל איז דאָס דאָזיקע טײַכל געווען דער גרענעץ פון דער טשערטא אסעדלאָסטי. ביז אהער האָט א ייִד געמעגט וווינען, אפּ יענער זײַט טײַכל—ניט. פּארנאָסע איז אָבער אזא זאך, וואָס ווייס ניט פון קיין טשערטא און דער מאָגן, כאָטש ער איז בא מײַנע קינדער געווען פון בלעך געטינקעוועט מיט פעך, דאָך האָט מען עפּעס וואָס גע־דארפט אהין ארײַנלייגן, און הייסט עס, אז מען דארף פארדינען.

איר שמייכלט פונעם וואָרט פארדינען? איצט איז בא אונדז אין לאנד פּארנאָסע גאָר פון די קליינע קלאַץ־קאשעס, ווו איר ווילט. אָט, אשטייגער, בא אונדז אין שטעטל: ווילט איר, קענט איר גיין אין ארטעל „רויטער אָקטיאבער" אניט טאָ גייט אין „פראָגרעס". מע פארדינט דאָרטן ניט מער און ניט ווייניקער ווי די 500 קערב־לעך א כוידעש, און טאָמער געפעלט אײַך עס אויך ניט, טאָ גייט אין איינעם פון די דרײַ שטעטלדיקע קאָלווירטן. איר ווערט זיך דאָרטן ניט קאליע מאכן דעם מאָגן, כאָטש אפילע בא אונדז אין קאָלווירט „לעקערט". איר זעט בורטן, ניט קיין בורטן נאָר גאנצע קארפאטן-בערג. אונדזערע קאָלווירטניקעס באקומען צו 16 קילאָגראם בוריקעס, צו 16 קילאָגראם קארטאָפל, צו צוויי קילאָגראם טווע און צו 3 רובל מעזומענע געלט אפּ אן ארבעטס־טאָג.

אמאָל איז בא אונדז פּארנאָסע געווען אפן שפּיץ נאָפל. דער „האזאָן אומפארגייס לאקייל" איז געווען „גאָסטעניו", נאָר אזוי ווי דערקלײַבן זיך צו אים איז געווען אביסל ווײַטלעך, האָבן בא אים די פּארנאָסע־געבערײַ צוגענומען די בויאנאָורעס, פּעוו־

זנערס, מירערס און איידינאָווס, פלעגן זיי זיך נעמען מיטן שפּל און אונדז פלעגט מען געבן מיטן לעפל. צען קאָפּיקעס א טאָג פאר דרייען שטריק פון פינצטער ביז פינצטער, און טאָמער ניט, איז ווי דו ווילסט זיך, האָסטו א ברייטע נעמען א טאָרבע און גיין איבער די הייזער אָדער געשוואָלן ווערן פאר הונגער. פארשטייט זיך, אז מיר פלעגן בלייבן בא דער ברייטע און זיי בא די געלט.

פאָר איך מיר ארום און דראָטעווע מיר טעפּ. צווישן מיר און מיין פערדל האָט געהערשט א גאָר ענגע פריינטשאפט, און וואָס האָב איך צו אים געקאָנט האָבן, וואָס איז עס נעבעך שולדיק, אז עס האָט זיך צונויפגעפּאָרט מיט אזא שלימאזל ווי איך?

זיצ איך מיר אפן וועגעלע, די רעדער סקריפּען, די זון באקט, איך ליג מיטן פּאָנעם ארופּ, שלינג זוניקע שטראלן אָנשטאָט בלינטשיקעס און דרעמל.

אז מע איז הונגעריק, אז מע איז שלעפעריק און מע ליגט מיטן פּאָנעם ארופּ וועלן זיך אייך שטענדיק כאָלעמען כאלוימעס. און כאָלעמען כאָלעמט זיך אייך שטענדיק דאָס, וועגן וואָס איר טראכט. און וועגן וואָס טראכט איר? וועגן פאר־נאָסע, וועגן כעיונע און ס׳טרעפט אמאָל, אז מע טוט א פלי גאָר־גאָר הויך, מע שטעלט זיך פאָר, אז מע ווערט מיט לייטן גלייך, די קינדער טראָגן גאנצע הייזלעך פון „טשאָרטאָווע קאָזשע”, אז דו זיצסט און טרינקסט א גלעזל טיי, איוואדע פון גלאָז און דאפּקע א הייסע.

דער וואָגן סקריפּעט און איך דרעמל, און איך זע, ווי מיין פערדל הייבט אָן וואקסן, ווערט העכער, די זייטן ווערן פולער, די אויערן שפּיציקער, די פיס דינער און ער פליט ווי אן אונטערגעשאָסענער. טראָגט ער מיין וועגל דורך וואלד און פעלד, בערג און טאָלן און מיטאמאָל שטעלט ער זיך אָפּ לעבן א הויכן דעמב און הויבט אָן מיט די קאָפּיטעס קלאפּן די ערד. ער קלאפּט א שאָ, צוויי און איך דערזע ווי פון אונטער זיינע קאָפּיטעס פליען גילדערנע אמפּריאלן. טאנצ איך אראָפּ פון וואָגן און כאפּ זיי שארן מיט די הויפּנס, מיט די עלנבויגנס און שטופּ זיי אינעם פארלאטעטן זעקל. פארבונדן אים, ארופגעלייגט אפן וואָגן און נעם זיך פאר די וואָזשקעס, ערשט עמיצער האלט מיך פארן קארק.

— שטיי!

— גאזלאָנים!—כ׳האָב זיך א כאפּ געטאָן ניט טויט און ניט לעבעדיק. צוערשט האָב איך א קוק געטאָן אפן פערדל, ס׳איז ער, מיין שלימאזל, שטייט און שלאָפט. ס׳א כאָלעם—איז בא מיר גלייך דורכגעפלויגן א געדאנק און שפּיי זיך אויס.

— שפּייען! אפ וועמען שפּייסטו, ערשט איצט האָב איך דערפילט, אז עמיצער האלט מיין קאָלנער אין פולן הויזן, און איך כאפּ א קוק אהינטער, ערשט א סטראזשניק.

— פון וואנען?

— איז מעסטעטשקאָ לארעניו, מאָגיליאָווסקאָי גובערניו.

— אזוי,—מאכט ער,—ווייסט כאָטש ווו דו ביסט?

— אפ דער וועלט.

— פאָר—זאָגט ער,—איך וועל דיר וויזן, אפ וועלכער וועלט דו ביסט.—און קריכט ארייַן אין וועגעלע.

— נאָ! הײַנט, וויאָ! מאָרגנ, מײַנ שלימאזל וויל זיכ ניט מיִעס מאכנ אונ רירט זיכ ניט פונ אָרט.

— נו א פערד בא דיר.

— יאקיע מי סאמי, טאקיע נאשיע אי קאָני,—זאָג איכ אימ.

געבראכט האָט ער מיכ צומ אורעדניק. א קאבאָלאס־פּאָנימ האָב איכ געהאט, ניט פרעגט.

— שאָלעמ־אלייכעמ.

— אלייכעמ שאָלעמ.

— פונ וואנענ א ייִד?

— איז מעסטעטשקאָ לארעניו, מאָגיליאָווסקאָי גובערניו.

— צי ווייסטו,—זאָגט ער,—אז דו, פארכאטי זשידאָק, טאָרסט אהער ניט פאָרנ, צי ווייסטו,—זאָגט ער,—אז אזעלכע סמארעדנאָזשניקעס ווי דו טאָרנ אהער ניט ארײַנ־שמעקנ. ערשט איצט האָב איכ פארשטאנענ, אז מײַנ שלימאזל האָט מיכ אריבער־געפעקלט אפ יענער זײַט ווערייע. אפ יענער זײַט טשערטא אסעדלאָסטי.

צוריק האָט מענ מיכ געפירט ווי א כאָסנ, מיט אונטערפירער, צומ סטאנאָוואָי, צומ פריסטאוו, יעדער האָט מיר דערמאָנט מײַנ ייִכעס ביזנ זיינ טערעכ, געשריבנ פראָטאָקאָלנ אונ פאָניאטיִע מיט פאקעטנ האָבנ מיכ געפירט פונ דאָרפ צו דאָרפ, פונ שטעטל צומ שטעטל מיכ אונ מײַנ פערדל. אָפנעהיט אונדז ווי עפעס רעכטס, אנ אויג פונ אונדז ניט אראָפגעלאָזנ. ערשט אינ א וואָכ ארומ האָט מענ מיכ געבראכט צומ האָכגעשעצטנ טײַכל ווערייע, צוגעפירט צומ בריקל, געגעבנ א „פוטער־קיכל" אונ אָנגעזאָגט מיטנ הארבנ וואָרט, אז מײַנ פוס זאָל זיכ דאָ אפנ צווייטנ זײַט טײַכל ניט געפינענ.

טו איכ איצט א קוק אפ מײַנ שטעטעלע אונ איכ זע שוינ, ניטאָ קיינ רעבע, ניטאָ קיינ גוטע ייִדנ, עס פאָרנ ניט אהער קיינ כסידימ, ניטאָ קיינ טשערטא אסעד־לאָסטי, קיינ גרענעצנ, קיינ געטאָ אונ אויס שלימאזל, ער קענ זיכ דאָ קיינ אָרט ניט געפינענ. פונ זינט מיר זײַנענ פאָטער געוואָרנ פונ די סאָברימ, לײַנ־הענדלער, פריצימ אונ זאוואָדטשיקעס, פונ זינט עס האָט זיכ פונ אונדז אָפגעטאָנ די „שכינע" פונ די שנייערסאָנס כאפט מענ שוינ ניט קיינ שיראַימ פונ די טישנ, עס איז אויס עלנט, אויס נויט, אויס הונגער, אויס שלימאזל, עס איז פונ אימ קיינ סאָריד אופאָ־ליט ניט געבליבנ. בינ איכ איצט, ווי איר זעט מיכ, א היטער, אונ דאפקע ניט קיינ שלימאזל, עס שלעפט זיכ בא מיר ניט, עס קרעכטשעט בא מיר ניט, עס אויקעט בא מיר ניט, איכ גיי מיט אלעמענ בארג ארופ.

א שווער שטיקל בארג געווענ. דער שלימאזל מײַנער האָט לאנג ניט געוואָלט מיכ אָפלאָזנ. ביסלעכווײַס, ביסלעכווײַס, האָט ער אָבער געמוזט אָפטרעטנ. צוערשט האָט ער זיכ ארויסגעקליבנ פונ שטאל, כ'האָב אהינ א גוטע בעהיימע ארײַנגעשטעלט, נאָכדעמ פונ קליינעמ שטעלכל, איכ האָב אהינ א קליינעמ כאזער ארײַנגעפירט, פונ הויפ האָבנ אימ פארטריבנ די גענדז, די הינער מיט די ענטלעכ. די צעפאָרענע קאנאפע האָט אופגעהערט צו סקריפענ, אפ איר אָרט האָב איכ א ווייכנ דיוואנ אוועקגעשטעלט, דער אלטער קאמאָד איז פונ שטוב נעלעמ געוואָרנ, דאָס שטיבל האָט זיכ אויסגעגלײַכט, אויסגעפאריכט, א נײַעמ דאכ ארופגעצויגנ, די ווענט מיט

טאפּעטן אויסגעקלעפּט, עס שפּילט באַ מיר ראַדיאָ. פרעג איך אײַך, וווּ זאָל זיך באַ מיר אהינטאָן דער שלימאזל?

— אין שפּײַכלער? איז דאָרטן פול אָן אים.

— אין שפּיזארקע? שטייט דאָרט באַ מיר אַ קאַדושקע מיט אײַנגעזאַלצענעם כאַזער.

איז אײַך אויס שלימאזל, אויס גאָרנישט, איך בין געוואָרן אַ בעריע, און דוכט זיך, אַז איך בין דער זעלבער נאָכים, ס׳איז פּונקט ווי פריִער ווינטער און זומער, היץ און קעלט. ס׳איז אָבער ניט דאָס זעלבע. עס וואַרעמט איצט אַ נײַע זון, אַ סטאַלינישע, מיר האָבן אַ סאָוועטנמאַכט, מיר האָבן סטאַלינען, מיר האָבן קאָלווירטן. אָט פון וואַנען דאָס נעמט זיך.

פריִער זײַנען געווען די דייע זאָגער די גווירים. ווער עס האָט געהאַט די מייע, יענער האָט געהאַט די דייע. איצט האָבן מיר ביידע זאַכן. אָט וועלן מיר גיין ווײַלן. ווען מיר וועלן וועלן, יענעם וועלן מיר אויסווײַלן, און ווייסן ווייס איך גוט וועמען צו ווײַלן. אָט דעם, וועלכער האָט אַרויסגעטריבן דעם שלימאזל און געבראַכט דעם מאַזל.

# פאָלקס-שאַפונג

די פאָלקלאָר-מאַטעריאַלנ זײַנענ פונ דער פאָלקלאָר-סעק-
ציע פונ דער וויסנשאַפט-אַקאַדעמיע פונ ווססר

## ניט גרויס זיכ, בוימ

אפ א בערגל פונ קאָלווירטישער היימ
שטייט א הויכער צווײַגהאַפטיקער בוימ,
גרינענ זײַנע בלעטער, בליִענ זײַנע צווײַגנ,
פישטשענ אפ אימ פייגעלעכ אונ ווילנ גאָרניט שווײַגנ.
גרויסט זיכ דער בוימ מיט זײַנע צווײַגנ די שיינע,
אונ מיט די זינגעוודיקע פייגעלעכ די קליינע.
ווער איז נאָכ, ווער איז נאָכ, אזוי ווי איכ,
טראַכט דער בוימ אינ הארצנ בא זיכ.
פארײַסט ער צומ הימל אינדערהייכ זײַנ קאָפ
אונ קוקט מיט גרויסקײַט אפ אלעמענ אראָפ.
מיידלעכ פריילעכע אונ שיינע ווי בלומענ
אפנ בערגל אונטערנ בוימ זײַנענ זיצנ געקומענ.
איבער פעלדער זיסע טענער האָבנ זיכ צעקלונגענ.
מיידלעכ האָבנ אָנגעהויבנ א ליד צו זינגענ.
„ניט קוק, דו בוימ, מיט גרויסקײַט אראָפ,
מיר פאלנ, מיר פאלנ פאר דיר ניט אראָפ.
מיר בליִענ פאר דײַנע צווײַגנ פיל שענער,
מיר שטײַגנ אריבער דײַנע פייגעלעכ מיט אונדזערע טענער.
וויִאזוי זאָלנ מיר אזוי שיינ ניט בליִענ,
ווי זאָלנ מיר אזוינע פריילעכע לידער ניט פארציִענ,
אז אונדזער שיינע אונ ליבע ראַטנמאַכט
האָט אונדז אזוי פריילעכ אונ גליקלעכ געמאַכט,
אז אונדזער סטאַלינ האָט אונדז געגעבנ
אזא זיסנ אונ גליקלעכנ לעבנ.
ניט קוק, בוימ, מיט גרויסקײַט אראָפ,
קאָלווירטניקעס פאלנ פאר דיר ניט אראָפ!"

פארשר. פונ א. ווערבא בא דער ארבעטערנ סאָרע פאליי.

# א ליד וועגן גליקלעכן עלטער

כאווער סטאלין, דו באשיצער פון ראטנלאנד,
צו פארזיכערן די אלטע לייַט איז דייַן ווילן,
באשרייַבן דייַן גרויסקייַט בין איך ניט אימשטאנד,
נאָר דייַנע טויוועס צו מיר, טו איך גוט פילן.

אן אָרעמאן בין איך געווען אלע מייַנע יאָרן,
מייַן אָרעמער פאָטער האָט מיר גאָרניט געגעבן,
זומער האָב איך געשוויצט, ווינטער געפראָרן,
און ניט געהאט קיין מיטלען צו לעבן.

וואָסער טאכלעס גיט מען מייַנע קינדער,
האָב איך געקלערט,
נעמען א לערער האָב איך ניט געהאט קיין געלט,
אין שול זיך לערנען האָט מען זיי ניט דערלאָזט,
געלעבט האָבן זיי אומזיסנד אף דער וועלט.

שוין לאנג האָבן זיי פארענדיקט די ראטן־שול,
געלערנט זיך דאָרט מיט גרויס פלייַס,
באהערשט האָבן זיי די וויסנשאפט,
וואָס איז ביז דאן געווען פאר זיי א נייַס.

איך שיק דיר מייַן דאנק־ליד,
זייַן זאָלסטו בא אונדז אף לאנגע יאָר,
דייַן געזונט זאָל דיר קיינמאָל ניט פעלן,
עס דאנקט דיר הארציק דער אלטער דאָר.

פארשריבן פונעם קאָלווירטניק אווראָם־מוישע פרידמאן,
67 יאָר אלט, פונעם קאָלווירט „פראָגרעס“ אין נאראָווליע,
מאָזירער ראיאָן, ווססר.

" „ "

דער מאָרגנשטערנ איז געקומענ אונ האָט פארטריבנ די נאכט,
סטאלינ איז געקומענ
אונ האָט אונדז פריילעכ אונ גליקלעכ געמאכט.
קומ, פרײַנט פונ מײַנ גליק, איכ וועל דיר דערציילנ
די פרייד פונ מײַנ הארצנ איכ וועל זיכ מיט דיר טיילנ.
געוויס געדענקסטו נאָכ, געוויס האָסטו נאָכ ניט פארגעסנ,
ווי איכ, ארבעטער, בינ באָרוועס געגאנגענ, ניט געהאט וואָס צו עסנ.

ווי זאָל מײַנ הארצ איצט מיט פרייד פול ניט ווערנ,
מײַנע צוויי טעכטער זײַנענ געוואָרנ אינזשעניערנ,
אונ מײַנע צוויי זינ
פליִענ שוינ אפ אעראָפּלאנענ.
בא ארבעטער פונ אלע לענדער
איז אזא גליק דענ פאראנענ?
איז מײַנ לאנד בא מיר געאכט, סטאלינ בא מיר טײַער.
מײַנ ליבע ברענט אינ הארצנ צו זיי ווי א פײַער.
געבענטשט זאָל זײַנ דער שטערנ, וואָס האָט פארטריבנ די נאכט.
געבענטשט זאָל זײַנ סטאלינ, וואָס האָט מיכ גליקלעכ געמאכט.

פארשר. פונ א. ווערבא אינ באָברויסק בא כאַיִמ גארעליק, 25 יאָר אלט.

# א ליד פונ ייִדישע קאָלווירטניקעס

1

אינ קאָלווירט נאָכנ אקער
גייט זיכ א ייִד,
איבער פעלדער אונ לאָנקעס
טראָגט זיכ זײַנ ליד.
ער באקוקט דעמ ארומ
אונ זײַנ הארצ קוועלט,
היי! היי! היי!
געוואָרנ ליכטיק איז איצט זײַנ וועלט!

2

אפ פעלדער אונ לאָנקעס
רעגנ אונ טוי רינענ,
פעלדער אונ לאָנקעס
הויבנ אָנ צו גרינענ.
מיט פרייד ווערט פול
איבער די ברעגנ זײַנ הארצ.
היי! היי! ער וועט מער ניט
ווערנ פארשווארצט!

3

אונ אז אפ פעלדער ווערנ רײַפ ווייצ אונ קאָרנ,
דערמאָנט ער זיכ, אז אמאָליקע יאָרנ,
פלעגט ער דרײַ מאָל א טאָג פונ הונגער שטארבנ.
היי! היי! אונ איצט אזויפיל, אזויפיל גארבנ!

4

אונ אז מע קומט פונ מיל
אונ די שטוב ווערט פול מיט ברויט,
דערמאָנט ער זיכ ווי אמאָל
האָט ער געליטנ הונגער אונ נויט,

גיט ער א קוק אפּ סטאַלינס בילד,
וואָס הענגט אפּן וואַנט.
היי! היי! היי! ער האָט גליקלעך געמאַכט
דאָס גאַנצע לאַנד.

5

אַלע פעלקער האָבן איצט רעכט
אַפ פרייד און גליק,
פאַר אַלעמען איז איצט אָפן
קאָלווירט און פאַבריק.
גייט זיך אין קאָלווירט
נאָכן אַקער א ייִד,
פריילעך און הילכיק
טראָגט זיך זײַן ליד.

פאַרשריבן בא עסטער ריינגאָלד, 27 יאָר אַלט.
זי האָט געהערט דאָס ליד אין קאָלווירט
„אָקטיאַבער", געוועזענער דזערזשינסקער ראַיאָן.

# צו די ברידער פון די פאשיסטישע לענדער

אויב א שלעכטע שטימונג וועט בא אײַך, ברידער, ווערן,
ווײַל אײַער לאנד איז פול מיט בלוט און מיט טרערן,
אויב דאָס לעבן האָט פארלאָרן בא אײַך זײַן כיין,
ווײַל אײַער לאנד איז פול מיט צאָרעס און געוויין...
אפ אונדזער לאנד זאָלט איר א וואָרפ טאָן אײַערע בליקן,
ווו ס'שפרודלט מיט פרייד פון זאוואָדן און פאבריקן,
ווו ארבעטער לעבן אזוי גליקלעך און פרײַ,
ווו דאָס לעבן איז אזוי פריש און אזוי נײַ.
וועט בא אײַך דאן, ברידער, גאָר אן אנדער שטימונג ווערן,
וועט איר דאן גאָר אנדערש וועגן לעבן אָנהויבן קלערן.
אָבער אונדזער לעבן דער דופטיקער, ווי בלומען,
איז צו אונדז, ברידער, פון זיך אליין ניט געקומען.
און קיינער ניט, קיינער, האָט אונדז ניט געשענקט און געגעבן,
דורך קאמפ, דורך קאמפ, האָבן מיר זיך דערשלאָגן אזא לעבן.
צום קאמפ! צום קאמפ! וועט איר ווי מיר ווערן פרײַ.
צום קאמפ! צום קאמפ! וועט אײַער לעבן ווערן פריש און נײַ!
צום קאמפ! צום קאמפ! ליבע און טײַערע ברידער,
פאר א לעבן פון גליק, פון פרייד און פון לידער!

פארשריבן בא דעם ארבעטער הירשל זײַצער
אין באָברויסק, 26 יאָר אלט. א. ווערבא.

״ ״ ״

# קאָלווירטישע טשאסטושקעס

כ׳האָב אָנגעטאָנ א קלייד
מיט א רויטער באנד,
לענינ־סטאלינס נאָמענ
פארשײַנענ אונדזער לאנד.

צו די קאָלווירטנ, צו די קאָלווירטנ,
איז דער וועג א גלײַכער,
אינ קאָלווירט בינ איכ געוואָרנ
א קולטורעלע אונ א רײַכע.

דער וועג, וואָס פירט צו אונדז
איז א שיינער אונ א רײַכער,
אינ אונדזערנ קאָלווירט
איז טווע פולע שפײַכלער.

פריִער האָבנ מיר געגאָסנ
טרערנ פולע בעכער,
איצט וווינענ מיר אינ נײַע הײַזער
מיט געפארבטע דעכער.

איכ בינ געווענ אנ אָרעמאנ
אינ קאָלכאָז בינ איכ רײַכ געוואָרנ,
אונדזערע ברייטע פעלדער
זײַנענ פול מיט ערשטסאָרטיקנ קאָרנ.

איכ שנײַד ווײַסע ברויט
מיט א שארפנ מעסער.
קיינער אינ דער וועלט
לעבט פונ אונדז ניט בעסער.

וואָס איז מיר דער ראָוו
אונ וואָס איז מיר דער רײַכער,
פונ אלע וועגנ איז פאר מיר
דער קאָלכאָזנער וועג דער גלײַכסטער.

פארשר. אינ מאָלעוו אונ מאָלעווער ראיאָנ.

א. בראכמאנ

# מארקס אונ די יִדנ-פראגע

(ס אָ פ) *)

4

וואָס פאר א פאָזיציע פארנעמט אפ יענעם עטאפ מארקס אינ דער יִדנ־פראגע? ווי קומט, ווי גייט צו מארקס צו דער יִדנ-פראגע? ווי באלײַכט די געשיכטלעכע ליטעראטור די דאָזיקע פראגע?

פראנצ מערינג, דער אווטאָר פונ די ווערק „קארל מארקס", „די געשיכטע פונ דער דײַטשישער סאָציִאל-דעמאָקראטיע", איז געווענ דער ערשטער, וועלכער האָט אינ דער דאָזיקער פראגע אָפגערוקט, אראָפגעפירט די מארקס־פאָרשונג אפ א פאלשנ וועג. פאר פראנצ מערינג איז קלאָר, אז מארקס האָט געהאט א פײַנטלעכע שטעלונג צו יִדנ. די וואָרצלענ פונ מארקס סינע צו יִדנ זעט ער אינ דעם, וואָס מארקס האָט אינ דעם ראיאָנ, ווו ער איז געבוירנ געוואָרנ אונ פארבראכט זײַנ יוגנט, געזענ נאָר יִדנ פראָצענטניקעס, וווּכערניקעס, הויפטזאכלעכ יִדנ, וואָס האָבנ אויסגעזויגנ דאָס בלוט פונ די פויערים. מערינג באשרײַבט דעם אונטערשייד צווישנ די מײַרעוו-איירָאָפּייִשע יִדנ אונ די מיזרעכ-אייראָפּייִשע. די מײַרעוו-אייראָפּייִשע יִדנ—די יִדנ פונ פראנקרײַכ, ענגלאנד, איטאליע, האָלאנד האָבנ זיכ פארהארטעוועט אינ קאמפ, אינ שטראָם פונ בירגערלעכער קולטור אונ די מיזרעכ-אייראָפּייִשע יִדנ האָבנ געלעבט אינ א סוויווע פונ אויסברענגערישע דעספּאָטנ אונ פארשקלאפטע מאסנ. נאָכ דער דאָזיקער אָפּשאצונג גייט מערינג איבער צומ ריינ-ראיאָנ.

„די ריינ־געגנטנ זײַנענ אינ דער דאָזיקער הינזיכט געווענ א פארבינדונג־רינג צווישנ בורזשואזנ מײַרעוו אונ פעאָדאלנ מיזרעכ פונ אייראָפּע. אינ דער צײַט, ווענ אינ די ריינישע שטעט האָט געלעבט א געבילדעטער יִדנטומ, וועמענס יִדישער כא-ראקטער האָט זיכ קאָנסערווירט אונ אײַנגעזאפט דורכ דער ארומיקער אלגעמיינ-בירגערלעכער קולטור, האָט אינ דאָרפ, אונ באזונדערס אינ טרירער אומגעגנט, גע-בושעוועט די יִדישע וווּכערײַ אונ געשטיקט דאָס קליינפויערטומ מיט דער הילפ

*) זע „שטערנ" נומ.

פון די ראפינירטע מיטלען, וועלכע האָבן זיך בא אים אנטוויקלט אינעם פעאָדאלן פראָצעס פון דער פוילנדיקער צעלייגונג פון מיזרעך־אייראָפּע". [1]

מיר וועלן לאָזן אָנאזייט די אידיליע, וועלכע עס שילדערט דאָ מערינג. די ייִדן האָבן געשטיקט און געדריקט די ריינישע פויערים און די פרייסישע באאמטע האָבן זיך אָנגענומען אָן דער פויערישער קריוודע און פארטיידיקט די פויערים קעגן די פאראזיטן־ייִדן. בויען די כאראקטעריסטיק פון די ייִדן אפן גרונט פון די אלע מינים אלהעכסטע ראפּאָרטן און מעמאָראנדומס פון די פרייסישע באאמטע איז אבסאָליוט אומדערלאָזבאר. וואָס איז דער אויספיר, וועלכן מערינג מאכט פון זיין איישטעלונג. מארקס האָט זיך דערצויגן אין א פאמיליע פון אן אדוואָקאט, כאָטש א ייִדן, אָבער אן איינגעאָפּעיזירטן, וועלכער האָט זיך געקאָכט אין קעסל פון די פרייסישע באאמטע אין טריר און ביכלאל אין ריין־געגנט און האָט, הייסט עס, מיט דער מוטערס־מילך איינגעזויגן די אָפּשאצונג פון ייִדן אלס בלוטזויגער.

שטימט עס מיט דער ווירקלעכקייט? פאר קיין פאל ניט. שוין ניט ריידנדיק וועגן דער פאלשקייט פון דער סכעמע איבערהויפּט, שטימט באזונדערס ניט דער פאקט וועגן די צווישנבאציִונגען פון די ריינער אָדער טרירער ייִדן און די פויערים. עס איז גענוג צו ברענגען פאָלגנדיקע פאקטן. ווען עס איז אין 1843־טן יאָר געשטאנען צו אָפּשטימונג אין ריינער פראָווינציִעלן לאנדטאג די פראגע וועגן אָפּשאפן דעם באזונדערס דריקנדיקן פונקט וועגן ייִדישער באגרענעצונג, וואָס איז איבערגעבליבן פון נאפּאָלעאָנס פעריאָד, האָבן זיך ארויסגעזאָגט: פון די פאָרשטייער פון אדל—8—קעגן, 3—פאר, פון די שטאָטישע פאָרשטייער 2—קעגן, 7—פאר, פון די דאָרפישע דעפּוטאטן—נאָר 2—קעגן. קלאָר, אז דער נעסט פון ייִדן־פיינטשאפט איז געלעגן ניט אין די פויערים, נאָר אינעם אדל. א צווייטער פאקט, מארקס פארעפנטלעכט אין דער „ריינישער צייטונג" אין אָנהייב 1843 דעם באוווסטן ארטיקל „פון די ברעגן פון מאָזעל", אן ארטיקל וועגן דער טרויעריקער לאגע פון די מאָזעלער פויערים און וועגן די וואָרצלען פון דעם פויערס צאָרעס, אן ארטיקל וועלכער האָט די פרייסישע רעגירונג ארויסגעפירט פון די קיילים און געבראכט צו דעם פארבאָט פון דער „ריינישער צייטונג". מארקס פארטיידיקט דאָ די פויערים קעגן די פריצים און באאמטע און אין דעם וויכטיקסטן דאָקומענט, אין וועלכן עס ווערן אויסגערעכנט אלע פיאווקעס, וואָס זויגן אויס דאָס פויערישע בלוט, געפינט זיך ניט קיין איין וואָרט וועגן דעם פאראזיטיזם פון די ייִדן. דאָס באווייזט, פארשטייט זיך, ניט, אז די ייִדן זיינען געווען ריינינקע טייבעלעך, נאָר, אז עס איז ניטאָ קיין שום גרונט צו שטעלן זיך אפ דער פּאָזיציע פון מערינג, צו באטראכטן אזוי, אז בא מארקסן האָט זיך אויסגעארבעט פון די קינדער־יאָרן א מין אידייע־פיקס, א פאָרויסגענומענע פיינטשאפט צו ייִדן. באם באהאנדלען די לאגע פון די פויערים אין ביימאָזעלער געגנט (און אויך אין טרירער אומגעגנט) וואָלט מארקס ניט אויסגעמיטן די ייִדן, אלס סוינע פון די פויערים, אויב מערינגס סכעמע וואָלט ווירקלעך געווען א ריכטיקע, וואָלט געשטימט מיט דער געשיכטלעכער ווירקלעכקייט.

---

[1] פ. מערינג „די געשיכטע פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, באנד 1.

דער פאלשער טעזיס פונ מערינגנ איז געוואָרנ דער אויסגאנג־פונקט פאר דער פעלשונג פונ מארקס פּאָזיציע אינ דער ייִדנ־פראגע, פאר בילבולימ אפנ מארקסנ מיצאד די ייִדישע אונ ניט־ייִדישע נאציאָנאליסטנ, מיצאד פונ די אלע בולגאקאָווס, מאסאריקס, קאסאָווסקיס אונ קאָמפּאניע.

פאר פראנצ מערינגנ באשטייענ די קוואלנ פונ מארקס שטעלונג אינ דער ייִדנ־פראגע פונ זײַנ קלאסישנ ווערק „צו דער ייִדנ־פראגע”. ער רײַסט אָפּ מארקס ווערק ניט נאָר פונ דער פראגע פונ געשיכטלעכנ קאמפּ פאר דער ייִדנ־עמאנציפּאציע, נאָר וואָס איז באזונדער וויכטיק—פונ דערווירקלעכער אידייען־עוואָליוציע פונ מארקסנ אינ דער ייִדנ-פראגע. מארקס ווערק וועגנ דער ייִדנ־פראגע שטייט בא אימ איזאָלירט, אָפּגעריסנ, ווי אנ איינצל פאל ארויסזאָגונג פונ מארקסנ. די וואָרצלענ ווערנ ניט געזוכט אינ דער געשיכטע, נאָר אינ מארקס קינדער־יאָרנ, מארקס ייִדנ־אײַנדריקנ אוקעדוימע אינדיווידועל־פּסיכאָלאָגישנ שטאָפּ.

5

עס איז אפּריאָרי קלאָר, אז די „רייִנישע צײַטונג” האָט ניט געקאָנט אויסמײַדנ דעמ קאמפּ קעגנ דער פּרײַסישער מאָנארכיע אפנ געביט פונ דער ייִדנ־פראגע ניט צוליב דעמ ספּעציפישנ געוויכט פונ די ייִדנ צווישנ דער רייִנישער בורזשואזיע—ער איז געווענ א גאנצ קליינער—אונ אויכ ניט צוליב דעמ, וואָס צווישנ די אָנגעזעענסטע מיטארבעטער פונ דער רעדאקציע איז געווענ מיישע העס. דאָס האָט באשטימט נאָר איינ זאכ,—דאָס, וואָס מיר האָבנ פריִער אונטערגעשטראָכנ—די פּרינציפּיִעלע באדײַטונג פונ דער אָפּאָזיציע אינ דער ייִדנ-פראגע פאר דעמ אלגעמיינעמ קאמפּ קעגנ דער פּרײַסישער מאָנארכיע אפּ יענעמ עטאפּ. דער ארבעטער־קלאס אינ דײַטשלאנד האָט זיכ נאָכ ניט געלאָזט פּאָליטיש פילנ, ער איז איבערהויפּט געווענ יונג אונ קליינ, די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג אינ לאנד האָט זיכ אָנגעהויבנ פונ דער ליבעראלער אונ בורזשואז־דעמאָקראטישער אָפּאָזיציע. אונ אפּ דעמ דאָזיקנ עטאפּ האָט די ייִדנ־פראגע אינאיינעמ מיט אלע אנדערע בורזשואז־דעמאָקראטישע פראגנ געשפּילט א באשטימטע ראָליע פונ פאקטאָרנ, וועלכע האָבנ געקענט אונ געדארפט באגינסטיקנ די פארברייטערונג אונ פארטיפערונג פונ דער אָפּאָזיציאָנעלער באוועגונג.

דער ערשטער אָנפאנגלעכער פרווו, וואָס מיר האָבנ געמאכט, צו באקענענ זיכ נעענטער מיט דעמ גאנג פונ דעמ קאמפּ פאר דער ייִדנ־עמאנציפּאציע אונ וועגנ דער ראָליע פונ דער „רייִנישער צײַטונג”, אינ דעמ דאָזיקנ קאמפּ באווײַזט אונדז דעמ ריכטיקנ וועג צו אויפקלערנ די פראגע וועגנ מארקס פּאָזיציע אינ דער ייִדנ־פראגע. עס ווײַזט זיכ ארויס, אז פאר דער „רייִנישער צײַטונג” אונ פאר מארקסנ אלס הויפּט-מיטארבעטער אונ נאָכדעמ רעדאקטאָר פונ דער צײַטונג איז די ייִדנ־פראגע געווענ ניט קיינ „עקזאָטיק”, ניט קיינ פראגע פונ אנטי־ אָדער פראָ־ייִדישע געפילעכצ. עס ווײַזט זיכ ארויס, אז די „רייִנישע צײַטונג” האָט גע־

נומענ אינ באהאנדלונג פונ דער דאָזיקער פראגע א גאנצ וויכטיקנ אָנטייל, אז די „ריינישע צײַטונג“ איז אינ דער גאנצער צײַט פונ איר עקזיסטענצ געווענ א קאמפּאָרגאנ פאר דער ייִדישער עמאנציפּאציע. אז מענ קוקט דורכ די „אלגעמיינע צײַטונג דעס יודענטומס“ פאר 1842 זעט מענ עס באשײַמפּערלעכ. עס ווײַזט זיכ ארויס, אז די „ריינישע צײַטונג“ האָט סיסטעמאטיש געגעבנ מאטעריאל וועגנ דער ייִדנ־פראגע, אז די „ריינישע צײַטונג“ האָט געדרוקט פיל ארטיקלענ וועגנ דער ייִדנ־פראגע פונ פארשיידענע אָפּאָזיציאָנעלע עלעמענטנ, אפילע פונ אזעלכע ווי ל. פיליפּזאָנ, אז די „ריינישע צײַטונג“ האָט געפירט א פּאָלעמיק מיט דער „קעלנישער צײַטונג“ אונ מיט הערמעסנ אינ דער ייִדנ־פראגע. די „אלגעמיינע צײַטונג דעס יודענטומס“, אָנהייבנדיק פונ מײַ 1842 ציטירט זייער אָפט די „ריינישע צײַטונג“ אלס אָרגאנ, וועלכער, האָבנדיק זײַנ באזונדערע פּאָזיציע, פארטיידיקט פעסט די ייִדישע אינטערעסנ.

אינ נומער 24 פאר יונ הויבט אָנ די „אלגעמיינע צײַטונג דעס יודענטומס“ איבערצוגעבנ אירע לייענער די ארויסזאָגונגענ פונ דער „ריינישער צײַטונג“ וועגנ ייִדישע אָנגעלעגנהײַטנ מיט דער פאָלגנדיקער האקדאָמע: „אזוי ווי עס איז אונדז אינ דער איצטיקער קריטישער צײַט באזונדערס נייטיק צו באקענענ זיכ מיטנ צושטאנד פונ דער געזעלשאפטלעכער מיינונג וועגנ אונדז, גיב איכ דערווײַל איבער אנ ארטיקל פונ דער „ריינישער צײַטונג“ נומ. 141, פונ דער נײַער צײַטונג, וועלכע גייט ארויס ערשט פונ אָנהויב יאָר אונ האָט נאָכ פיליַיכט ניט די פארדינטע פארשפּרייטונג. שטייענדיק אפ א קריטישנ שטאנדפונקט, באהאנדלט די צײַטונג מיט א ניט־איבערגעשטיגענער אָפנקײַט אונ פרײַוויניקײַט אלע פארהעלטענישנ אונ צווישנ זיי באזונדערס אונדזערע (ד. ה., די ייִדישע, א.ב.)—פאר וועלכע... זי האָט שוינ אָפט זייער ליבלעכ געעפנט אירע שפּאלטנ“.

זייער אָפט, ציטירנדיק די „ריינישע צײַטונג“ אינ פארבינדונג מיט ייִדישע אָנגעלעגנהײַטנ, שטרײַכט אונטער די ייִדישע ליבעראלע צײַטונג, פונ איינ זײַט, די באזונדערע קריטישע פּאָזיציע פונ דער „ריינישער צײַטונג“, אונ, פונ דער אנדערער זײַט, איר קרעפטיקע פארטיידיקונג פונ דער ייִדנ־עמאנציפּאציע, שטרײַכט אונטער, ווי עס איז צו זענ פונ דער אויבנגעבראכטער כאראקטעריסטיק, אז דער ייִדנ־קאמפּ האָט פארנומענ אינ דער „ריינישער צײַטונג“ א גאנצ אָנגעזעענעמ אָרט. עס איז קלאָר, אז דער געניויער שטודיומ פונ דער פּאָזיציע פונ דער „ריינישער צײַטונג“ אינ די ייִדישע אָנגעלעגנהײַטנ וועט ארײַנטראָגנ פיל נײַס פאר דער געשיכטלעכער פאָרשונג פונ דער פּאָזיציע פונ דער „ריינישער צײַטונג“ אינ דער ייִדנ־פראגע. דער אָנהייב פונ פאָרשונג, וואָס מיר האָבנ אונטערגענומענ אפנ גרונט פונ די מאטעריאלנ פונ דער ייִדיש־ליבעראלער פּרעסע אונ דעמ טיילווײַזנ מאטעריאל, וואָס די דאָזיקע פּרעסע האָט איבערגעדרוקט פונ דער „ריינישער צײַטונג“, דערלויבט אונדז דאָכ אינ גרונט־שטריכנ אָנמאָלנ די פּאָזיציע פונ דער „ריינישער צײַטונג“. די „ריינישע צײַטונג“ האָט אפנ שארפסטנ אויפנ באקעמפט דעמ פּראָיעקט פונ דעמ ייִדיש־קאָרפּאָראטיוונ געזעצ, די גאנצע אײַנשטעלונג פונ דער „קריסטלעכער מעלוכע“. די באשולדיקונג, אז די ייִדנ פארנעמענ זיכ מיט האנדל, ווארפט אָפּ די „ריינישע צײַטונג“ אינ נומ. פונ 9 אָקטיאבער, דערקלערנדיק, „אז אלע אנדערע וועגנ זײַנענ געווענ פאר די ייִדנ פארמאכט. אונ

אויב מע וויל אויסבעסערנ די ייִדנ, זיי זאָלנ אינ א גרעסערער מאָס ווי ביז איצט פארנעמענ זיכ מיט מעלאָכע אונ לאנדווירטשאפט, דארפ מענ אָנווענדנ די פאסיקע מיטלענ—אראָפּנעמענ דעמ דרוק וואָס ליגט אפ זיי".

מיר ציטירנ אנ ארטיקל אינ דער „רײנישער צײַטונג" פונ 7 נאָיאבער 1842, ווענ מארקס איז געווענ שוינ דער רעדאקטאָר פונ דער צײַטונג. דער ארטיקל קריטיקירט דעמ געזעצ־פראָיעקט וועגנ ייִדנ, וואָס איז אויסגעארבעט געוואָרנ מיט דער צושטימונג פונ די פאָרשטייער פונ די מעלוכע־שטאנדנ אונ איז פארעפנטלעכט געוואָרנ אינ דער ריינ־פּראָווינצ דעמ 18־טנ אָקטיאבער. אינעמ ארטיקל ווערט צווישנ אנדערעס אָנגעוויזנ אפ דעמ, אז לויט דעמ ייִדנ־געזעצ קענענ די ייִדנ פירנ קליינ־האנדל נאָר מיט דער האסקאָמע פונ די אָרטיקע געמיינדנ, עס זײַנענ געגעבנ באַשטימטע לגאָטעס פאר שוסטער, שנײַדער, שווארצארבעטער. אָבער דאָס איז אלצ גאָמינעלע האנאָכעס, ווײַל עס עקזיסטירנ דאָכ לויטנ געזעצ גילדיִעס אונ צעכנ. אונ די גילדיִעס אונ צעכנ וועלנ די ייִדנ ניט ארײַנעמענ. די צײַטונג זעצט פאָר: פונ וואָס זאָל דער ייִד לעבנ? עס בלײַבט פאר אימ נאָר אומקערנ זיכ אינעמ צושטאנד פונ די פאָריקע יאָרהונדערטער, ד. ה., אויב ער וויל ניט אויסגיינ פונ הונגער מוז ער זיכ פארנעמענ מיט שאכער אונ אָפּנארערײַ. אינעמ ארטיקל ווערט ווײַטער קריטיקירט דאָס, וואָס, פונ איינ זײַט, איז די שוצ־סיסטעמ אנולירט, פונ דער אנדערער זײַט, פארבלײַבט, אז דער ייִד צאָלט דעמ שוצ־שטײַער. „די גײַסטלעכע, דער אדל, די פראָווינציעלע קאָמערס, די פארוואלטונג פונ די מעלוכע־גיטער באטראכטנ דעמ ייִדנס שוצ־געלט אלס רענטע. די קלויסטער־ברידער באצאָלנ מיטנ שוצ־געלט זייערע ווײַנ־רעכענונגענ, די אדל־לײַט—זייערע באדע־רײַזנ אונ די זינגער אינ הויפ־טעאטער באקומענ דערפונ זייער געהאלט". דער ייִד צאָלט דאָפּלט שטײַערנ אונ באַקומט קיינע רעכט.

דער פעאָדאל־רעאקציאָנערער לאגער אונ די רעכטע מאָנארכיסטישע ליבעראלנ האָבנ ארויסגעוויזנ א העפטיקנ ווידערשטאנד דער ייִדנ־עמאנציפאציע. די פרעסע אונ פובליציסטיק פונ יענע יאָרנ זײַנענ געווענ פארפלייצט מיט א מאבל פונ „וויסנשאפטלעכע" פאָרשונגענ וועגנ ייִדנ, וואָס באווײַזנ, הייסט עס, אז ייִדנ קענענ ניט זײַנ עמאנציפירט. די פרײַסיש־קיניגלעכע באאמטע האָבנ געהאט א פאָשעטערע ארבעט, זיי האָבנ געדארפט זאמלענ מאטעריאַלנ, פאקטנ פונ די ערטער, וועלכע זאָלנ „באַווײַזנ", אז די ייִדנ פארנעמענ א גרויסנ אָרט אינ אלערליי מינימ פארברעכנס, אינ אויוועכער זײַנ מעלוכישע געזעצנ א.ד.גל. די „רײַנישע צײַטונג" פירט א העפטיקנ, פלאמיקנ קאמפ קעגנ אָט די דאָזיקע „וויסנשאפטלעכע" ארגומענטנ, רײַסט אונטער אָט דעמ גאנצנ רעאקציאָנערנ ביניענ.

די „רײַנישע צײַטונג" האָט באקעמפט אלע יעסוידעס פונ דער פרײַסישער מאָנארכיע, אונ דעמ קאמפ קאָנצענטרירט ער אפ יענעמ עטאפּ אפנ רעליגיִעז־פעאָדאלנ פינטל. מארקס שרײַבט רוגענ שפּעטער אינ סענטיאבער 1843 „עס איז אָנ סאָפעק, אז די איצטיקע דײַטשלאנד אינטערעסירט זיכ, הויפּטזאכלעכ, מיט צוויי זאכנ, ערשטנס, מיט רעליגיע, צווייטנס, מיט פאָליטיק. אָט די דאָזיקע צוויי קענשטאנדנ, וואָס זיי זאָלנ ניט זײַנ אליינ אונ פאר זיכ, מוזנ מיר נעמענ פאר אנ אויסגאנג־פונקט, אונ ניט קעגנשטעלנ זיי אוועלכע ניט איז פארטיקע סיסטעמ ווי לייערכ די רײַזע נאָכ

איקאר״ [1]). אינעם פעריאָד פונ דער „רײנישער צײַטונג״ איז מארקס קוידעמקאָל גע־ווענ א רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראט. „די רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראטישע ריכטונג פונ דער צײַטונג איז אונטער מארקס רעדאקציע געוואָרנ אלצ בוילעטער״—שרײַבט לענינ. מארקס מאכט דורכ אינ יענעם פעריאָד דעם אָנהויב פונ זײַנ איבערגײַנ צום קאָמוניזם, פונ זײַנ אפעלירנ צו די מאסנ אונ צום פראָלעטאריאט. דאָ מערקט זיכ אָנ—שרײַבט לענינ—„מארקס איבערגײַנ פונ אידעאליזם צום מאטעריאליזם, פונ רעוואָ־ליוציאָנערנ דעמאָקראטיזם צום קאָמוניזם״,—דער איבערגײַנ, וואָס פארענדיקט זיכ לויט לענינס כאראקטעריסטיק, אנטגילטיק אינ 1844. (לענינ, באנד XVIII, ז. 32, 6, 5) ער האָט געווירקט אפ אלע פאָליטישע געשעענישנ פונ יענער צײַט אינ א רעוואָ־ליוציאָנערנ גײַסט. מארקס פראָגראם אינ דער „רײנישער צײַטונג״ איז אנ אָנראכ־מאָנעסדיקער קאמפ קעגנ דער קריסטלעכער מאָנארכיע. ער לאָזט זיכ דאָ ניט פאנ־גענ פונ פראזנ אונ סכעמעס, ער פאָדערט פארבינדנ די קריטיק מיטנ ווירקלעכנ קאמפ. „מיר טרעטנ ניט ארויס פאר דער וועלט ווי דאָקטרינערנ מיט א פארטיקנ נײַעם פרינציפ: דאָ איז דער עמעס, אפ די קני פאר איר! מיר אנטוויקלענ פאר דער וועלט: נײַע פרינציפנ פונ אירע אייגענע פרינציפנ. מיר זאָגנ ניט דער וועלט „הער אופ קעמפנ, דײַנ גאנצער קאמפ איז נארישקײַטנ״,—מיר גיבנ איר אנ עמעסנ לאָזונג פונ קאמפ. מיר באווײַזנ נאָר דער וועלט, פארוואָס זי קעמפט אייגנטלעכ, אונ באוווסטזײַנ—דאָס איז אזא זאכ, וואָס די וועלט מוז פאר זיכ דער־ווערבנ, צי זי וויל, צי ניט״, שרײַבט מארקס צו רוגענ אינ סענטיאבער 1843 [2]).

די שטאנד־פאָליטיק, די צענזור־פאָליטיק, די פויערים־פאָליטיק, דער יידנ־געזעצ—דאָס אלצ רופט ארויס קאמפ, ווירקלעכנ קאמפ אונ די „רײנישע צײַטונג״, אונטער מארקס אָנפירונג, נוצט עס אויס, גיט פאר דעם קאמפ א ווירקלעכנ לאָ־זונג־ קאמפ קעגנ דער פעאָדאלער, קריסטלעכער מאָנארכיע. אינ אווגוסט 1842 שרײַבט מארקס צו דאגענבערט אָפענהיים, אז ער זאָל אים צושיקנ „ווענ מעגלעכ אלע ארטיקלענ פונ הערמעס קעגנ יידנטום. איכ וועל אײַכ דעמלט באלד ווי נאָר מעגלעכ צושיקנ אנ ארטיקל ווענג אָט דער לעצטער פראגע, וואָס וועט אויב ניט א סאָפ מאכנ צו דער דאָזיקער פראָבלעם, וועט זי שטעלנ אפ נײַע רעלסנ״.

מארקס איז שוינ דעמלט דער פאָפולערסטער אָנגעזעענסטער מיטארבעטער פונ דער „רײנישער צײַטונג״, וואָס גיט א טאָנ דער צײַטונג, אינגאנצנ. מארקס געפינט זיכ אינ באָנ, אינ קעלנער קרײַז. ער האָט זיכ מיט אקיונ באזעצט אינ באָנ, ווײַטער פונ קעלנ, קעדיי האָבנ רויִקערע באדינגונגענ פאר ארבעט. ער פארלאנגט, מע זאָל אים צושיקנ הערמעסעס ארטיקלענ, וועלכע מיר האָבנ פריִער דערמאָנט. מארקס געפינט זיכ שוינ אינ קאמפ קעגנ הערמעסנ. מיר האָבנ שוינ דערמאָנט זײַנ ארטיקל קעגנ הערמעסנ אינ יול, ווו מארקס האָט שוינ באקעמפט הערמעסעס הויפט־טעזיס ווענג דער קריסטלעכער מעלוכע, וואָס ליגט אינ

1) מארקס, ענגעלס, געזאמלטע ווערק, רוסיש, באנד I, ז. 366—365.

2) מארקס אונ ענגעלס, געזאמלטע ווערק, באנד I, צווייטער האלב־באנד (דײַטש), ז. 279; רוסיש, באנדI, ז. 513.

יעסאָד אויכ פונ זײַנע ארטיקלענ וועגנ אונ קעגנ דער ייִדנ־עמאנציפאציע. מארקס איז באקאנט מיט הערמעסעס פּאָזיציע ביכלאל אונ מיט זײַנ פּאָזיציע אינ דער ייִדנ־פראגע. ער בעט, מע זאָל אימ צושיקנ די ארטיקלענ, קעדיי ער, מארקס, זאָל אָנ־שרײַבנ וועגנ דער ייִדנ־פראגע, זאָגנ זײַנ נײַעמ וואָרט.

דער דאָזיקער דאָקומענט באווײַזט, אז די אידיי וועגנ ארבעט איבער דער ייִדנ־פראגע איז בא מארקסנ נימ אנטשטאנענ ערשט אינעמ קאמפּ קעגנ ברונאָ באוער. אפ יענעמ עטאפּ איז ברונאָ באוער נאָכ א מיטקעמפער, א מיטלויפער פונ מארקסנ. די אידיי איז אנטשטאנענ בא מארקסנ קלאָר אפנ גרונט פונ דער אופגאבע אויסנוצנ דעמ ייִדנ־געזעצ אונ דעמ קאמפּ ארומ דעמ ייִדנ־געזעצ, אינעמ אלגעמיינעמ קאמפּ קעגנ דער מאָנארכיע. דאָס באווײַזט נאָכ מער בוילעט זײַנ בריוו צומ ראדיקאל ארנאָלד רוגע פונ מארט 1843 פונ קעלנ. מארקס שרײַבט: „אָט ערשט איז צו מיר געקומענ דער פאָרשטייער פונ די היגע איזראעליטנ אונ האָט מיכ גע־בעטנ וועגנ א פעטיציע צומ לאנדטאג פאר די ייִדנ—איכ וועל עס טאָנ. ווי דער־ווידער עס איז מיר ניט דער איזראעליטישער גלויבנ, נאָר באוערס אָנשויונג שײַנט מיר זייער אבסטראקט. מע דארפ אינ דער קריסטלעכער מעלוכע מאכנ אזויפיל לע־כער, וויפל נאָר מעגלעכ אונ אינ א קאָנטראבאנדע־אופנ ארײַנצושמוגלענ דעמ מאקסימומ פונ ראציאָנעלנ, וויפל ס'איז נאָר פונ אונדז אָפּהענגיק. יעדנפאלס דארפ מענ עס פּרובירנ טאָנ—אונ די פארביטערטקײַט וואקסט מיט יעדער פעטיציע, וועלכע ווערט אָפּגעוואָרפנ מיט פראָטעסט"[1]. די שטעלונג פונ דער „ייִדנ־פראגע" באטײַט פאר מארקסנ קאמפּ קעגנ דער מיטלאלטערלעכער פעאָדאלער מעלוכע. די ייִדנ־פראגע איז א פראָדוקט פונ מיטלאלטער, דער קאמפּ פאר דער לייזונג פונ דער ייִדנ־פראגע איז א טייל פונ דעמ קאמפּ קעגנ אָט דער דאָזיקער אָרדענונג, מע דארפ אויסנוצנ די ייִדנ־פראגע אינ קאמפּ קעגנ דער פעאָדאלער קריסטלעכער דײַטשישער מעלוכע. ס'וואקסט די אלגעמיינע פארביטערונג, דער אלגעמיינער פראָטעסט. מע דארפ דעמ אלגעמיינעמ פראָטעסט שטארקנ, אונטערשטיצנ מיט דעמ טיילווײַזנ פראָטעסט קעגנ דער ייִדישער רעכטלאָזיקײַט. ס'איז דאָכ געווענ דער מאָמענט פונ ערעוו רעוואָליו־ציע, ווענ די אופגאבע פונ רעוואָליוציאָנערנ איז, לויט דער גלענצנדער כאראקטע־ריסטיק פונ לענינענ, וועקנ אלעמענ צומ קאמפּ.

די קעלנער ייִדנ האָבנ זיכ געווענדעט צו מארקסנ, ער זאָל פאר זיי שרײַבנ א פעטיציע אינ ריינישנ לאנדטאג. זיי האָבנ זיכ געווענדעט צו מארקסנ, ניט ווי צו „א שטאמ־גענאָסע", נאָר ווי צומ רעדאקטאָר פונ דער „ריינישער צײַטונג", וועלכע, ווי מיר האָבנ שוינ אָנגעוויזנ, האָט געפירט א העפטיקנ קאמפּ פאר דער ייִדנ־עמאנ־ציפאציע, קעגנ דעמ ייִדנ־געזעצ פונ דעמ פרײַסישנ מאָנארכ. מארקס נעמט אָנ זייער פאָרשלאג ניט פונ שטאנדפונקט פונ „שטאמ־סימפאטיע", נאָר פונ שטאנדפונקט פונ פּאָליטישנ קאמפּ. די אופרעגונג צווישנ די ייִדנ אינ דער ריינ־פראָווינצ האָט אָנגע־הויבנ אָנצונעמענ א מער אקטועלנ כאראקטער. קעלנ, אליינ גענומענ, האָט געהאט דעמלט א זייער קליינע ייִדישע קעהילע—4917 נעפאשעס לויט דער סטאטיסטיק פונ

[1] מארקס אונ ענגעלס, געזאמלטע ווערק, באנד I, צווייטער האלב־באנד (דײַטש), ז. 308; רוסיש, באנד I, ז. 532.

דער אָפיציִעלער „שטאט־צײַטונג“ [1], עס האָט זיכ געהאנדלט וועגנ א ברייטערער פּראָטעסט־באוועגונג. אונ דאָ שטויסנ מיר זיכ אָנ אפ א זייער אינטערעסאנטנ היסטאָרישנ פאקט. אלע ייִדישע היסטאָריקער (אינ היסטאָרישע ווערק פונ גרעצנ, מארטינ, פיליפזאָנ ביז דער רוסיש־ייִדישער ענציקלאָפּעדיע) שטרײַכנ אונטער דעם פאקט, אז אינ 1843 האָט זיכ פאנאנדערגעוויקלט אנ עטאפּ פונ א ייִדישער פּעטיציע־קאָמפּאניע, אינ שפּיצ פונ וועלכער עס איז געשטאנענ קעלנ. דער נײַער עטאפּ פונ פּעטיציע־קאָמפּאניע צייכנט זיכ אויס מיט זײַנ מער שארפנ פּראָטעסט־כאראקטער. אינ אונטערשייד פונ 1842 איז עס שוינ ניט קיינ פארטיידיקונג־באוועגונג קעגנ דעם פּראָיעקט פונ רויבנ בא די ייִדנ דאָס מיליטער־דינסט, ניט קיינ פּעטיציע־באוועגונג פאר מעסיקע פאָדערונגענ פונ בירגער־רעכט, נאָר טראָגט א מער אקטיוונ כאראקטער מיט דער פאָדערונג פונ פּאָליטישער גלײַכבארעכטיקונג. דער רייניש‏ער לאנדטאג האָט דער ערשטער אינ יונ 1843 באשלאָסנ בעטנ דעם קעניג וועגנ פולער בירגערלעכער גלײַכבארעכטיקונג פונ די ייִדנ. דאָס איז געווענ דער ערשטער ניצאָכנ פונעם קאמפּ פאר דער עמאנציפּאציע פונ די דײַטשישע ייִדנ. די באוועגונג פונ קאמפּ פונ דער ייִדישער בורזשואזער געזעלשאפט האָט זיכ דאָ צוזאמענגעגאָסנ אונ ארײַנגעגאָסנ אינעמ אלגעמיינעמ קאמפּ פונ דער רייני‏שער מער פאָרגעשריטענער פרײַסישער בורזשואזיע פאר פּאָליטישער פרײַהײַט. די ייִדישע היסטאָריקער פארשווײַגנ דעם פאקט, וואָס די באוועגונג האָט געהאט איר צענטער אינ קעלנ אונ איר פארבינדונג מיט דער „ריינישער צײַטונג“. אלע פאקטנ באווײַזנ אָבער, אז מיר האָבנ דאָ צו טאָנ מיט א פאלסיפיקאציע פונ דער געשיכטע, אז אויסער די אָפיציִעלע ייִדישלעכע לאגערנ פונ קאָנסערוואטאָרנ אונ ליבעראלנ, פונ מאָנארכיסטישע ליבעראלנ, שטאדלאָנים אונ דערגרייכער, האָבנ מיר אינ דער באוועגונג פאר דער ייִדנ־עמאנציפּאציע געהאט אויכ א באזונדערנ שטראָמ פונ דרייסטער פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקײַט, פונ פּאָליטישער דעמאָקראטיע. אונ אז דער שטראָמ האָט זיכ געשטיצט אונ איז געווענ באווירקט פונ דער „ריינישער צײַטונג“. די אלע געבראכטע פאקטנ באווײַזנ, פונ דער אנדערער זײַט, די פאלסיפיקאציע פונ מארקס שטעלונג אינ דער ייִדנ־פראגע אינ דער געשיכטלעכער ליטעראטור. מארקס האָט אינעמ פּעריִאָד פונ דער „ריינישער צײַטונג“ אינ די יאָרנ 1842־1843 אינ דער „ריינישער צײַטונג“ אונ דורכ דער „ריינישער צײַטונג“ געטריבנ די עמאנציפּאציע־באוועגונג פונ די ייִדנ איבער די קעפּ פונ די ווינאווערס אונ סליאזבערגס פונ יענער צײַט, איבער די קעפּ פונ די פיליפּזאָנס אונ ריסערס, צומ פּאָליטישנ פּראָטעסט, צומ פּאָליטישנ קאמפּ, צומ קאמפּ קעגנ דער „קריסטלעכער מעלוכע“, פאר א „פּאָליטישער“ מעלוכע—וואָס עפנט אופ אונ ברוקירט דעמ וועג פונ רעוואָליוציע. אינ א בריוו, אינ וועלכנ מארקס, צוזאמענ מיט ענגעלס אונ אנדערע קאָמוניסטנ־פירער גיט אינ 1846 דירעקטיוונ די דײַטשישע קאָמוניסטנ, ווערט געזאָגט: „א פּעטיציע איז נאָר דעמלט גוט, ווענ זי איז גלײַכצײַטיק א דראָונג, הינטער וועלכער עס שטייט א קאָמפּאקטע אונ אָרגאניזירטע מאסע“. מארקס אונ די אנדערע לייגנ פאָר די דײַטשישע קאָמוניסטנ, אויב עס איז

[1] „אלגעמיינע צײַטונג דעס יודענטומס“, נומ. 17, 1842.

ניט מעגלעכ ארויסצושטעלנ אייגענע ריינ-ארבעטער־פעטיציעס (די ארבעטער־באַוועגונג איז נאָכ געווענ אינ די וויקעלעכ), זאָלנ זיי אָרגאניזירנ אלגעמיינע פעטיציעס, אונטערשרײַבנ אונ דורכפירנ בורזשואזע פעטיציעס וועגנ פרײַהײַט פונ פרעסע, וועגנ קאָנסטיטוציע א.ד.גל. „אויב עס וועט זיכ אײַנגעבנ דאָס צו דערשלאָגנ זיכ, וועט זיכ אָנהייבנ א נײַע ערע פאר קאָמוניסטישער פראָפאגאנדע" (מארקס־ענגעלס ווערק, באנד 25, ז. 15). אינ 3־1842 איז מארקס נאָכ ניט געווענ קיינ קאָמוניסטנ־פירער, די „ריינישע צײַטונג", די פעטיציע־קאמפאניעס אונ צווישנ זיי אויכ די יידישע פעטיציע־קאמפאניע האָט מארקס אויסגענוצט אונ אָרגאניזירט אלס קאמפ־מיטלענ צו באפרײַענ דעמ וועג פאר א ווירקלעכער פאָלק־רעוואָליוציע.

די „ריינישע צײַטונג" איז פאר מארקסנ אינ דער יידנ־פראגע, ווי אינ אלע אנדערע פראגנ פונ דער דײַטשישער רעוואָליוציע, א פאָרשטופע, אנ אָנהייב־עטאפ פונ אָנפירנ מיטנ קאמפ קעגנ דער מאָנארכיע, זײַנ ווײַטערדיקער פולקומער איבערגאנג צו א בוילעטער קאָמוניסטישער פראָגראמ פירט אימ צו באטראכטנ אלע פראגנ אונ צווישנ זיי אויכ די יידנ־פראגע אינ א נײַער שײַנ, אינ שײַנ פונ דער קאָמוניסטישער רעוואָליוציע. מארקס ארבעט „צו דער יידנ־פראגע" באקומט אפ אזא אופנ איר פאָר־געשיכטע.

---

י. נוסינאָוו

# די סטאלינישע קאָנסטיטוציע אינ שייַנ פונ דער וועלט־ליטעראטור

I

וועג די מייַרעוו־פעלקער האָבנ דערוואכט צומ קאמפ קעגנ זייערע פעאָדאלע אונטערדריקער אונ זעלבסטהערשערישע טיראנענ—האָבנ זיי פראָקלאמירט דעמ לאָזונג: — פאָלקס־הערשאפט.

די אידייע פונ פאָלקס־הערשאפט איז געלעגנ אינ יעסאָד פונ מאָנטעסקיע׳ס אונ רוסאָ׳ס סאָציאַלע טראקטאטנ, זי האָט באגייַסטערט די שעפער פונ פילאָזאָפישע סיסטעמענ—האָלבאכ אונ העלוועצי. אפ איר האָבנ געבויט זייערע דאָקטרינעס וועגנ דערציִונג לאָק, העלוועצי, רוסאָ.

די אידייע פונ פאָלקס־הערשאפט האָט באוועגט די גרעסטע דיכטער, דראמאטורגנ, בעלעטריסטנ, שעפער פונ מאָדערנער עסטעטיק. זי האָט געקלונגענ פונ סצענע אינ די מאָנאָלאָגנ פונ די טראגעדיע־העלדנ. די שווע—אייביק טריַי בלייַבנ אונ דאָס לעבנ אָפּגעבנ פאר פאָלקס־הערשאפט האָט זיכ אפ די זייַטנ פונ די פּאָפּולערסטע אונ באליבטסטע ראָמאנענ פונ XVIII יאָרהונדערט צונויפגעגאָסנ מיט דער שווע פונ אייביקער טרייַהייַט אונ איבערגעגעבנקייַט דער געליבטער.

באזונדערס אינ צווייטער העלפט XVIII יאָרהונדערט, ווענ עס זייַנענ אופגעריסנ געוואָרנ אלע דוירעסדיקע קאטויליש־רעליגיִעזע ווערטנ, ווענ עס זייַנענ וואָלטעריאניש־סאטיריש אויסגעלאכט געוואָרנ אלע אלטע אווטאָריטעטנ, אונ ס׳איז זיי אלעמענ קעגנגעשטעלט געוואָרנ דער אומבאגרענעצטער ראציאָ, דער שטאָלצער אונ אלמעכטיקער מענטשלעכער סייכל—גראָד אינ דער צייַט האָבנ די באַגריפנ פאָלקס־סוווערעניטעט, בירגער פונ פרייַענ פאָלקס־הערשאפט—באקומענ קימאט א רעליגיִעזנ באדייַט.

די אידיי פונ פאָלקס־הערשאפט האָט באקומענ איר פייַערלעכע אנערקענונג, ווענ ס׳איז אינ די העראָישע טעג פונ דער פראנצויזישער רעוואָליוציע פונ 1789 יאָר— פארעפנטלעכט געוואָרנ—„די דעקלאראציע פונ מענטש אונ בירגער״. יעדער וואָרט פונ דער דעקלאראציע איז געווענ דורכגעדרונגענ מיט בלוט פונ די אומגעקומענע אינ באסטיליע אָנזאָגער אונ פארטיידיקער פונ פאָלקס־הערשאפט, מיט בלוט פונ די

אומגעקומענע אינ די זיגערישע שלאכטנ פונ רעוואָליוציע אונ פונקט ווי מ'האָט דאָס גרונט־פילאָזאָפישע ווערק פונ די פראנצויזישע אופקלערער—דעמ באראָנ האָלבאכ'ס „סיסטעמ פונ נאטור"—גערופנ אינ יענער צײַט—„צו יעוואנגעליע פונ מאטעריִאליזמ"—אקוראט אזוי איז דורכ די ברייטסטע מאסנ—„צו דעקלאראציע פונ מענטש אונ בירגער" אופגענומענ געוואָרנ אלס קאטעכיזיס—פונ בורזשואזער דעמאָקראטיע, אונ בורזשואזער פאָלקס־הערשאפט.

מיר ווייסנ, אז סאָציִאליזמ איז ניט אויסגעוואָקסנ אפ קיינ פוסטנ פלאצ. אונ איצט—אינ די טעג פונ טריִומפ פונ דער סטאלינישער סאָציִאליסטישער דעמאָקראטיע דערמאָנענ מיר זיכ מיט גרויס פארערונג אינ יענע דענקער אונ דיכטער, וואָס האָבנ ניט געשראָקנ זיכ פאר די פעאָדאלע באסטיליעס—אונ האָבנ מיט גרויס מוט אונ געוואגטקײַט געפריידיקט די אידייענ פונ פאָלקס־הערשאפט. אויכ איז טײַער דער אָנדענק פונ די אלע, וואָס זײַנענ העלדיש אומגעקומענ אינ קאמפ פאר די אידייענ פונ דעמאָקראטיע.

דער באדײַט פונ די קעמפער פאר פאָלקס־הערשאפט אונ דעמאָקראטיע טרעט באזונדער שארפ ארויס „איצט, ווענ די מוטנע כוואליע פונ פאשיזמ באשפײַט די סאָציִאליסטישע באוועגונג פונעמ ארבעטער־קלאס אונ מאכט מיט בלאָטע צוגלײַכ די דעמאָקראטישע שטרעבונגענ פונ די בעסטע מענטשנ פונ דער ציוויליזירטער וועלט" (סטאלינ).

נאָר ווײַל מיר געדענקענ די גרויסע היסטאָרישע ווערט פונ די קאָנסטיטוציעס, וואָס האָבנ אויסגעארבעט די גרינדונג־פארזאמלונגענ פונ די בורזשואזע רעוואָליוציעס אינ מײַרעוו־אייראָפע, ווײַל ס'איז אונדז אזוי ליב אונ טײַער דער אָנדענק פונ די העלדישע קעמפער פונ יענע רעוואָליוציעס, בלײַבט פאר אונדז טאָמיד קלאָר דער טיפער היסטאָרישער אונטערשייד צווישנ יענע גרויסע היסטאָרישע דאָקומענטנ פונ דער פארגאנגענהײַט—מיט אונדזער סטאלינישער קאָנסטיטוציע.

די צוויי בעסטע אונ רומפולסטע דאָקומענטנ פונ בורזשואזער דעמאָקראטיע „די דעקלאראציע פונ רעכט פונ מענטש אונ בירגער", ווי די קאָנסטיטוציע, וואָס איז געבאָרנ געוואָרנ אינ פײַער פונ דער בעסטער בורזשואזער רעוואָליוציע, פונ דער יאקאָבינישער—די קאָנסטיטוציע פונ קאָנווענט—זײַנענ געווענ בלויז מעלוכישע אנערקענונגענ פונ טרוימ פונ די בעסטע מענטשנ פונ דורירעס. זיי זײַנענ געווענ בלויז די דעקלארירונג פונ די בעסטע שטרעבונגענ פונ פעלקער, פונ זייערע לײַדנשאפטלעכע סאָציִאלע באגערנ, זיי זײַנענ אָבער נאָכ אינ קיינ פאל ניט געווענ קיינ פיקסאציע פונ דערגרייכטנ. דאָס זײַנענ געווענ מעלוכיש־אנערקענטע פראָגראמעס, אונ ניט קיינ סומירונגענ פונ דערגרייכטנ. זיי האָבנ דערקלערט, וואָס גארט דאָס פאָלק, צו וואָס דאָס פאָלק שטרעבט, נאָר ניט וואָס דאָס פאָלק האָט שוינ דערגרייכט. כאווער סטאלינ האָט אינ זײַנ פאָרטראג אפנ VIII אויסעראָרדנטלעכנ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר אָנגעוויזנ אפ אָט דעמ הויפט־אונטערשייד צווישנ אונדזער סאָציִאליסטישער קאָנסטיטוציע—מיט די רומפולסטע קאָנסטיטוציִאָנעלע דאָקומענטנ, וואָס זײַנענ אויסגעארבעט געוואָרנ דורכ אלע רעוואָליוציעס ביז דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע.

כאראקטעריזירנדיק „די ראמענ פונ אונדזער קאָנסטיטוציע אינעמ געגעבענעמ היסטאָרישנ מאָמענט", רעזומירט כאווער סטאלינ.

„— אזוי ארום שטעלט דער פּראָיעקט פון דער נייַער קאָנסטיטוציע מיט זיך פאָר א סאכאקל פונעם דורכגעגאנגענעם וועג, א סאכאקל פון די שוין דערגרייכטע דעראָבערונגען. ער איז, הייסט עס, א רעגיסטראציע און א געזעצגעברישע פארפעסטיקונג דערפון, וואָס עס איז שוין דערגרייכט און דעראָבערט אין דער ווירקלעכקייט“ (שטורמישע אפּלאָדיסמענטן). כאָטש סטאלין דערקלערט, אז דערמיט ווערט אייַנגעשטעלט דער אונטערשייד צווישן פּראָגראם און קאָנסטיטוציע.

... „אינדערצייַט, ווען א פּראָגראם רעדט וועגן דעם, וואָס עס איז נאָך ניטאָ און וואָס עס דארף נאָך דערגרייכט און דעראָבערט ווערן אין דער צוקונפט, דארף, פארקערט, א קאָנסטיטוציע ריידן וועגן דעם, וואָס עס איז שוין פאראן, וואָס עס איז שוין דערגרייכט און דעראָבערט געוואָרן איצט, אין דער קעגנווארט. א פּראָגראם באַרירט הויפּטזעכלעך די צוקונפט, א קאָנסטיטוציע—די קעגנווארט“.

„די דעקלאראציע פון רעכט פון מענטש און בירגער“ די קאָנסטיטוציע פון קאָנווענט, און שוין אוודאי אלע איבעריקע קאָנסטיטוציעס, וואָס זייַנען אנטשטאנען אין גאנג פון בורזשואזע רעוואָליוציעס—זייַנען געווען פּראָגראמעס אף דער צוקונפט און ניט קיין „רעגיסטראציעס און געזעצגעברישע פארפעסטיקונגען דערפון, וואָס עס איז שוין דערגרייכט און דעראָבערט געוואָרן אין דער ווירקלעכקייט“.

אינדערעמעסן, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אָט די פּראָגראמעס איז גאָר אפילע קיינמאָל ניט באשערט געווען צו פארווירקלעכט ווערן.

זיי זייַנען נים פארווירקלעכט געוואָרן, ווייַל דער אָביעקטיווער רעזולטאט פון אלע רעוואָליוציעס ביז אונדזער רעוואָליוציע איז באשטאנען אין דעם, אז ס'האָבן זיך בלויז געענדערט די פאָרמען פון עקספּלואטאציע, די פאָרמען און מעטאָדן פון סאָציאלער אונטערדריקונג. דער עצעם פּרינציפּ פון אונטערדריקונג איז געבליבן. די מינדערהייַט האָט אלץ פארשקלאפט און בארויבט די האָרעווענדע מערהייַט. פון דאנען שטאמט דער הויפּט־אונטערשייד צווישן די אלטע בורזשואזע דעמאָקראטיעס און דער יונגער סאָציאליסטישער סטאלינישער דעמאָקראטיע.

כאָטש סטאלין האָט אף דעם אָנגעוויזן אין זייַן פאָרטראג: „די דעמאָקראטיע אין די קאפּיטאליסטישע לענדער, ווו ס'זייַנען פאראן קעגנזעצלעכע קלאסן, איז אין לעצטן סאכאקל א דעמאָקראטיע פאר די שטארקע, א דעמאָקראטיע פאר דער פארמאָגנדער מינדערהייַט. די דעמאָקראטיע אין פּססר איז, פארקערט, א דעמאָקראטיע פאר די ארבעטנדיקע, ד. ה. א דעמאָקראטיע פאר אלעמען“.

דאָס, וואָס די דעמאָקראטיע, ווי זי האָט זיך אויסגעבילדעט אין מייַרעוו־אייראָפּע, און אמעריקע איז געווען „אין לעצטן סאכאקל א דעמאָקראטיע פאר שטארקע, א דעמאָקראטיע פאר דער פארמאָגנדער מינדערהייַט“, דאָס האָט געבראכט דערצו, אז אפילע די בעסטע קאָנסטיטוציעס, געבוירענע און געשאפענע אין פייַער פון רעוואָליוציעס, אונטער דעם אומיטלבארן דרוק פון די פאָלקס־אופשטאנדן, אפילע אָט די קאָנסטיטוציעס זייַנען געבליבן בלויז דעקלאראציעס פון די גוטע ווונטשן. „די דעקלאראציע פון רעכט פון מענטש און בירגער“, די קאָנסטיטוציע פון קאָנווענט, וואָס זייַנען פּראָקלאמירט געוואָרן אין די רומפולסטע טעג פון דער רומפולסטער בורזשואזער רעוואָליוציע, פון דער פראנצויזישער רעוואָליוציע פון 1789 יאָר—זייַנען קיינמאָל ניט געוואָרן קיין „רעגיסטראציע און געזעצגעברישע

פארפעסטיקונג פון דעם, וואָס איז שוין דערגרייכט און דעראָבערט געוואָרן אין דער ווירקלעכקײַט". זיי זײַנען אפ אייביק געבליבן דאָקומענטן פון די גרויסע אילוזיעס פון די מײַרעוו־פעלקער אין די פרילינג-טעג פון זייער קאמף פאר פאָלקס־הערשאפט.

און די בעסטע פאָרשטייער פון דער וועלט־ליטעראטור האָבן שוין, אָנהויבנדיק פון די ערשטע יאָרצענדליקער פון נײַנצנטן יאָרהונדערט, מיט טיפן צאר און ווייטיק פאו שטאנען, און מיט ביטערן סארקאזם באוויזן, וואָס פאר א טיפער אָפגרונט ס'טיילט אָפ דעם דוירעסדיקן טרוים פון מענטשהײַט וועגן פאָלקס־סוּווערעניטעט פון דער פאקטישער בורזשואזער פארלאַמענטארער ווירקלעכקײַט.

זיי האָבן אין געווינישע בילדער באוויזן ווי טראגיש ס'איז געווען דער אײַנרײַס צווישן די אילוזיעס פון פאָלקס־מאסן, ערעוו די רעוואָלוציעס, אין די יאָרן פון די גרויסע רעוואָליוציאָנערע שלאכטן—מיט יענער רעאלער ווירקלעכקײַט, וואָס איז געקומען אפ מאָרגן נאָך דעם ווי די בורזשואזיע האָט געזיגט.

די בילדער, ווו ס'ווערט באוויזן דער אומקום פון אָט די אילוזיעס, דער ווייטעק־דיקער פראָצעס פון אויסלעבן אָט די אילוזיעס, די בילדער, אין וועלכע ס'ווערט אנטבלויזט דער טיפסטער ווידערשפרוך צווישן דער פאָרם און דעם אינהאלט פון דעמאָקראטיע אין די קאפיטאליסטישע לענדער—שטעלן מיט זיך פאָר איינע פון די סאמע טראגישסטע ביכער פון דער וועלט־ליטעראטור.

דורכלייענען אפסנײַ און אפסנײַ דורכטראכטן אָט די ביכער פון דער וועלט־ליטעראטור איז באזונדערס באלערנד איצט, אין די טעג פון טריומף פון דער סטאלינישער סאָציאַליסטישער דעמאָקראטיע.

אָט די ביכער פון דער וועלט־ליטעראטור איליוסטרירן באזונדערס פארביק און איבערצײַגנד אף וויפל ס'זײַנען ריכטיק כאָטש סטאלינס ווערטער—וועגן אונטערשייד צווישן דער בורזשואזער און דער סאָציאַליסטישער דעמאָקראטיע.

## II

דער קאָנטראסט צווישן די פראָקלאמירטע אין 18־טן יאָרהונדערט פרינציפן פון פאָלקס־הערשאפט און דער פארווירקלעכטער בורזשואזער דעמאָקראטיע האָט שוין טיף באאומרויִקט דעם רוסישן פאָלקס־דיכטער פושקין.

ס'איז באוווּסט מיט וואָס פאר א טיפן ווייטיק ער האָט פון אָנהויב צוואַנציקסטער יאָרן פון XIX י. ה. אופגענומען די ידיעות וועגן די מאפּאָלעס פון רעוואָליוציאָנערער באוועגונג אין מײַרעוו. ער האָט שמערצלעך רעאגירט אף דעם, וואָס עס זײַנען צעקלאפט געוואָרן די פאָלקס־אופשטאנדן אין שפאניע, אין איטאליע, אף דערום, וואָס נאָך נאפּאָלעאָנס פאלן—זײַנען אופגעשטעלט געוואָרן די אלטע טראָנען.

דער דורשט נאָך פרײַהײַט, דער טיפער מיטגעפיל צו די מײַרעוו־פעלקער, וואָס האָבן רעוואָלטירט קעגן זייערע טיראנען, האָט פארשארפט פושקינס אינטערעס צו די לענדער, ווו די בורזשואזע דעמאָקראטיע האָט געזיגט. ער האָט נאָכגעשפירט נאָך דעם, ווי ס'פאָרמירט זיך אויס די נײַע דעמאָקראטיע, און זיך ערנסט פאר־טראכט אף איר טאָכ. אין זײַן אָפהאנדלונג „דזשאָן־טענער" באדויערט פושקין, וואָס דזשאָן־טענער האָט, פאָרשנדיק דאָס אמעריקאַנער לעבן, זיך אָנגעשטויסן אף פאקטן, וועלכע באווײַזן, אף וויפל די אמעריקאַנער דעמאָקראטיע איז ווײַט פון אידעאַל.

פושקינ שרײַבט:

„אײניקע טיפע קעפּ האָבנ זיכ פאר דער לעצטער צײַט פארנומענ מיט פאָרשנ די אמעריקאנישע זיטנ אונ אײַנריכטונגענ, אונ זײערע באאָבאכטונגענ האָבנ נאָכ־אמאָל דערוועקט אזעלכע פראגנ, וואָס מ׳האָט זײ שוינ געהאַט געהאלטנ פאר לאנג דערלײזטע. די אכטונג צו אָט דעם פאָלק אונ צו זײַנע אײַנריכטונגענ—דעם פּרוכט פונ נײַסטער אופקלערונג, האָט זיכ שטארק א וואקל געטאָנ“ (פושקינ „פולע געזאמלטע ווערק“, ב. 5, „גיכל“ 1935 י., ז. 186).

וואָס־זשע האָט געבראכט דערצו ס׳זאָל זיכ אזוי א וואקל טאָנ די באַציִונג צו דער אמעריקאנער דעמאָקראטיע, אָט דעם „פּרוכט פונ נײַסטער אופקלערונג“? „מע האָט מיט איבעראשונג דערזענ די דעמאָקראטיע אינ איר עקלהאפטנ ציניזמ, אינ אירע אכזאָריעסדיקע פארורטײלנ, אינ איר אומדערטרעגלעכער טיראנערײַ. אלצ, וואָס הערלעכ איז, אלצ, וואָס דערהויבט די מענטשלעכע נעשאָמע—ווערט אונטערדריקט דורכ דעם אומראכמאָנעסדיקנ עגאָיִזמ, דורכ דער לײַדנשאפט צו ווילטאָג“ (דאָרט, ז. 187). סאָפּ XVIII יאָרהונדערט, ווענ די אמעריקאנער דעמאָקראטיע האָט ערשט געהאלטנ אינ ווערנ, האָט מענ אינ אײראָפּע געזענ אינ דער אמעריקאנער דעמאָקראטיע דאָס פאָרבילד פונ דער צוקונפטיקער פאָלקס־הערשאפט אינ אײראָפּע.

פרײַהײַט־דורשטיקע יוגנט האָט זיכ געלאָזט אפ יענער זײַט אָקעאנ, פרײַוויליק ארײַנגעטראָטנ אינ די אמעריקאנער ארמײענ, גרײט אומצוקומענ פאר דער אמעריקאנער פרײַהײַט.

אונ דער „אידעאל“ האָט געזיגט. האָט זיכ אָבער ארויסגעוויזנ, אז די דעמאָקראטיע כאראקטעריזירט זיכ מיט „עקלהאפטנ ציניזמ אונ אונערטרעגלעכער טיראנערײַ“.

פונ וואנענ שטאמט אָט די נײַע—טיראניע? זי שטאמט דערפונ, וואָס דעם אלטנ פעאָדאלנ טיראנ—האָט פארביטנ א נײַער—דער באנקיר, דער גאָלד־מאגנאט.

די מאכט פונ גאָלד־מאגנאט האָט זיכ אינ אײראָפּע, נאָכ דער פראנצויזישער רעוואָליוציע ארויסגעוויזנ ניט ווײניקער בולעט, ווי אינ אמעריקע. דערופ איז דאָכ די פראנצויזישע רעוואָליוציע פונ 1789 יאָר געווענ א בורזשואזע רעוואָליוציע. דעריבער איז מענ טאקע אינ אײראָפּע נאָכמער געקומענ צו איבערראשנ די רעזולטאטנ פונ דער רעוואָליוציע.

דעם דערמאָנטנ ארטיקל „דזשאנ־טענער“ האָט פושקינ געשריבנ אינ 1836 י. אײראָפּע האָט געהאַט ניט לאנג נאָכ פופצנ יאָר רעאקציע ווײַטער אמאָל איבערגעלעבט א כוואליע פונ רעוואָליוציעס פונ די יאָרנ 1831—1830.

די רעוואָליוציע פונ יולי 1830 י. אינ פראנקרײַכ האָט בא אלע דעמאָקראטנ נאָכ־אמאָל אופגעלעבט די אלטע האָפענונגענ. די רעוואָליוציע פונ 1830 י. אינ פראנקרײַכ איז ביכלאל געווענ די באליבטסטע רעוואָליוציע פונ קלײנבירגערטומ. זי האָט געטראָגנ אינ זיכ האָפענונגענ אפ אלערלײ דעמאָקראטישע פרײַהײַטנ אונ האָט ניט געדראָט דעם פרינציפּ פונ אײגנטומ, וואָס איז אזוי טײַער אונ הײליק דעם קלײנבירגער.

הײנריכ הײנע האָט דערנאָכ געשריבנ, אז, זיצנדיק בא זיכ אינ דעם דאנהיפּש רעאקציאָנערנ דײַטשלאנד, האָט ער אופגענומענ די אידײע וועגנ דער רעוואָ־

ליוציע אין פראנקרײַך ווי א פרילינג־זונען־שטראל פארוויקלט אין צײַטונג־בלאט. אין פאריזש האָט ער אָבער זיך גיך איבערצײַגט, אז ניט דער גײַסט פון פרײַהײַט הערשט איבער פראנקרײַך, נאָר אז דער באנקיר איז באַלעבאָס איבער די אידייען פון פרײַהײַט.

מארקס האָט געשריבן, אז די יולי־מאָנארכיע, וואָס איז ארויסגעוואָקסן פון דער יולער רעוואָליוציע—איז געווען „ניט מער ווי אן אקציאָנערע געזעלשאפט אפ עקספּלואטירן די פראנצויזישע נאציאָנאלע רײַכטימער; אירע דיווידענדן האָט מען צעטיילט די מיניסטאָרן, די פאלאטעס, 240.000 וויילער און זייערע נאָכשטופּער. לואי פיליפּ איז געווען דער דירעקטאָר פון אָט דער קאָמפּאניע". (מארקס און ענגעלס, „גיז", געזאמלטע ווערק, באנד 8, ז. 6). אָט די „אקציאָנערע געזעלשאפט" האָט זיך געגרויסט מיט איר הויכן ייִכעס—זי איז א קינד פון רעוואָליוציע.

אירע אקציאָנערן האָבן זיך אפילע גערן געפּוצט אין מאנטלען, ארויסגעצויגענע פון די אַלטע גארדעראָבן פון דער גרויסער רעוואָליוציע, און זײַנען צומאָל געווען מײַסטערס אפ אופהויבן א טאָסט פאר דעם אָדער יענעם לאָזונג פון דער גרויסער רעוואָליוציע.

דאָס איז אָבער געווען הוילער פּאָליטישער שווינדל. און ס'וועט אפ טאָמיד פאר־בלײַבן א וועלט־היסטאָרישער פארדינסט פון די גרויסע פראנצויזישע שרײַבער, באַ־זונדערס פון סטענדאַלן און באַלזאקן. דאָס, וואָס זיי האָבן אפ א קינסטלערישן אויפן אראָפּגעריסן די מאסקעס פון אָט דער „אקציאָנערער געזעלשאפט" און באַ־וויזן זי אָדאָם-נאקעט.

III

וואָס טוט זיך אונטער דעם שירם פונעם בורזשואזן פארלאמענטאריזם, וועמען דינט די „פרײַהײַט" פון די בורזשואזע פארטייען האָט אין די יאָרן פון דער יולער מאָנארכיע גלענצנד באוויזן אנרי סטענדאַל, אין זײַן ראָמאן „רויטס און ווײַס" אָדער „לוסיען לעווען".

סטענדאַל גיט אין אָט דעם ראָמאן פראנקרײַך נאָך דער יולער רעוואָליוציע.

לוסיען לעווען—די צענטראַלע פיגור פון ראָמאן, א זון פון א פאריזשער באנקיר, טרעט ארײַן אין ארמיי. ער טוט עס, ווײַל באם באנקיר אינדערהיים איז אים לאנג־ווײַליק, ווײַל עס געפעלט אים אויסזען ווי א מיליטער־מאן, און ווײַל דער 17־טער אולאנער פּאָלק האָט א שיינע פאָרם און א גלענצנדע מיליטערישע רעפּוטאציע. ער איז זייער ווײַט פון וועלכע עס איז אידעאַלן. „ער איז ווײַט פון טרוימען וועגן א רעפּובליק, פון פילאָזאָפישע שטרעבונגען צו לײַטישער מאכן דעם מענטשן... לוסיען האָט געכאָלעמט וועגן גלענצנדע אטאקעס אינדערשפּיץ פון זײַן פּאָלק אולא־נער! און גיך איז געקומען די מעגלעכקײַט צו אָנטיילנעמען אין אזא „גלענצנדער אטאקע".

פיר פארטאָג האָט מען לוסיען אופגעוועקט מיט א באפעל אָנזאָטלען דאָס פערד. אין די קאזארמעס האָט ער געטראָפן א גרויסע אופרעגונג. דער ארטילעריע־אונטער־אָפיצער איז געווען שטארק באשעפטיקט מיט טיילן פּאטראָנעס צווישן די אולאנער. די ארבעטער פון שטעטל, וואָס ליגט 80 ליע פון נאנסי, ווו ס'איז געשטאנען

לוסיענס פאָלק, האָבנ, זאָגט מענ, זיכ אָרגאַניזירט אונ געשאַפנ א פאַריינ. דער פאָלקאָווניק מאַליער איז אומגעלאָפנ איבער דער קאַזאַרמע אונ געשריִענ צו די אָפיצערנ אַזוי, אַז די אולאַנער זאָלנ עס דערהערנ:

„— מע דאַרפ זיי פאַרגעבנ א פײַנע פּאָרציע. אָנ ראַכמאָנעס! מע וועט געבנ דערפאַר אָרדענס!“

אונ דער פאָלקאָווניק האָט געהאַלטנ וואָרט. מע האָט זיכ אָפּ א שענדלעכסטנ אויפנ אָפּגערעכנט מיט די ניט באַוואָפנטע שלעכט אָרגאַניזירטע אַרבעטער. סטענדאַל פאַרענדיקט אָט דעמ עפּיזאָד:

„וואָס איז שײַעכ די מיליטערישע, סטראַטעגישע אונ פּאָליטישע אײַנצלהײַטנ פונ אָט דעמ שלאַכט, קאָנ מענ זיי געפינענ אינ די דעמאָלסטדיקע צײַטונגענ:—„דער פאָלק איז באַקרוינט געוואָרנ מיט רומ, די אַרבעטער האָבנ זיכ געפירט פּאַכדאָניש“.

אונ ווי ס'האָט אויסגעזענ די ערשטע „גלענצנדע“ מיליטערישע אַקציע פונ יונגנ לעווענ אינ זײַנ „קלאַסנקאַמפּ אינ פראַנקרײַכ“ האָט מאַרקס געשריבנ מיטנ פאַרניכטנדיקנ סאַרקאַזמ, אַז אינ די טעג פונ דער יולער מאָנאַרכיע האָט די בורזשואַזיע אָנגעשריבנ אָפּ איר פאָנ:

„א גראָשנ ניט צוליב רומ. רומ ברענגט ניט אײַנ קיינ רעוואַכ. שאָלעמ, וואָס דאָס זאָל קאָסטנ: פונ מילכאָמע פאַלט דער קורס פונ דרײַ אונ פיר־פּראָצענטיקע פּאַפּירנ“ (ב. 8, ז. 7).

אַנ אויסערלעכע מילכאָמע האָט געקאָנט אָט די בירזשע ברענגענ נאַפּאָלעאָנענ בלויז א מאַפּאָלע אונ בלויז העזייקעס. דערפאַר האָט אָבער דאָס צעשיסנ די אומבאַוואָפנטע אַרבעטער געהאָלפנ פאַרשטאַרקנ דעמ מאָנאַרכיסטיש־באַנקירישנ רעזשימ, פאַרגרעסערנ די דיווידענדנ פונ דער „אַקציִאָנערער געזעלשאַפט“ אונ די דרייסטע אולאַנער האָבנ נאָכ באַקומענ דערפאַר אָרדענס פונ „הערנ לעגיִאָנענ“. נאָכ אָט דעמ „זיג“ קערט זיכ לוסיענ לעווענ אומ צוריק קיינ פּאַריזש. דאָרט קומט פאָר צווישנ זײַנ פאָטער דעמ באַנקיר מיט אימ אַזאַ שמועס. דער פאָטער פרעגט אימ:

„וואָס ווילט איר זײַנ: אַנ אָנגעשטעלטער בא מיר אינ קאָנטאָר אָדער א טשינאָווניק פאַר אויסעראָרדנטלעכע אָנגעלעגנהײַטנ באַמ מיניסטער, וואָס וועט גיכ האָבנ א גרויסע ווירקונג אָפּ דעמ גורל פונ פראַנקרײַכ. קורצ גערעדט, באַמ הער דעווינעל. ער קענ מאָרגנ באַשטימט ווערנ פאַר אַנ אינערנ־מיניסטער! נאָכ א קורצנ ייִשעוו בלײַבט לוסיענ לעווענ בעסער דינענ באַמ מיניסטער. נאָר דאַנ שטעלט אימ דער פאָטער—דער באַנקיר אַזאַ פראַגע:

„צי וועט בא דיר קלעקנ גענוג פאַרברעכערישקײַט פאַר אָט דער שטעלע?“

לוסיענ האָט אופגעציטערט. דער פאָטער האָט אימ מיט א פריילעכנ שמייכל באַקוקט פונ קאָפּ ביז די פיס.

— יאָ, צי וועט בא אײַכ קלעקנ פאַרברעכערישקײַט? אײַכ וועט אויסקומענ זעענ א מענגע מיִעסע שטיק! צי וועט איר וועלנ מיטהעלפנ אינ דעמ דעמ מיניסטער, אָדער שטערנ אימ?—„אָט אינ וואָס די פראַגע באַשטייט“—פאַרענדיקט ער, איבערכאַזערנדיק אינ ענגליש האַמלעט'ס באַרימט וואָרט.

דער יונגער לעווענ פרעגט אַביסל דערשטוינט:

„העלפנ גאַנוועגענ געלט?“

— „באַם אָרעמענ פאָלק—האָט אים איבערגעריסנ דער דאָזיקער לעווענ—נאָר דאָס פאָלק איז דאָכ היפש נאַריש, אונ זײַנע דעפּוטאַטנ זײַנענ גרעסערע טיפּשים ווי דאָס איז דערלויבט, אונ דערצו געלט-גײַציקע טיפּשים...״

— נו, אונ ווער וואָלט איר וועלנ זאָל איכ זײַנ?—האָט לוסיענ נאַיִוו א פרעג געטאָנ דעמ פאָטער.

— א שווינדלער—האָט איבערגעכאַזערט דער פאָטער—א שווינדלער—כ'וויל זאָגנ א פּאָליטישער טוער. אַלע די, וואָס זײַנענ געווענ פּאָליטישע טוער, האָבנ זיכ דערהויבנ צו יענער מאדרייגע שווינדלער, אפ וועלכער איכ וויל אײַכ זענ. איכ דארפ אײַכ זאָגנ נאָר איינ זאַכ. אַלס סעקרעטאַר פונ אינערנ-מיניסטער וועט איר ברענגענ מיר מער נוצנ ווי אַלס פאַרוואַלטער פונ קאָרעספּאָנדענט-אָפּטיילונג פונ מײַנ קאָנטאָר.

— אָט דאָס באַשטימט שוינ מײַנ אויסוואַל. איכ האָב געהאַט געקלערט גייג אינ קאָנטאָר, נאָר איצט טרעט איכ אַרײַנ אינ מיניסטעריום—מיט איינ באַדינג—אַז איכ וועל ניט אָנטיילנעמענ אינ קיינ מאָרדנ. מײַנ זאַכ איז בלויז געלט-געשעפטנ... אונ איכ וועל ניט שרײַבנ קיינ ליגנערישע פאַמפלעטנ...

— אָט אויכ אַנ אייסעק,—דאָס איז אַנ איניען פאַר ליטעראַטנ. איר פירט בלויז אָנ מיט שמוציקע געשעפטנ, נאָר אַליינ לייגט איר דאָ קיינ האַנט ניט צו—פאַרענדיקט דער דערפאַרענער אינ שמוציקע געשעפטנ באַנקיר.

לוסיענ קומט אָנ פאַר א סעקרעטאַר צומ מיניסטער. דער באַנקיר העלפט דעמ מיניסטער שפּילנ אפ דער בירזשע. דער מיניסטער פירט דורכ מעלוכישע מאָסמיטלענ, נוצלעכע פאַרנ באַנקיר.

גיכ קומענ אָנ די וואַלנ אינ פּאַרלאַמענט. איבער גאַנצ פראַנקרײַכ מיט אירע צענדליקער מיליאָנענ ווײַלער איז געווענ אינגאַנצנ 240 טויזנט ווײַלער. ניט געקוקט דערופ, וואָס „די יולער מאָנאַרכיע איז געצוווּנגענ געווענ זיכ דערקלערנ פאַר א מאָנאַרכיע, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט רעפּובליקאַנישע אינסטיטוציעס״ (מאַרקס), האָט ניט נאָר דער פּראָלעטאַריאַט, נאָר אַפילע דאָס פויערטומ אונ דאָס שטאָטישע קליינבירגערטומ ניט געהאַט קיינ וואַלרעכט.

„פאַר לואי פיליפ האָט געהערשט ניט די גאַנצע פראַנצויזישע בורזשואַזיע, נאָר בלויז איינ פראַקציע פונ דער בורזשואַזיע: די באַנקירנ, די בירזשע אונ באַנ-קעניגנ, די אייגנטימער פונ קוילנ, שאַכטעס אונ אײַזנגרעבער, די וואַלד-אייגנטימער אונ א טייל מיט זיי פאַרבונדענע גרויסע ערד-אייגנטימער,—די אַזויגערופענע פינאַנצ-אַריסטאָקראַטיע—זי איז געזעסנ אפנ טראָנ, זי האָט דיקטירט אינ דער פּאַלאַטע די געזעצנ; זי האָט פאַנאַנדערגעטיילט די מעלוכע-אַמטנ, אָנהייבנדיק פונ די מיניסטעריומס אונ געענדיקט מיט די טאַבאַק-ביוראָענ... דאָס קליינבירגערטומ אינ אַלע אירע שאַכטירונגענ, ווי אויכ דאָס פויערטומ איז געווענ אינגאַנצנ באַזײַטיקט פונ אָנטיילנעמענ אינ פּאָליטישער מאַכט״. (מאַרקס אונ ענגעלס, געזאַמלטע ווערק, ב. 8, ז. 4).

די צאָל ווײַלער איז געווענ א באַגרענעצטע. יעדער שטימ האָט געהאַט א באַדײַט. די ווײַלער האָבנ געהערט צו די קלאַסנ, וואָס זײַנענ געווױנט מיט אַלצ האַנדלענ, אַלצ קויפנ אונ פאַרקויפנ. האָט טאַקע די וואַל-קאַמפּאַניע פאָרגעשטעלט מיט זיכ א יאַריד אונ מע האָט גאַנצ אָפנ געקויפט אונ פאַרקויפט שטימענ, די רעגי-

רונג האָט געצאָלט פאר שטימענ מיט מעזומענע געלט, מיט ווארעמע פּאָסטנס, מיט אָרדענס.

דער מיניסטער שיקט לוסיענענ אָנפירנ מיט דער וואל־קאמפּאניע אינ א קרײַז. פארנ אוועקפאָרנ זאָגט ער לוסיענענ:

„איר וועט האָבנ מיט זיכ געלט אפ צעטיילנ. אונ כוץ דעמ דרײַ פּאטענטנ אפ האנדלענ מיט טאבאק. איר קאָנט אראָפּנעמענ פונ די שטעלעס וועמענ איר וועט געפינענ פאר נייטיק״.

אונ אינ העסקעס מיט דעמ מיניסטערס דירעקטיווּנ האנדלט לוסיענ. די גאנצע וואל־קאמפּאניע איז איינ קנויל אינטריגעס, פאלשקײַט, שווינדלערישע מאכינאציעס. פאר לוסיענענ ענדיקט זיכ שלעכט. דער רעגירונג־קאנדידאט פאלט דורכ.

נאָר דערפאר בייט דורכ פאר א דעפּוטאט אינ א 2־טנ קרײַז דער באנקיר לוועג. אינ פּארלאמענט ווערט ער א פירער פונ אנ אָפּאָזיציאָנעלער גרופּע. וויסנדיק גוט דעמ מיניסטערס שווינדלערײַענ, נוצט ער זיי אויס אפ אָנפאלנ פונ טריבונע פונ פּארלאמענט אפ דער רעגירונג. נאָכ זײַנ ערשטער רעדע איז „דער קריגס־מיניסטער אינ זעלבנ אָוונט געקומענ צומ קעניג אונ אימ געגעבנ כאסמענענ צוויי באפעלנ: איינער, אז לוסיענ לעווענ ווערט באשטימט אפ א מיליטער־אמט באמ גענעראל־שטאב, דער צווייטער, אז ער ווערט באלוינט מיט א קרייצ. עלפ אינאָוונט האָט דער קעניג געכאסמעט די באפעלנ, נאָכ ביז האלבער נאכט האָט מענ זיי צוגע־שיקט דעמ הער לעווענ מיט א פרײַנטלעכ צעטעלע פונ, קריגס־מיניסטער. איינס באנאכט האָט דער מיניסטער צוריק באקומענ א צעטעלע פונ הער לעווענ, ווו ער האָט געבעטנ אכט פּאָסטנס פאר די „זײַניקע״ אונ האָט קאלט געדאנקט פאר דעמ איבערגעטריבענעמ גנאָד בענעגייע צו זײַנ זונ״.

דער קריגס-מיניסטער לייגט פאָר לעווענ אָנשטאָט אכט—פינפ פּאָסטנ. דער באנקיר דראָט דעמ קריגס־מיניסטער מיט קריג אפ דעמ בירזשע־פראָנט. דער קעניג האָט מוירע פאר אזא קריג מיטנ באנקיר. אָנ דעמ וויסנ פונ די מיניסטאָרנ לאָדט ער דרינגענד אײַנ צו זיכ דעמ באנקיר לעווענ. דער קעניג מיטנ באנקיר קומענ צווישנ זיכ צו אזא אויסגלײַכ: אלס פירער פונ א פּארלאמענט־גרופּע, וועט דער באנקיר ארויסטרעטנ מיט א רעדע קעגנ דער רעגירונג, נאָר אז ס׳וועט קומענ צו אָפּשטימענ וועט לעווענ מיט זײַנ גרופּע שטימענ—פאר דעמ געזעצ, וואָס די רעגי־רונג לייגט פאָר. נאָר דערפאר וועלנ אכט דעפּוטאטנ באקומענ פײַנע שטעלעס. אינ עטלעכע טעג ארומ נאָכ אָט דעמ געשעפט לאָדט דער באנקיר לעווענ אײַנ צו זיכ זײַנ פראקציע אונ לייגט זיי פאָר:

ווער פונ זיי וואָלט וועלנ אײַנגעלאדנ ווערנ אפ מיטיק צומ קעניג.

די דעפּוטאטנ זײַנענ גרייט געווענ לעווענ—פאר אזא זאכ אפ זייער גאנצ לעבנ דינענ. אונ לויט דעמ באנקירס באפעל—לאָדט דער קעניג אײַנ צו זיכ אפ מיטיק פיר סאמע נישטיקסטע דעפּוטאטנ.

פּראָווינציעלע רײַכ־געוואָרענע באלעבעסלעכ זײַנענ גליקלעכ, וואָס דער קעניג לאָדט זיי אײַנ אפ א מיטיק.

גופע דער באנקיר לעווענ לאכט זיכ אויס פונ אזעלכע זאכנ. ער האָט אינ זיגענ

וויכטיקערע זאכנ. ער דארפ, אז זײַנער אנ אייגענער מענטש זאָל ווערנ מיניסטער.

ער האָט וועגנ דעמ א גאנצ אָפּענעמ, אָבער אויכ א גאנצ צינישנ שמועס מיט דעמ באנקיר גראנדעס פרוי:

„— דער הער גראנדע שטייט, פונקט ווי איכ, אינדערשפּיצ פונ א באנק. אונ פונ יולן אָנ שטייט דער באנק אינדערשפּיצ פונ דער מעלוכע. די בורזשואזיע האָט פארביטנ די סענ־זשערמענער פאָרשטאָט (ווו ס׳האָט אינ פאריזש ביז דער רעוואָליוציע געלעבט די העכסטע אריסטאָקראטיע. י. נ.). אונ די באנק־פירער שטעלנ מיט זיכ פאָר די כאָשעווסטע לײַט פונ דער בורזשואזיע". איז דארפ מענ, אז גראנדע זאָל ווערנ מיניסטער. דער באנקיר לעוועג קאָנ עס לײַכט אײַנאָרדענען, אָבער מיט צוויי באדינגונגען: גראנדע זאָל באשטימענ זײַנ זונ לוסיענ לעוועג פאר גענעראל־סעקרעטאר אונ גראנדעס פרוי,—וואָס איז איינע פונ די שענסטע פאריזשער פרויענ—זאָל ווערנ לוסיענ לעוועגס געליבטע.

דאָס פאָרפאָלק גראנדע וועט זיכ ניט באליידיקנ אפנ באנקיר לעוועג פאר אָט די באדינגונגען. מ׳וועט דורכקומענ.

אזוי דערציילט אונדז סטענדאל, וואָס עס שטעלט מיט זיכ פאָר א בורזשואזער פארלאמענט, אָט וואָס ס׳הייסט א רעגירונג, וואָס איז „פאראנטוואָרטלעכ פאר די פאָלקס־אויסדערוויילטע".

די ציטירטע ארבעט „דער קלאסנ־קאמפ אינ פראנקרײַכ" הייבט מארקס אזוי אָנ:
„נאָכ דער יולער רעוואָליוציע האָט דער ליבעראלער באנקיר לאפיט, באגלייטנדיק זײַנ ריטער דעמ אָרלעאנער הערצאָג אינ זײַנ טריומפ־רײַזע אינ שטאָט ראטושע, באמערקט: „פונ הײַנט אָנ הייבט זיכ אָנ דער קעניגרײַכ פונ די באנקירנ". לאפיט האָט ארויסגעגעבנ דעמ סאָד פונ דער רעוואָליוציע".

אָט דעמ סאָד האָט סטענדאל צעפּויקט אינ זײַנ ראָמאנ וועגנ באנקיר לעוועג אונ זײַנ זונ לוסיענ.

(סאָפ אינ קומענדיקנ נומער)

וויקטאָר גאָלצעוו

# שאָטא רוסטאַוועלי

## I

עס דערנעענטערט זיך דער גרויסער יאָרטאָג פון שאָטא רוסטאַוועלי. פארשטייט זיך, דער 750־טער געבורטס־טאָג פונעם גרעסטן פּאָעטישן געני פון גרוזיע איז אומגעפּער אזא באדינגלעכע דאטע, ווי דער געבורטס־טאָג פון פּערדאָוסי און פון פיל אנדערע בארימטע מענטשן. דער באוווסטער גרוזינישער היסטאָריאָגראף פּלאטאָן אָסעליאַני האָט געהאלטן, אז רוסטאַוועלי איז געבוירן געוואָרן אין 1174 יאָר, געשטאָרבן—אין 1212. באלמאָנט האָט אין 1916 יאָר אינעם פאָרוואָרט צו זיין איבערזעצונג פון די צען לידער פון „וועפּכיס־טקאַאָסאני" געשריבן לויט עמעצנס ווערטער, אז רוסטאַוועלי איז געבוירן געוואָרן אין 1172 יאָר און איז געשטאָרבן אין 1216 י. איצט פארעכנט מען באדינגלעך רוסטאַוועליס געבורטס־יאָר צום 1187 יאָר. געוויס, קומט אויס שטארק באדויערן, וואָס בא אונדז אף די הענט איז ניטאָ די ביאָגראפיע פונעם שעפער פון „ריטער אין טיגער־פעל". די וווּנדערבארע גרוזינישע צייט־שריפטלער, וועלכע האָבן געשריבן אף פערגאמענטן „קארטליס־צכאָווּרעבא", האָבן וועגן אים געשוויגן. דאָס גרוזינישע פאָלק האָט געשאפן וווּנדערלעכע לעגענדעס וועגן דעם דיכטער, וועלכער איז פון אים געבוירן, האָט ארומגערינגלט דעם דיכטערס נאָמען מיט גרויס דאנקבארקייט און ליבע. אונדזערע מיטצייטלער דערלערנען שאָטא רוסטאַוועלי, שטרעבן אופצודעקן, זאָל זיין אפילע, א שוואכן אָפקלאנג פון דער פארגאנגענער עפּאָכע, קוקן זיך איין אין יעדן פארצייטיקן שפּור, וועלכן ס'האָט, עפשער, איבערגעלאָזן דער געניאַלער דיכטער פאר די זיבן יאָרהונדערטער ביז אונדז. מיר ווייסן, אז זיכערע, אָבער ביז גאָר קארגע ידיעס וועגן דעם שעפער פון „וועפּכיס־טקאַאָסאני" קען מען געפינען בלויז אין דער פּאָעמע גופא. געלעבט האָט ער אפן גרענעץ פון XII און XIII יאָרהונדערט. דאָס איז קלאָר שוין אָט פארוואָס: באזינגענדיק אינעם אריינפיר און אין די שלוס־סטראָפעס די קייסערינע טאמאר און איר מאן דאוויד סאָסלאני, רעדט דער דיכטער וועגן זיי, ווי וועגן זיינע מיטצייטלער.

אָבער אפילע דאָס באשטרייטן אייניקע געלערנטע: דער פארשטאָרבענער אקאדעמיקער נ. יא. מאר האָט ארויסגערוקט די היפּאָטעזע, אז רוסטאַוועלי און טשאכרוכאדזע, דער אָדע־שרייבער פון דער קייסערינע טאמארס צייטן,— דאָס איז איינ

פּעריאָנ. און איינער א גרויסער גרוזינישער געלערנטער האָט ניט לאנג ארויס־געזאָגט אפילע אנ איינארטיקע השערע, אז רוסטאַוועלי האָט געלעבט... אינ XIV יאָרהונדערט.

אלזאָ, בא שאָטא רוסטאַוועלי איז ניטאָ קיינ ביאָגראפיע; די געלערנטע מיִענ זיכ צו דערגיינ: ווענ זשע האָט ער געלעבט און ווער איז ער געווענ; ער האָט ניט קיינ געזיכט־שטריכנ, ווײַל קיינער וועט ניט גאראנטירנ, אז די אלטע מיניאַטיור פונ 17־טנ יאָרהונדערט שילדערט טאקע אים: עס קענ זײַנ, אז דער מענטש מיט דער באָרד, אינ דער פייענער היטל, וועלכער זיצט אפ א גרינעמ טעפּיכ און שרײַבט מיט א גאָלדענער פעדער—איז בלויז אונדזער פאָרשטעלונג וועגנ דעמ דיכטער, וויאַזוי ער וואָלט באדארפט אויסזענ.

דאָס וואָרט דארפנ זאָגנ ספּעציאַליסטנ. וואָס דארפנ זיי געבנ די לייענער פונ פּססר? פריער פונ אלצ דארפנ מיר זיכ דערוויסנ דאָס ביסל וואָרהאפטיקע, וואָס איז ביכלאַל באוווּסט וועגנ רוסטאַוועליס לעבנ און שאפנ, איבערלאָזנדיק דערווײַל אָנ א זײַט די אבסטראקטע שטרײַטנ פונ אייניקע ספּעציאַליסטנ, צומ בײַשפּיל, וועגנ דעמ, צי איז דער דיכטער געווענ א מאניכייער אָדער ניינ. דערנאָכ דארפ מענ באקומענ א מארקסיסטישע באלויכטונג פונ רוסטאַוועליס עפּאָכע, פאקטישע אָנ־גאבנ וועגנ דעמ קולטורעל־פּאָליטישנ לעבנ אינ גרוזיע אינ XII-XIII יאָרהונדערט. ווײַטער דערווארטנ מיר א טיפנ אנאליז פונ די פּאָליטישע, פילאָסאָפישע און עס־טעטישע אָנשויונגענ פונעמ גרויסנ שאָטא. ביז איצט האָבנ אונדזערע לייענער זייער אנ אומקלאָרע פאָרשטעלונג וועגנ רוסטאַוועליס פּערז, וואָס צייכנט זיכ אויס מיט זײַנ ניט איבערגעשטיגענער מײַסטערשאפט. עס איז אויכ נייטיק צו ווײַזנ אונדזערע לייענער רוסטאַוועליס ווירקונג אפ דער ווײַטערדיקער דיכטונג פונ גרוזיע. פאר דער גרוזינישער קולטור האָט דאָכ רוסטאַוועלי באטײַט און באטײַט איצט אפילע מער, ווי פּושקינ פאר דער רוסישער קולטור. אויסער דעמ איז נייטיק אויסטײַטשנ דעמ טעקסט פונ דער פּאָעמע, פאנאנדערשיפרירנ אסאכ סימוואָלנ, אלעגאָריעס, ווייניק פארשטענדלעכע ערטער. צומ בײַשפּיל, פארנ ניט־גרוזינישנ לייענער בלײַבט ניט קלאָר, וואָס איז אזוינס קאדזשי, די שרעכטע מענטשנארטיקע באשעפענישנ. אָדער פארוואָס האָט פאטמא כאטונ א באזונדער מאכט איבערנ מעכאשעפ, וועלכער פליט איבער דער לופט און גייט דורכ אומגעשטערט דורכ די פעסטונג־טויערנ. צולעצט, דערווארטנ מיר עס זאָל ענדגילטיק פעסטגעשטעלט ווערנ דער קאנאָנישער טעקסט פונ דער פּאָעמע. באזונדערס וואָלט זיכ אונדז וועלנ וואָס שנעלער דערגיינ, צי איז בארעכטיקט די אומבאשטרײַטבארע אײַנשליסונג פונ די דרײַ קאפּיטלענ וועגנ דעמ געמיינזאמנ מארש פונ טאריעלנ, אווטאנדילנ און פרידאָנענ אינ אינדיע אינעמ קאנאָנישנ טעקסט. ווי באוווּסט, זײַנענ די דאָזיקע קאפּיטלענ אינ דער וועקסטער אופלאגע פונ וואכטאנגנ—פונ 1712 יאָר אינגאנצנ ניטאָ. דער רעדאקטאָר פונ דער לעצטער גרוזינישער אויסגאבע, דער דיכטער קאָנסטאנטינ טשיטשינאדזע, רעכנט, אז די דאָזיקע קאפּיטלענ געהערנ אומבאדינגט רוסטאַוועלינ. דערפאר אָבער זײַנענ א ריי אנדערע ספּעציאַליסטנ (פּראָפ. פּאווּלע אינגאָראָקווא, דאָצ. סאָלאָמאָנ יאָר־דאנישווילי און אנד.) גענייגט אָפּצושאצנ זיי אלס ווײַטערדיקע אינטערפּאָליאציע. און פארשיידענע צוגאָבנ זײַנענ געווענ אסאכ. אינ דעמ ביז גאָר אינטערעסאנטנ

געשריבענעם טעקסט פון XVII יאָרהונדערט, וועלכן מע האָט מיר באַוויזן אין טבּיליסי, זײַנען פאַראַן אַפילע געמעלן, וואָס אילוסטרירן די בעפּירעש אַפּאָקריטישע פאָרזעצונג פון „וועפכיס־טקאַאָסאַני“, צום בײַשפּיל דעם טויט פון די אַלטגעוואָרנע טאַריעל און נעסטאַן־דאַרעדזשאַן.

איך זאָג נאָכאַמאָל, דאָס וואָרט דאַרפן זאָגן די גרוזינישע ליטעראַטור־קענער. דערווײַל האָבן מיר אין רוסיש אינטערעסאַנטע אַרטיקלען פון גראָנטי קיקאָדזע, פון פּראָפ. שאַלווא נוצובידזע, פון קאָנסטאַנטין טשיטשינאַדזע און נאָך וואָס ניט איז. דאָס איז ווייניק. עס איז שוין צײַט, אַז אויך מיר אַלע זאָלן זיך טיילן מיט אונדזערע אײַנדרוקן פונעם לייענען דעם „ריטער אין טיגער־פעל“, אויב ניט אין אָריגינאַל, איז אין די פולע איבערזעצונגען פון באַלמאָנטן, פון געאָרגי צאַגאַרעלי און פונעם פּריצײַטיק־פאַרשטאָרבענעם פּאַנטעליימאָן פּעטרענקאָ. באַזונדערע לידער פון דער פּאָעמע האָבן איבערגעזעצט ס. שאַרטי, ס. קלינשקאָוו, ס. קאַנטשעלי, א. טשאַטשיקאָוו, אָ. רומער. מע דאַרף באַגריסן אַלע זוכונגען, אַלע ערנסטע פּרוּוון כאָטש טיילווײַז איבערצוגעבן אין רוסיש די פּרעכטיקײַט פונעם אומפאַרגלײַכלעכן רוסטאַוועלישן פערז. קענטיק, אַז בײַ אונדז אין פּסר דאַרף דער בעקאַוועדיקסטער אָרט אָפּגעגעבן ווערן מיקאָלאַ באַזשאַנען, וועלכער האָט שוין פאַרענדיקט די אויסגעצייכנטע פולע איבערזעצונג פון „וועפכיס־טקאַאָסאַני“ אין אוקראַיִניש. צווישן אַנדערש, אָרגאַניש דערשפּירן רוסטאַוועליס פּערזענלעכקײַט און פּאָעזיע האָט אים געהאָלפן די רײַזע איבער די באַרימטע רוסטאַוועלי־ערטער.

מיר ווייסן, אַז „וועפכיס־טקאַאָסאַני“ ווערט איבערגעזעצט אויך אויף אַנדערע שפּראַכן פון די ברידערלעכע פעלקער. ס'איז פריידיק, וואָס אַסאַך לייענער זײַנען מיטאַמאָל מיטגעריסן געוואָרן פון דער אומשטערבלעכער פּאָעמע, מיט וועלכער עס שטאָלצירט ניט אומזיסט גאַנץ גרוזיע. עס באַמערקט זיך אַ טיפער און ערנסטער אינטערעס צום שעפער פונעם „ריטער אין טיגער־פעל“. דאָס אַלץ זאָגט ווידער אײדעס וועגן דעם, אַז אויפן גרונט פון דער לעניניש־סטאַלינישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי האָט זיך בײַ אונדז פאַרפעסטיקט די ניט געזעענע פרײַנטשאַפט פון די פעלקער פון פּסר. אין אַזוינע באַדינגונגען ווערן די אָנקומענדיקע רוסטאַוועלישע יובּיליי־פײַערונגען ניט נאָר אַ גרויסע ליטעראַרישע געשעעניש פון דער גרוזינישער אָרדנטרעגערישער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק, נאָר אויך אַן אַלגעמיין־פאַרבאַנדישער קולטור־יאָנטעוו.

II

אַסאַך לייענער אונדזערע זײַנען אַנטציקט פון רוסטאַוועליס געני. אַפילע לויט די ווײַט ניט קאָנגעניאַלע איבערזעצונגען האָבן זיי דערקענט די פולווערטיקײַט און וווּנדערלעכע פילאַרטיקײַט פונעם אינהאַלט פון זײַן פּאָעמע. עס איבעראַשט זיי די אומגעוויינלעכקײַט פון די מענטשלעכע כאַראַקטערן, באַגעגענישן און געשעענישן, דער אײדלסטער ליריזם און עפּישע קראַפט, די טיפקײַט פון געדאַנק, די קלײנגעוודיקײַט פון פערז, די בוילעטקײַט פון די געשטאַלטן און מעטאַפאָרן. זיי קענען ניט ניט שעצן די באַזונדערע פאַריניקונג פון האַרבער און פּאַשעטער הע־

ראַיִק, פון הויכמוטיקע געשטאַלטן מיט דער ווּנדערבארער לעגענדארישקײַט און
מיט די ראפינירטסטע, איידלסטע געשטאַלטן פון פרויען-שיינקײַט.

צי איז אנטליִען געוואָרן דער סיוזשעט פון דער פּאָעמע? דער אווטאָר אירער
אליין דערקלערט אינעם אריַינפיר, אז ער האָט אויסגענוצט עפּעס א ווערק פון
דער איראנער ליטעראטור: „א פערסישע מײַסע, אירע רעמאָזים האָב איך אריַינ-
געבאָסן אין די גרוזינישע שורעס". אָבער צו אונדז איז ניט דערגאנגען קיין איין
איראנער טעקסט, וואָס זאָל דערמאָנען פיל־ווייניק דיַיטלעך „וועפּכיס־טקאאָסאני". אלע
זוכונגען פון די ספּעציַאליסטן זײַנען געווען אומזיסט.

וועלכע טעמע גייט דורך איבער דער גאנצער פּאָעמע, קלינגט אין איר, ווי
א לייטמאָטיוו פון א גרויסער סימפאָניע? די טעמע פון געטרײַהײַט, פון פולער
אומגעוואקלטער פריַינטשאפט צווישן די העלדן און פון גרויסער ליבע. דער יונ־
גער און שיינער אראבישער מיליטער־עלטסטער אווטאנדיל, וועלכער האָט פאַרגע־
לייגט זײַן פריַינטשאפט דעם נאָך מער פּײַנעם אינדישן ריטער טאריעלן, בלײַבט
אים געטרײַ אין אלע לעבנס־שווערינקײַטן. דאָס זעלבע קען מען זאָגן וועגן די
צווישן־באציִונגען פונעם העלדנמוטיקן הערשער פון מולגאזאנזארי, דעם קייסער
פרידאָן, מיט טאריעלן און אווטאנדילן. אווטאנדילס וואסאל שערמאדין איז אים
שטענדיק געטרײַ, אינדערצײַט, ווען יענער איז געצוווּנגען צו פארשווינדן פון זײַן
היימלאנד אף דרײַ יאָר. ווען טאריעל און די שענסטע אינדישע פרינצעסן נעסטאנ־
דארעדזשאן האָבן ליב געקראָגן איינע די אנדערע, דרינגט דורך די דאָזיקע פול־
ווערטיקע ליבע זייער גאנצן וועזן; זי ווערט ניט אָפּגעשוואכט, ניט געקוקט אף
דער דויערנדיקער פארצווייפלונג, אומבאוווּסטקײַט און אף גאנצן צאר פון דער
צעשיידונג. די ליבע פון דער יונגער אראבישער קייסערינע טינאטין בלײַבט אויך
אומגעוואקלט. די ווּנדערבאר כיינעוודיקע געשטאַלט פון אסמאט, נעסטאנס כאווערטע־
דינערן, ווײַזט אונדז אויס עפּעס ווי ניט צעעפנט ביז סאָף אין דער פּאָעמע. עפּ־
שער איז אסמאט פארבאָרגענערהייט פארליבט אין טאריעלן; אָבער דעם גאנצן יאָר־
צענדליק, וואָס טאריעל האָט פארבראכט אין צאר און אין אומזיסטער זוכעניש
נאָך זײַן געליבטער, איז זי געווען דעם העלד א געטרײַע טרייסטערן און שוועס־
טער.

אינעם בריטן אריַינפיר צו דער פּאָעמע און אין דער דיכטערישער דערציילונג
גופע וויקלט פאנאנדער רוסטאוועלי זײַנע פאָרשטעלונגען וועגן ליבע. ער רעדט
אומדערמידלעך וועגן דער אומגעווינלעכקײַט פון מענטשלעכן געפיל, וועגן דער
אומויסשעפּלעכקייט פון דער גרויסער און הויכער ליבע, וואָס איז א קוואל פון שײַן.
„ליבע דערהויבט", זי באצייכנט מיט זיך א באזונדערע קלוגשאפט און באגײַסטע־
רונג. יענער, וואָס האָט בעמעס ליב אָדער איז פארליבט, געהערט, לויט דער מיי־
נונג פון דיכטער, צו די „באשײַנטע מענטשן".

אין די פאָלקס־לעגענדעס פון גרוזיע ווערט שאָטא רוסטאוועלי געווײנלעך גע־
שילדערט, ווי א האָפענונגלאָז־פארליבטער אין דער קייסערינע טאמאר. קלוימערשט,
אז צוליב דעם איז ער אפילע אוועק אין איינעם פון די מאָנאסטירן אין ירושאָלאַיִם.

דער באוווּסטער גרוזינישער היסטאָריאָגראף, פלאטאָן יאָסעליאני, האָט אין זײַן
ארבעט וועגן רוסטאוועלי געשריבן אין 1870 י.: „טימאָפיי, דער גרוזינישער מיטראָ־

פאָליט, האָט אין XVII יאָרהונדערט געזען אין ירושאָלאַיִם אין דער קירך פון רויטן קרייץ, וואָס עס האָבן געבויט די גרוזינישע קייסאָרים, אי זײַן קייווער, אי דעם פאָרטרעט זײַנעם אפ דער וואנט פון טעמפל אין דער האָר־העמד פון א נאָזיר [1].

ווער ווייס, צי איז ריכטיק די פארצײַטיקע לעגענדע? צי האָט דאָ ניט אָנגע־פלאָנטערט דער מיטראָפאָליט טימאָפיי? אָבער אינעם ארײַנפיר צו דער פאָעמע איז פאראן אזא אָרט:

יענער, וואָס איר שטים איז—דער קלאנג פון א פײַפל—פאָדעם
צוניפדרייענדיק פון פלאקס,
א ליד פארפאסט האָב איך, רוסטאוועלי, שטארבנדיק פון ליבע.
מײַן קרענק—איז ניט אויסצוהיילן. עפשער וועט פון דער געליבטער
א שײַן א העלער קומען,—ווען ניט, איז רופ צו זיך דעם טויט.

ווײַטער באהויפטעט רוסטאוועלי ווידער און ווידעראמאָל, אז דער, וואָס האָט ליב, דארף זײַן אײַנגעשפארט, גרייט צו צאר און לײַדן, קעדיי אלץ בײַקומען:

ווער עס איז אײַנגעשפארט אין זײַן געפיל, יענער וועט בלײַבן פעסט
ניט געענדערט, ניט גענארט, וועט ער דעם יאָך פון דער צעשיידונג
אָנעמען.
יענער, וואָס האָט געוווסט נאָר די זיסקײַט פונעם קוק, נאָר
צערטלעכקײַטן, יענער האָט ניט ליב.

פאָרטרעטיזירנדיק און כאראקטעריזירנדיק זײַנע גרונט־העלדן און העלדנס, אי־בערגעבנדיק זייערע געדאנקען און באשרײַבנדיק זייערע האנדלונגען, באווײַזט אונדז רוסטאוועלי פארשיידענע געשטאלטן פון ליבע. טינאטין איז פול מיט שטענ־דיק־פײַנער און קלוגער פרויען־צארטקײַט. די ליבע צווישן איר און אווטאנדילן איז א וווּנדערלעכ רויִקע און קלאָרע.ביידע האָבן אלץ געזאָגט איינע די צווייטע, אלץ איז גליקלעך פאָרויסבאשטימט, קיין זאך טיילט זיי ניט פאנאנדער און פײַניקט זיי ניט. אויב עס איז זיי אין נאָמען פון דער גרויסער פרײַנטשאפט באשערט גע־וואָרן צעשיידן זיך, זײַנען זיי גרייט געדולדיק צו ווארטן ביז דער פאראייניקונג. די ליבע פון נעסטאן־דארעדזשאן און טאריעלן איז גאָר אן אנדערע: א העכסט אָנגעשטרענגטע, אן עקסטאטישע. זיי ביידע זײַנען די טיפּישסטע „מידזשנורײַ"— באזיגטע פון ליבע. זייער ליבע, וואָס איז פול מיט ביטערקײַט, אומבאוווּסטקײַט און אומרו, ווערט באגלייט מיט אומגעוויינלעכע געשעענישן. בא איר גאנצן ווונ־דערלעכן פרויען־כיין, ווײַזט ארויס צײַטנווײַז נעסטאן א באזונדער מוטיקײַט, גע־וואגטקײַט, דרייסטקײַט; איז זי אינקאעס, ווערט זי ענלעך אפ א צערייצטער פאנ־טערע, אָדער אפ א טיגערן. בלויז ווענדנדיק זייער אופמערקזאמקײַט אפ די דאָזיקע אייגנשאפטן נעסטאנס, קענען די לייענער פארשטיין וואָ געהעריק דעם נאָמען פון

[1] פ. יאָסעליאני. שאָטא רוסטאוועלי, ז. 6. א באזונדער אָפּצוג, איבערגעדרוקט פון דער צײַטונג „קאווקאז", איבערגעגעבן האָט עס מיר דער דאָצענט ס. ג. יאָרדאנישווילי.

רוסטאַוועליס פּאָעמע און די געשטאַלט פונעם גרונט־העלד. צו וואָס טראָגט טאַריעל אַף זיך די גאַנצע צײַט אַ טיגער־פעל?—טאַקע דערפאַר, ווײַל זי דערמאָנט אים אָן זײַן געליבטער, וואָס ווערט ווילד און צערײַצט אין איר צאָרן.

גאָר מיט אַנדערע שטריכן, ווי טינאַטין און נעסטאַן, ווערט געשילדערט פּאַטמאַ כאַטון, די פרוי פונעם סוחר אוסען פון דער יאַם־שטאָט גוליאַנשאַראָ. זי לעבט לײַכטזיניק און „פרײַ", פאַרליבט זיך אָפט, האָט געליבטע און זאָרגט זיך ניט וועגן איר מאָראַלישער הייך. רוסטאַוועלי שטרײַכט אונטער, אַז דער וועג, וועלכן זי האָט אויסגעקליבן, ברענגט אין לעצטן סך־הכל אומאָנגענעמלעכקײַטן, צאַר, לײַדן.

וועגן וואָס רעדט דאָ דער קלוגער דיכטערישער געני פון גרוזיע, וואָס איז אָפּגעטײלט פון אונדז מיט זיבן יאָרהונדערטער? וועגן אַ פּאָשעטן און גרויסן עמעס, וועגן דעם, אַז דער מענטש דערווערבט פאַר זיך פרײד, פרײלעכקײַט און עמעסן גליק בלויז אין קאָנסעקווענטן קאַמף, זײַענדיק געטרײַ און באַשטענדיק אין ליבע, פרײַנטשאַפט און אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקײַט. רוסטאַוועלי רימט אומדער־מידלעך דעם העראָיזם, מוטיקײַט און אײַנגעשפּאַרטקײַט אינעם מענטשן. זײַן גאַנצע פּאָעמע, ניט געקוקט אַף דער לעגענדאַרישקײַט און אַפילע פאַנטאַסטישקײַט, וואָס איז איר אײגנטימלעך, איז טיף רעאַליסטיש, איבערגעפולט מיט אַ קאָלאָסאַלער לעבנסלוסטיקײַט און זיכערקײַט אינעם טריומף פון די קלוגע קרעפטן פונעם מענטשן. דעריבער באַקומט זי אין אונדזער העראָישער עפּאָכע, אין אונדזער גרויסן סאָוועטנלאַנד אַ באַזונדער רעזאָנאַנס.

און דאָ גייען מיר צו נאָענט צו דער פראַגע וועגן דעם הומאַניזם פון שאָטאַ רוסטאַוועלי. ניט אומזיסט האָט זיך ניט איין מאָל געבעטן צו פאַרגלײַכן זײַן פּאָעמע מיטן שאַפן פון די גרויסע איטאַליענישע דיכטער און דענקער, באַזונדערס מיט דאַנטע און פּעטראַרקאַ. רוסטאַוועלי איז געווען, ווי דער אָנזאָגער פון דער מעכטיקער הומאַניסטישער באַוועגונג, וואָס האָט אײַנגעכאַפּט די מערהײַט לענדער פון מײַרעוו־אײראָפּע און טײלווײַז אויך די לענדער פון נאָענטן מיזרעך. ער איז שטענדיק געווען אַנטציקט פונעם מענטשלעכן סייכל און האָט ניט געזען קיין גרענעצן פאַר די מעגלעכקײַטן פון אַן אויפגעקלערטן מענטשן. ער האָט פאַרטיידיקט די פרײַהײַט פון די אינדיווידועלע שטרעבונגען. אָפּוואַרפנדיק די אַרכאַישע פאָרשטעלונגען, האָט ער דעקלאַרירט די גלײַכבאַרעכטיקונג פון די געשלעכטן, די גלײַכהײַט צווישן דער פרוי און דעם מאַנצביל. ער האָט ניט נאָר געריימט די ליבע, ער האָט אין דער פּאָעמע אַרויסגעוויזן אַ קאָלאָסאַלע ליבע צו מענטשן.

דעם דיכטערס הומאַניסטישע אידייען ווײַזן זיך אַרויס אַפילע אין די אָנווײַזונגען, וועלכע דער אַראַבישער קייסער ראָסטעוואַן גיט זײַן טאָכטער טינאַטין. מיט זײַן מויל רופט דער אווסאָר צו גנאָד, ער רעדט וועגן דער נייטיקײַט צו זײַן גוט צו די קלײנע, ער אײַצעט „אָנבויגן זיך צו די מידע", ער רעדט וועגן דער „גוטער פלײַסיקײַט" און ברײַטער האַנט, וואָס באַזיגט די הערצער: „וואָס דו האָסט באַהאַלטן—איז פאַרלאָרן. וואָס דו האָסט אָפּגעגעבן—איז דײַנס" (ערשטע ליד). לויט רוסטאַוועליס ווילן באַגייט זיך דער אינדישער קייסער פאַרסאַדאַן, דער פאָטער פון נעסטאַן־דאַרעדזשאַן, מיטן באַזיגטן כאַטאַווישן הערשער גנעדיק און ווײַזט אַפילע

ארויס מיטלײַד צו אים. און טאריִעל דערקלערט: „ווען די העלדישקײַט איז ניט בײַז, איז אין דעם א העכערע העלדנמוט פאראן" (11־טע ליד).

מע דארף אָבער זאָגן דערבײַ: באשרײַבנדיק די העלדנמוט, אָרנטלעכקײַט און אין אלגעמיין די מאָראלישע שײנקײַט פון זײַנע העלדן, פאלט צומאָל ארײַן רוסטאוועלי אין בוילעטע ווידערשפרוכן. צוגלײַך מיט אנטפּלעקונגען פון הומאניסטישער ווייכקײַט, זעען מיר אין דער פּאָעמע שטריכן פון אומגעוויינלעכער אכזאָריעס. אין די געשטאלטן פון טאריִעלן און אווטאנדילן פילט זיך עפּעס א מין צווייענדיקײַט. ביידע העלדן זײַנען זייער פילבארע, זיי זײַנען אפילע סענטימענטאל און שטענדיק פארגיסן זיי גאנצע שטראָמען טרערן. צוזאמען מיט דעם, דערמאָרדעט טאריִעל, לאנג ניט טראכטנדיק, דורך א פּלוצלינגדיקן פארעטערישן קלאפּ דעם ניט באוואָפנטן כוואראזמער פרינץ, כאָטש יענער איז געווען שולדיק בלויז אין דעם, וואָס דער קייסער פארסאדאן האָט באשלאָסן מאכן אים פאר נעסטאנדארעדזשאנס מאן. ווײַטער פרוווט זיך טאריִעל (ס'איז אפילע ניט פארשטענדלעך פארוואָס) אָפּצונארן און פארזיכערן פארסאדאנען, אז ער דארף ניט דעם קייסערס טאָכטער און אז זײַנע פרעטענזיעס טראָגן בלויז א ריין פּאָליטישן כאראקטער. וואָס אנבאלאנגט אווטאנדילן, איז, וועלנדיק ראטעווען פון א צאָרע פאטמאַ כאטון, דערמאָרדעט ער איר געליבטן, דעם אכזער, שאכ־נאגירן, אָבער ווידעראמאָל ניט אין ערלעכן שלאכט, נאָר באנאכט אפּן געלעגער. דערנאָך שנײַדט אראָפּ אווטאנדיל גאנץ רויִק באַם געהארגעטן דעם פינגער מיטן פינגערל, קעדיי פאטמא זאָל זיך קענען גלײַך איבערצײַגן, אז די געפאר, וואָס האָט איר געדראָט, איז באזײַטיקט.

רוסטאוועלי האָט ווי באַרעכטיקט די כיטרעקײַט און אכזאָריעס פון די בעסטע מענטשן פון זײַן פּאָעמע: דאָס רעדט וועגן דעם, אז בא זײַן גאנצער הומאניסטישער אופגעקלערטקײַט און הויכע מאָראלישע פּאָדערונגען האָט ער פונדעסטוועגן געהאלטן פאר דערלאָזבאר און קלוג די ניט־גלײַכע וועגן. דאָ האָט דער דיכטער אָפּגעגעבן צינש זײַן צײַט. אָבער די אָנגעוויזענע ווידערשפרוכן צעשטערן ניט דעם גרונטיקן הומאניסטישן כאראקטער פון רוסטאוועליס פּאָעמע. פאר די לייענער איז ניט שווער צו איבערצײַגן זיך, אז אין איר איז ניטאָ קיין שום קלעריקאליזם. עס ווארפט זיך אין די אויגן יענע טאָלעראנץ, מיט וועלכער דער ערשטער גרוזינישער הומאניסט רוסטאוועלי רעדט וועגן די מוסולמענער. ס'איז אָן שום צווייפל, אז דער אווטאָר פונעם „ריטער אין טיגער־פעל" האָט ניט געהאט קיין שום אלגעמיינעס מיטן דאָגמאטישן און פינצטערן קריסטלעכן ארט דענקען, מיט דער אבסטראקטער און טרוקענער מאָנאסטירישער סכאָלאסטיק. די שעפערישע אופמערקזאמקײַט פונעם גרויסן דיכטער פון גרוזיע איז געווענדעט געווען צום רעאלן מענטשלעכן לעבן און ניט צו וואָסערע ניט איז טעמעס וועגן דער יענוועלטיקער עקזיסטענץ, וועגן „שרעקלעכן געריכט", וועגן „גענעם" און „גאניידן". אין די פארשיידנארטיקסטע קינסטלערישע געשטאלטן האָט רוסטאוועלי באוויזן, אז די ארענע פון דעם מענטשנס טעטיקײַט איז די ערד און נאָר די ערד. מיט וווּנדערלעכער פולבלוטיקײַט און שעפערישן געזונט אָטעמט פון די שפּאלטן פון „וועפכיס־טקאאָסאני".

אין מיטלאלטער איז אזא וועלטלעכקײַט געווען זייער א זעלטענע דערשײַנונג. דעריבער איז קיין וווּנדער ניט, וואָס דאָס גלענצנדיקע ווערק פון שאָטא רוסטא־

11. „שטערן" נומ. 11־10

וועלי איז באגעגנט געוואָרנ דורכ די גרוזינישע גײַסטלעכע פײַנטלעכ, אלס אנ „אפיקאָרסיש" בוכ. ווי באוווּסט, איז דער גרעסטער טייל פונ דער ערשטער געדרוקטער גרוזינישער אויסגאבע פונ 1712 יאָר עפנטלעכ פארברענט געוואָרנ לויטנ דעקרעט פונ קאטאָליקאָס פונ גרוזיע אנטאָני דעם ערשטנ. לייענענ די פּאָעמע האָט ער פארווערט. פ. יאָסעליאני, וועלכער איז אליינ געווענ א גאָטספאָרכטיקער קריסט, האָט געשריבנ וועגנ דעם: „דאָס פאָלק האָט געזוכט אינ אים (ד. ה. אינ רוסטאַוועלינ.—וו. ג.) האָניק אונ האָט געפונענ סאם. דער קאטאָליקאָס, וועלכנ מענטשנ האלטנ ניט אונטער אונ ניט אָנ א גרונט, האָט געהאט געוויסע רעכט, וועלנדיק צוציִענ דאָס פאָלק ניט צומ לייענענ די פארווײַלנדיקע סטראָפעס פונ דיכטער, ניט נאָכ דער צײַט נאָכ, נאָר קאָנצענטרירנ די אויפמערקזאמקײַט אפ דעם, וואָס עס זאָגנ אָנ די ווערטער פונעם גלויבנ אינ קריסטוסנ"[1].

ס'איז אינטערעסאנט, אז אָט דער קאטאָליקאָס אנטאָני אליינ איז געווענ א דיכטער.

ס'איז פארבליבנ א לעגענדע, אז דער קאטאָליקאָס יאָהאנ האָט נאָכ באמ לעבנ פונ דער קייסערינע כאמאר „דערוועקט א רעדיפע" אפנ גרויסנ דיכטער[2].

III

אינ דער פאָלקס־לעגענדע ווערט שאָטא רוסטאַוועלי געהאלטנ פאר א נאָענטנ מענטשנ פונ דער קייסערינע טאמאר. ער איז קלוימערשט געווענ ניט נאָר א הויפדיכטער, נאָר אויכ דער שאצ־היטער בא דער קייסערינע[3]. טאמאר האָט קלוימערשט לעקאָוועד רוסטאַוועלי אײַנגעאָרדנט א גראנדיִעזנ טורניר אפנ דידוביִער פליינ, ווענ ער האָט פארענדיקט „וועפכיס־טקאאָסאני". זי האָט קלוימערשט באקרוינט דעם דיכטער מיט א גאָלדענעמ קרוינ, האָט אימ באשאָטנ מיט אוצרעס.

ס'איז א פראגע, צי אנטשפרעכט עס דער ווירקלעכקײַט. אסאכ גרוזינישע ספעציאליסטנ זײַנענ גענויגט צו טראכטנ, אז די מיטצײַטלער האָבנ ניט געהאלטנ רוסטאַוועלינ פאר א בארימטנ מענטשנ. אנדערש וואָלטנ כאָטש וואָסערע ניט איז היסטאָרישע יעדיִעס וועגנ אימ דערגאנגענ צו אונדז. „דער רומ פונ א גרויסנ דיכטער איז צו אימ געקומענ, קענ זײַנ, שפעטער, אינ צענדליקער יאָרנ ארומ נאָכ זײַנ טויט",—שרײַבט קאָנסטאנטינ טשיטשינאדזע[4].

---

1) פ. יאָסעליאני, דאָרטנ, זײַט 27-28.

2) א. כאכאנאָוו. בעס פונ בראקהאוז־עפראָנ. באנד 33.

3) פ. יאָסעליאני שרײַבט: „וועגנ שאָטא רוסטאַוועלי איז בלויז באוווּסט, אז ער האָט זיכ געלערנט אינ אטענ, האָט געקענט די פערסישע שפראכ אונ איז געווענ דער שאצ־היטער בא דער קייסערינע טאמאר" (דאָרטנ זײַט 5). פראָפ. א. כאכאנאָוו (כאכאנאשווילי) ווײַזט אויכ אָנ, אז דער דיכטער איז געווענ דער שאצ־היטער בא דער דאָזיקער קייסערינע אונ גיט צו אָנ קיינע דערקלערונגענ: „מיר האָבנ זײַנ אונטערשריפט אפ אײַנעמ אנ אקט פונ 1190 יאָר" (זע, בעס פונ בראקהאוז־עפראָנ, באנד 33 אונ אויכ זײַנע „עטיודנ איבער דער געשיכטע פונ דער גרוזינישער ליטעראטור". צווייטע אויפלאגע. מ. 1897 יאָר, אויסגאבע פונ דער געזעלשאפט פאר געשיכטע אונ רוסלענדישע אלטערטימלעכקײַטנ).

4) „שאָטא רוסטאַוועלי" „ליטעראטורנאיא גאזעטא" 1936 יאָר, נומ. 2.

מיר וועלן זיך אומזיסט ניט פארנעמען מיט טרעפן די דעטאלן פונעם לעבן פון גרויסן דיכטער. מיר וועלן זיך באמיִען ארײַנלייענען זיך אין דעם טעקסט פון רוסטאוועליס פּאָעמע, קעדיי צו שאפן פאר זיך א פאָרשטעלונג וועגן דעם אווטאָרס פּאָליטישע אָנשויונגען.

שילדערנדיק דעם אראבישן קייסער ראָסטעוואן מיט זײַן גלאנצפולן הויף, אָדער דעם אינדישן קייסער פארסאדאן, אָדער דעם מולגאזאנזארישן קייסער פרידאָן, רופט זיך אָפּ שאָטא רוסטאוועלי אומעטום מיט ערנפורכט וועגן דעם קייסערס מאכט. דער דיכטער רימט די קלוגשאפט, גערעכטיקײַט און גרויסקײַט פון די געזעצלעכע הערשער. לויט זײַן מיינונג מוז יעדער באפעל פון קייסער אָן דערווידערונגען אויסגעפילט ווערן. צוגלײַך מיט די אידייען פון געזעצלעכקײַט און אבסאָליוטיזם פירט ער דורך אומבאדינגט אין דער פּאָעמע די אידייע פון צענטראליזם. די מעלוכע דארף זײַן א גאנצע, אן איינהײַטלעכע. די באזונדערע פעאָדאלן, הערשער פון פּראָווינצן און פון קליינע „קעניגרײַכן”, וואָס גייען ארײַן אין באשטאנד פון דער גרויסער מעלוכע, דארפן זיך אונטערווארפן דער צענטראלער מאכט. אין דער פינפטער ליד דערציילט טאריִעל אווטאנדילן, וויִאזוי זײַן פאָטער, דער קייסער סארידאן, דער הערשער פון איינער פון די זיבן אינדישע קעניגרײַכן, האָט פרײַוויליק אנערקענט די העכסטע מאכט פון קייסער פארסאדאן און האָט זיך אים אונטערגעוואָרפן. באשרײַבנדיק די פּאָליטישע פאראייניקונג פון דער אינדישער מעלוכע, מערקט אָפּ רוסטאוועלי, ווי א פאקט זייער א וויכטיקן, א פּאָזיטיוון און א קלוגן, דעם טאט פונעם פאָטער פון זײַן באליבטן העלד. ווײַטער ווערט אין די לידער VII, IX, X און XI גערעדט וועגן דעם קאמף פון דער צענטראלער רעגירונג פון אינדיע קעגן דעם ניטגעהאָרכזאמען הערשער פון כאטאיע דעם קייסער ראמאז, וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט אונטערצוּווארפן זיך פארסאדאנען און צאָלן אים צינש. ס'איז העכסט כאראקטעריסטיש, אז אין א ריי דערשיטערנדיקע עפּיזאָדן ווערט באשריבן צורערשט ראמאזס פאלשקײַט און דערנאָך דער פולשטענדיקער זיג, וועלכן עס האָט אָפּגעהאלטן איבער אים טאריִעל. און אין די לעצטע דרײַ לידער פונעם „ריטער אין טיגער־פעל” (וואָס זײַנען ניט ארײַן אין וואכטאנגס רעדאקציע) געפינען מיר ווידער באשרײַבונגען פון די פעאָדאלע רײַסערײַען אין אינדיע[1]. דער זעלבער ראמאז, באנוצנדיק זיך מיט דער אָפּוועזנהײַט פון טאריִעלן און מיטן טויט פון פארסאדאנען, רופט ארויס אומרוען אין לאנד און אוזורפּירט דעם אינדישן טראָן. אָבער דער צוריק־געקומענער טאריִעל האלט אָפּ אָן א באזונדערער מי א זיג איבער ראמאזן און שטעלט אויף די געזעצלעכע רעגירונג.

לאָמיר ווענדן די אויפמערקזאמקײַט נאָך אָפּ אָט וואָס: כאָטש אווטאנדיל האָט אויווער געוועזן דעם ווילן פון זײַן הערשער ראָסטעוואן, אוועקגייענדיק באהאלטענערהייט א צווייטן מאָל צו טאריִעלן, פונדעסטוועגן שטרײַכט ער אונטער ניט איינמאָל זײַנע טרײַ־אונטערטאנישע געפילן. אין ליד XLV דערקלערט אווטאנדיל באזונדערס

[1]) מע דארף דיסקאָנטירן, אז מיסטאָמע האָט רוסטאוועלי ניט געשטרעבט צו געבן א פולקאָם רעאלע און ריכטיקע באשרײַבונג פון פארשיידענע לענדער. אסאך איז אין דער פּאָעמע גיכער א קינסטלערישע אויסטראכטעניש, פאנטאסטישע געשטאלטן.

קלאָר וועגן דער ניטדערלאָזבאַרקײַט אַרויסצורופֿן אַ רײַסערײַ מיטן קייסער. „איך, אַ דינער, קען ניט אָפּן האַר אופֿהויבן קיין שווערד“.

פֿאַנאַנדערקלײַבנדיק זיך אין די דאָזיקע פֿילזאַליקע באַשרײַבונגען, קענען מיר פֿאָרמולירן די גרונטלעכע פּאָליטישע אידייען, וועלכע עס פֿירט דורך אַקשאָנעסדיק דער אַוטאָר:

1) באַזונדערע הערשער דאַרפֿן זיך פֿאַרייניקן אַרום דער העכסטער צענטראַלער מאַכט; 2) אויב ווער ניט איז פֿון די גרויסע פֿעאָדאַלן זאָגט זיך אָפּ אונטערצוואַרפֿן זיך דעם הויפּט פֿון דער גאַנצער מעלוכע, מוז ער אונטערטעניקט ווערן זאָל זײַן אַפֿילע מיט דער קראַפֿט פֿון געווער.

אַזאַ אויספֿיר, געמאַכט אויפֿן גרונט פֿון אַנאַליזירן דעם טעקסט גופֿע פֿון דער פּאָעמע, באַקומט אַ באַזונדער זין, ווען מיר וועלן אַפֿילע מיטן סאַמן אײַליקן בליק אַרומכאַפּן די גרוזינישע סאָציאַל־פּאָליטישע ווירקלעכקײַט פֿון XII-XI יאָרהונדערטער. אָנהויבנדיק פֿון דאַוויד דעם באַנײַער (1089-1125), וועלכער האָט זיך פֿאַרנומען מיט דער פּאָליטישער פֿאַרייניקונג פֿון דער צעבראָקלטער גרוזיע, זײַנען דאָך אַלע גרוזינישע קייסאָרים געווען געצוווּנגען אַקשאָנעסדיק צו קעמפֿן קעגן די גרויסע פֿעאָדאַלן. פּונקט אַזוי ווי דער קייסער ראַמאַז פֿון „וועפּכיס־טקאַאָסאַני“, האָבן יענע אָפֿט ניט געוואָלט אָנערקענען די העכסטע מאַכט פֿון גרוזינישן קייסער. סײַ דעם פֿאָטער פֿון דער קייסערינע מאַמאַר געאָרגי דעם דריטן, סײַ טאַמאַר גופֿע איז ניט איינמאָל אויסגעקומען צו דערשטיקן די פֿעאָדאַלע רײַסערײַען, דערלאָזנדיק אָפֿטמאָל האַנאָכעס די אָדער יענע פֿעאָדאַלן. אויף אַזאַ אופֿן האָט שאָטאַ רוסטאַוועלי, קאָנסעקווענט דורכפֿירנדיק די קאָנצעפּציע פֿון אַן אומבאַגרענעצטער און צענטראַליזירטער מאַכט, פּאַקטיש צוגעגעבן זײַן פּאָעמע אַ באַזונדערן פּאָליטיש־אַקטועלן זין.

דער קאַמף פֿון די גרוזינישע קייסאָרים פֿאַר דער פֿולקײַט און צענטראַליזאַציע פֿון דער מאַכט קעגן דעם ניט געצוימטן ווילקיר פֿון די גרויסע פֿעאָדאַלן, דער קאַמף, צו וועלכן עס האָט זיך פֿאַרייניקט רוסטאַוועלי, איז געווען אָן שום צווייפֿל פּראָגרעסיוו, ווײַל די אַלטע אײַנגעשלאָסענע פֿעאָדאַלע סיסטעם, ווי עס האָט פּרעוואַלירט די נאַטורעלע ווירטשאַפֿט, האָט טאָרמאָזירט די נאָרמאַלע סאָציאַל־עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פֿון גרוזיע, האָט געשטערט דעם אויפֿבלי פֿון האַנדל, פֿון די שטאָטישע האַנטווערקערײַען א. א. וו.

מע דאַרף, אַגעוו, ווענדן די אויפֿמערקזאַמקײַט פֿון אונדזערע לייענער נאָך אויף איין אומשטאַנד. אין דער ערשטער ליד פֿונעם „ריטער אין טיגער־פֿעל“ באַשרײַבט דערטאַל דער דיכטער, וויאַזוי ראָסטעוואַן, פֿילנדיק, אַז עס דערנעענטערט זיך די עלטער, גיט איבער זײַן טראָן דער איינציקער טאָכטער טינאַטין. די הויפֿ־לײַט מערקן אָפּ די קלוגשאַפֿט פֿונעם קייסערס באַשלוס און דערקלערן: אין גרויסקײַט איז צום לייב גלײַך דאָס לייבעלע, צי איז עס אַ „זי“ אָדער אַן „ער“ (איבערזעצונג פֿון ג. צאַגאַרעלי). ד. ה., אַנדעריש גערעדט, די הויפֿלײַט אָנערקענען די פֿולשטענדיקע געזעצלעכקײַט פֿון דעם, וואָס די קייזערלעכע מאַכט גייט אַריבער ניט נאָר צום קייסערס זון, נאָר אויך צום קייסערס טאָכטער.

באַלמאָנס, ווײַזט אויס, ניט אויסקלאָרנדיק פֿאַר זיך דעם זין פֿון דער דאָזיקער ביז גאָר וועזנטלעכער שורע, האָט ער זי איבערגעזעצט בעקמעס קוריאָזפֿול: „שוין

אַז אין הייל זײַנען לייבעלעך—זײַנען די לייביכע, דער לייב אינגאַנצן גלײַך". אַף אַזאַ אופן האָט ער ניט נאָר צוגעטראַכט עפּעס אַ „הייל", נאָר האָט אינגאַנצן פאַרקריפּלט דעם זין פון טעקסט. און דאָ געפינען מיר גראָד אַ באַזונדערע פּאָליטישע אַקטועלקײַט: דאָס, וואָס געאָרגי דער 3־טער איז געשטאָרבן, ניט איבערלאָזנדיק נאָך זיך קיין זון, און דאָס, וואָס זײַן טאָכטער טאַמאַר איז אויסגעקומען צו פאַרנעמען דעם גרוזינישן טראָן, איז דאָך ניט דורכגעגאַנגען אָן פּאָליטישע אינטריגעס און קאָמפּליקאַציעס [1]. קענטיק, אַז נעמענדיק אין אַכט די קאָמפּליצירטקײַט פון דער דאָזיקער פּראָבע, האָט געאָרגי דער 3־טער נאָך מיט פינף יאָר פאַרן טויט, אין 1179 יאָר אַרופגעפירט אַפן טראָן זײַן טאָכטער, פּונקט אַזוי, ווי ראָסטעוואַן האָט פאַר זײַן לעבן געמאַכט פאַר אַ קייסערינע טינאַטין. ס'איז אָנשום צווייפל, אַז ריידנדיק וועגן דעם, אַז טינאַטין איז געוואָרן קייסערינע און אַז אַ פרוי אַ קייסערינע איז ניט ערגער פון אַ מאַנצביל אַ קייסער, אַנערקענט רוסטאַוועלי פולשטענדיק פאַר דער קייסערינע טאַמאַר דאָס רעכט צו יאַרשענען דעם טראָן.

לאָמיר גיין ווײַטער. אַנערקענענדיק די אַבסאָליוטע קייזערלעכע מאַכט, רימט שאָטאַ רוסטאַוועלי אין פיל שורעס די גוטסקײַט פון די קייסאָרים, זייער וועלטלעכקײַט און הומאַנישקײַט, די „פּאָטערלעכע" ווייכקײַט באַם באַגיין זיך מיט די אונטערטאַנער, דאָס ניט וועלן אָנווענדן קײַן האַרבע מאָסמיטלען. צוגלײַך מיט דעם ווערט געריטט זייער דינער געשמאַק, די ליבע צו ראַפינירטע פאַרגעניגנס, צו ליעדער, צו קונסט־ווערק. דעריבער קאָן מען דעם דיכטער באַשטימען אַלס אָנהענגער פון אויפגעקלערטן אַבסאָליוטיזם.

IV

דער גאַנצער טעקסט פון דער פּאָעמע זאָגט אײדעס וועגן דעם, אַז שאָטאַ רוסטאַוועלי איז געשטאַנען אַף דער העכסטער קולטור־שטופע פון זײַן צײַט. און די צײַט, ווען עס האָט געלעבט דער שעפער פון „וועפּכיס־טקאַאָסאַני" איז געווען די „גאָלדענע צײַט" פון דער גרוזינישער מאָנאַרכיע—דער פּעריאָד פונעם העכסטן אויפבלי פון דער פעאָדאַלער גרוזיע, פון איר גרעסטער פּאָליטישער מעכטיקײַט און קולטורעלן אויפשטײַג. נאָך אַסאַך דערפּאָלגרײַכע מילכאָמעס האָט די גרוזינישע מעלוכע באַדײַטנדיק געהעכערט איר עקאָנאָמישן וווילשטאַנד. צווישן אַנדערש האָט זי באַקומען אַ מעגלעכקײַט ברייט צו אַנטוויקלען דעם האַנדל סײַ מיט די לענדער פון מײַרעוו־אײראָפּע, סײַ מיט די אַזיאַטישע לענדער. גרוזיע איז אַרײַן אין דער סיסטעם פון די צווישנפעלקערלעכע קולטור־פּאָליטישע צווישנבאַציִונגען, וואָס זייער אָרענע איז געווען פון איין זײַט דער נאָענטער מיזרעך און פון דער צווייטער—וויזאַנטיע.

[1]) שפּעטער האָבן אַרום איר שידעך מיטן רוסישן פּרינץ געאָרגי, דעם ייִנגסטן זון פון אַנדריי באָגאָליובסקי זיך צעפּלאַקערט פּאָליטישע ליידנשאַפטן. ווען דער דאָזיקער שידעך איז געוואָרן אויס, האָבן אײניקע גרוזינישע פעאָדאַלן אָנגעהויבן אונטערהאַלטן געאָרגען, וועלכער האָט געוואָלט אויסקעמפן זײַן „רעכט" אַפן גרוזינישן טראָן.

דער גרוזינישער דיכטערישער באַוווסטזיַין האָט, אריבערשפּאַנענדיק די שמאָל־נאַציאָנאַלע ראַמען, זיך אומענדלעך פאַרברייטערט. ניט צופעליק איבעראַשט אונדז באַם לייענען דעם „ריטער אין טיגער־פעל״ א מעכטיק געפיל פון ראַכוועסדיקייט פון דער ערד. א קאָלאָסאַלע וועלט, א ריַיכע, פאַרביקע און אַזאַ פילאַרטיקע, מיט איר יאַבאָשע, יאַמען, טיַיכן און אַלערליי כיַיעס, באַזעצט מיט אַסאַך פעלקער, גייט דורך פאַר אונדזערע אויגן. מיר זעען דאָ קאָמפּליצירטע איבערפלעכטן פון מענטשן, וואָס ליַידן און וואַנדערן, גייען אין שלאַכט און האַנדלען אין די אומענדלעכע רוימען. עמעס, געוויינלעך איז אָנגענומען צו האַלטן די אַראַבישע, אינדישע און אַנדערע העלדן רוסטאַוועליס פאַר די נאַציאָנאַלע העלדן פון גרוזיע, אָבער ווען דאָס איז אפילע ריכטיק, ווערט אין טאָך גענומען ניט פאַרמינערט דער פריַיער אוניווערסאַליזם פונעם גרויסן דיכטער, ס׳ווערט ניט געשטערט דער וועלט־היסטאָרישער טאָך פון זיַין דענקען.

ס׳איז אָנשום צווייפל, אַז שאָטאַ רוסטאַוועלי איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גרוזינישער סאָציאַל־פּאָליטישער ווירקלעכקיַיט פון XII-XIII יאָרהונדערט.

אָט וואָס עס שריַיבט קאָנסטאַנטין טשיטשינאַדזע וועגן דעם וווּקס פונעם אינטערעס צו קונסט אין רוסטאַוועליס עפּאָכע: [1] „די אָנגעזאַמלטע ריַיכטימער פלעגן אַרויסרופן באַם הערשנדיקן קלאַס א געהעכערטע פאָדערונג צו וווילאיַינגעאָרדנטקיַיט און אפילע צו לוקסוס. דער פעאָדאַלער שטאַנד האָט אויפגעהערט צו באַנוגענען זיך בלויז מיט קלויסטער־געזאַנגען. ער האָט געפאָדערט רימען ניט נאָר „גאָטס גענאַד״, נאָר אויך זיַינע ערדישע איניאָנים. ער האָט נעפאָדערט א גרויסן שפּיגל, ווו ער זאָל קענען קליַיבן פאַרגעניגן פון זיַין, עטוואָס צוגעפאַרבטער, אָפּשפּיגלונג. און אַזאַ שפּיגל האָט ניט פאַרזאַמט צו קומען: דאָס איז געווען רוסטאַוועליס פּאָעמע. זי איז אינגאַנצן דורכגעדרונגען מיטן גיַיסט פון יענער ציַיט״.

און פּראָפ. שאַלוואַ נוצובידזע שטריַיכט אונטער, אַז די פראַגע וועגן דער וועלט־אָנשויונג פון דעם גרעסטן פּאָעטישן געני פון גרוזיע איז ניט בלויז א פראַגע פון דער נאַציאָנאַלער גרוזינישער קולטור. דערלערנען די דאָזיקע פראַגע איז זייער וויכטיק, קעדיי צו פעסטשטעלן די קאָמפּליצירטע אַנטוויקלונג־וועגן און קעגנזיַיטיקע ווירקונג פון פאַרשיידענע קולטורן. „רוסטאַוועליס וועלט־אָנשויונג שפּיגלט אָפּ אין די סאָציאַל־קלאַסאָווע באַדינגונגען פון גרוזיע פון XII-XIII יאָרהונדערטן דעם וועג, וועלכן גרוזיע איז דורכגעגאַנגען לויט דער ליניע פון קולטור־אַנטוויקלונג פון V-VI ביזן XII-XIII יאָרהונדערט. די באַדיַיטונג פון רוסטאַוועליס פּאָעמע באַשטייט אין דעם, וואָס זי וויַיזט דאָס אַלץ, וואָס גרוזיע האָט באַקומען אָפּן געביט פון גיַיסטיקער קולטור אין רעזולטאַט פון דער איבערקרייצונג פון צוויי קולטורן — פון מיזרעך און מיַירעוו״ [2], דאָס, וואָס אינעם „ריטער אין טיגער־פעל״ ווערט דערמאָנט וועגן פּלאַטאָנען, איז ניט צופעליק: שוין אין דער פריִערדיקער עפּאָכע, איידער עס האָט זיך באַוויזן די פּאָעמע, זיַינען די טראַדיציעס פון דער אַנטיק־פילאָסאָפיע זייער

---

[1] איך ציטיר אן אַרטיקל, וואָס איז נאָך ניט פּובליקירט געוואָרן אין רוסיש.

[2] פּראָפ. ש. נוצובידזע „די פּראָבלעם פון רוסטאַוועליס וועלט־אָנשויונג״. ווערק פון טיפליסער מעלוכע־אוניווערסיטעט 1. טיפליס 1936 י. ז. 55-54.

שטארק געווען אין גרוזיע. דער צוזאמענשטויס פון די דאָזיקע וועלטלעכע טראדיציעס מיט דער סכאָלאסטישער דאָגמאטיק איז געווען אן אָפשפיגלונג פונעם קאמפ צווישן דער אָפגעשטאנענער פעאָדאלער אריסטאָקראטיע מיט די פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון גרוזיע, וואָס צו זיי האָט, קענטיק, געהערט שאָטא רוסטאַוועלי.

אָפּמערקנדיק, אז רוסטאַוועלי האָט אסאך געשעפּט פון די פּאָעטיש־פילאָזאָפישע פאָרשטעלונגען פון מיזרעך (פון מאגאבאראטס אינדישער פּאָעזיע ביז עלפאראבי), שרייבט פּראָפ. נוצובידזע ווייטער: „רוסטאַוועלי דערגרייכט א ווונדערבארע מאָס אין דער פּראָפּאָרץ פונעם דיכטערישן מיטן פילאָזאָפישן. ער איז פריִער פון אלץ א דיכטער, אָבער קיינמאָל הערט ער ניט אוף צו זיין א דענקער. דער סיוזשעט פון זיין פּאָעמע איז די געשיכטע פון א ליבע, וואָס איז באגלייט מיט אלע שוועריקייטן באם דערגרייכן זי, אָבער וואָס ווערט אין רעזולטאט באהעלט מיט דער שיין פון זוניקייט און גליק. רוסטאַוועליס וועלט איז איינהייטלעך און אומטיילבאר, ווי ס'איז איינהייטלעך גאָט—די זון, ווי ס'איז אומטיילבאר די שיין־פארב" [1].

אין דער פאָרשטעלונג פונעם דיכטער איז די זונען־שיין דער קוואל פון דער וועלט־אָרדענונג. ניט אומזיסט ווערן רוסטאַוועליס גרונטלעכע, באליבטע העלדן און העלדנס—טאריעל און נעסטאַן, אווטאנדיל און טינאטין שטענדיק באלוינט מיט די עפּיטעטן אויסגעבילדעטע פונעם באגריף זונען־שיין.

דער איבעראשטער שקלאַף זאָגט וועגן טאריעלן, וואָס זיצט באם טייכל: „פאַרבלענדט האָט ער, ווי די זון, ווונדערבאר ווי א קישעף". דער קייסער ראָסטעוואַן אליין באמערקט אן אופגערעגטער: „איז געגאנגען פון אים שטראלן א שטראָם, באשיינענדיק די וועלט". נעסטאַן־דארעדזשאַן דערקלערט אינעם בריוו צו טאריעלן פון קאַדזשעטער פעסטונג: „אָן דיר וועט די זון ניט שיינען, ווייל דו ביסט א טיילכל פון דער זון" און דער אווטאָר אליין זאָגט וועגן טאריעלן, אז ער איז העלער פון דער זונען־שיין געווען".

נעסטאַן־דארעדזשאַן, וועלכע שרייבט א בריוו צו איר געליבטן, ווערט צוגעגליכן צו א שטראל, וואָס טיילט אויס פון זיך „ווערטער־שיין". טאריעל זאָגט וועגן איר: „אָ, הויכע שיין, וואָס האָט דורכגעדרונגען די בלויקייט", ער באשטימט זי אלס „העכסטע שיין", ער רופט זי „זון־געשטאלט" און „זונען־שיין". טאריעל, אסמאַט און דער אווטאָר אליין רופן אָן נעסטאַן ניט זעלטן פּאָשעט זון.

טינאטין ווערט אויך באשטימט אלס זון־(אָדער לעוואָנע) שיין, אלס „געשטאלט פון דער זון" אָדער „ניט געמינערטע לעוואָנע".

---

[1]) דאָרטן. ז. 56. ווי מיר האָבן שוין אויבן אָפּגעמערקט, שילדערט רוסטאַוועלי די געהויבענע ליבע ווי א באזונדערע באשיינטקייט, דורכגעזאפּטקייט מיט ליכט, אלזאָ, ווי א פאַרייניקונג צו א העכערן קאָסמישן אורקוואל. אונדז ווייזט אויס צו זיין ניט איבערצייגנדיק די באהויפּטונג פון ק. טשיטשינאַדזע: „רוסטאַוועלי איז, לויט אונדזער מיינונג, ניט קיין דורכפירער פון א וואָסער ניט איז באשטימטער פילאָזאָפישער לערע. ער איז פּ אָ ש ע ט א ברייט־געבילדעטער דיכטער, וואָס ניט נאָר ער שטייט אף דער הייך פון זיין עפּאָכע, נאָר איז אויסער דעם, א גייסטיקער יורעש פון דער קולטור פון דער אנטישער וועלט און פון דעם פריִיקן מיטלאלטער. מ י ט ד ע ם, צוגלייך מיטן גרויסן גאטירלעכן טאלאנט דערקלערט זיך די באצויבערנדיקע ברייטקייט פון זיין אינטעלעקטועלן וועלטבאנעם" (ז. „ליטעראטורנאיא גאַזעטא" פאַרן 1936 י. נומ. 2, קורסיוו מיינער—וו. ג.).

אווטאנדיל ווענדעט זיך צו איר: „דו, גאָלדענע, שײַנסט, פארטרײַבנדיק די שרעק"; אָדער „גאָט דער אלמעכטיקער, באשאפנדיק דיך, האָט דיך געלאָזן צו זײַן דאָ די זון".

אווטאנדילן רופט אָן ראָסטעוואן—די זון. דערווויסנדיק זיך, אז ער איז פארשווונדן, רופט אויס מיט טרויער דער קייסער: „ווו־זשע שײַנט מײַן ליכט? איך בין איינער אליין אין דער פינצטער". פרידאָן רופט אויך אווטאנדילן—די זון, באשײַנער פון די „גלאנצנדיקע שטערן", „די שײַן די איינציקע אין דער פינצטער"; צעשיידנדיק זיך מיט אווטאנדילן, רופט אויס פרידאָן: „ווו איז ער, די זון, דער טאָג דער גאָלדענער?" צולעצט, די מיטפאָרער די סאָכרים און דער גערטנער, ווען ער באגעגנט אין גוליאנשאראָ, רופן אויך אָן אווטאנדילן „זון־געשטאלט".

אין דעם אלעמען דארף מען אײַנזען אן אייגנארטיקן געצנדינערישן קולט פון דער זון און ניט קיין פּאָשעטע „זון" מעטאפאָרן. דורך דער אָנגעהעריקײַט צו דער זון ווערן באשטימט אין דער פּאָעמע די פּערזענלעכע אייגנשאפטן פון די העלדן.

פאר אנדערע לייענער, וואָס זײַנען באקאנט מיט „וועפכיס־טקאאָסאני" בלויז לויט באלמאָנטס איבערזעצונג־„איבערדיכטונג", פארבלײַבט דערווײַל קימאט אינגאנצן פארבאָרגן די גערימטע אפאָריסטישקײַט פון דער פּאָעמע. אָבער אין יעדער ליד זאָגט ארויס רוסטאוועלי געדאנקען ניט נאָר וועגן געטרײַהײַט, פרײַנטשאפט און ליבע, נאָר אויך אף די סאמע פארשיידנארטיקע טעמעס. צ. ב., אינעם אַרײַנפיר צו דער פּאָעמע ווערט געגעבן אן אייגנארטיקע „L‘arte poetica" — א פאָרמולירונג פון דער דיכטונג־קונסט. לויט רוסטאוועלים מיינונג, קען נאָך ניט אָנגערופן ווערן דיכטער א מענטש, וועלכער קאָן צונויפשטעלן צוויי־דרײַ סטראָפעס. אין דער דיכטונג זײַנען נייטיק: „א לענגערע דערציילונג", „א שטרעמונג פון העכסטקלוגע ווערטער", פּולוואָגיקײַט, אָנגעזעטיקטקײַט מיט אינהאלט. צוזאמען מיט דעם דארף דער דיכטער, ארבעטנדיק אײַנגעשפּארט און בײַקומענדיק שוועריקײַטן, מאקסימאל צונויפפרעסן זײַן ווערק, אָפּקלײַבנדיק בלויז דאָס נייטיקע און אָפּוואַרפנדיק אלע איבעריקע באפוצונגען: „די גאנצע ראכוועס פון מעכטיקע געדאנקען אנטהאלט א קורצער פערז".

שאָטא רוסטאוועלים קלוגע און העכסט־לאקאָנישע סענטענצן לעבן ביז איצט אינעם גרוזינישן פאָלק, אלס באליבטע שפּריכווערטלעך. די גרוזינישע ספּעציאַליסטן ווײַזן אָן, אז דעם מאסן־דערפאָלג פון „וועפכיס־טקאאָסאני" אין פארלויף פון זיבן יאָרהונדערטער האָט ניט ווייניק מיטגעהאָלפן די פאָלקסטימלעכקײַט פון דער פּאָעמע. באַרײַכערנדיק די גרוזינישע ליטעראַרישע שפּראך, שאפנדיק נײַע ווערטער און נײַע ווערטער־קאָמבינאציעס, האָט רוסטאוועלי צוזאמען מיט דעם געשריבן באדײַטנדיק פּאָשעטער, קלערער און צוטריטלעכער, ווי זײַנע ליטעראַרישע פאָרגייער.

דערבײַ איז ער געווען דער ערשטער, וואָס האָט ריזיקירט אַרײַנפירן אינעם דיכטערישן טעקסט „פּראָסט־פאָלקישע" אויסדריקן. ער האָט אויסגענוצט אין דער פּאָעמע אָן א שיר פאָלקס־פאָרשטעלונגען, מיטן, לעגענדעס.

ווענן דעם גאנצן גלאנץ און פולקאָמקייט פון שאָטא רוסטאוועליס דיכטערישער
מייסטערשאפט קענען מיר אורטיילן ווי געהעריק, בלויז באהערשנדיק פולקאָם די
גרוזינישע שפראך. די ווונדערלעכע רייכקייט און אייגנארטיקייט פון זיין פערז
לאָזט זיך קימאט ניט איבערצוגעבן אין אנדערע שפראכן. אָבער אפילע איצט אי־
בערראשט אונדז די אויסגעצייכנטע סטראָפיק פון דער פאָעמע, די באזונדערע מו־
זיקאלישקייט פון פערז, דאָס בייטן זיך פון פארשיידענע „מאזשאָרע" און „מינאָרע"
טענער, דער מערקווירדיקער אָפּקלייב פון די גראמען און אליטעראציעס. ווען
רוסטאוועליס סטראָפעס דעקלאמירט פאטעטיש אין דער מוטערשפראך דער פאָלקס-
ארטיסט פון פססר אקאקי וואסאדזע, ווען עס סקאנדירן זיי געמאָסטנ טיציאן טאַ־
בידזע, סימאָן טשיקאָוואני אָדער איראקלי אבאשידזע; ווען קלינגענדיק מיט די
שווערדן און מיט די קײַלעכדיקע שוץ־שילדן, פארמעסטן זיך אינעם קענען די
פאָעמע די כעווסורן אין בארג־דאָרף, ווען די קארטעלינער, קאכעטינער, אימע־
רעטינער קאָלווירטניקעס אָדער ארבעטער פון וואָסער ניט איז זאוואָד באוויַזן אָנ־
שוילעך, אז רוסטאוועלי לעבט אינעם פאָלק, לייענענדיק אים אפ אויסווייניק,—ווערט
יעדער צוהערער אנטציקט. מירן לייענען און איבערלייענען דאָס גרויסע ווערק
פון שאָטא רוסטאוועלי, מירן פאָרזעצן אונדזערע זוכונגען, מירן דערלערנען אלצ,
וואָס עס געפינט זיך אפ אונדזער האָריזאָנט.

אי. רעזניק

# לענינ אונ סטאלינ אינ דער ווײַסרוסישער פאָלקסשאפונג

(מעלוכישער פארלאג פונ ווײַסרוסלאנד. מינסק 1937 י.)

די סאָוועטישע ליטעראטור ווערט באַרײַכערט פונ טאָג צו טאָג מיט נײַע אויצרעס פונ פאָלקסשאפונג אינ דער פאָרמ פונ מײַסעס, לעגענדעס, דערציילונגענ, לידער, טשאסטושקעס וועגנ דעמ סאָציאליסטישנ הײַנט. דאָס פארמעגלעכע לעבנ, די פרײַהײַט פונ וואָרט, פונ פרעסע, וואָס די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט געגעבנ, אונ וואָס איז אזוי קלאָר אויסגעדריקט אינ דער סטאלינישער קאָנסטיטוציע, האָט פארשטארקט די באדערפעניש פונ פאָלק צומ זינגענ מיט א פולער, הויכער אונ פריידיקער שטימ וועגנ די שעפער פונעמ סאָציאליסטישנ לעבנ—לענינ אונ סטאלינ. „ווענ ס'לעבט זיכ גוט—זאָגט די סטאכאנאָווקע פאָדגאָרנאיא—איז די לידער אליינ גייענ פונ הארצנ אונ די פיס אליינ בעטנ זיכ אפ א טאנצ".

לענינ אונ סטאלינ אינ דער ווײַסרוסישער פאָלקסשאפונג — אזוי הייסט דער זאמלבוכ, וואָס איז צונויפגעשטעלט פונ די מאטעריאלנ פונ דער פאָלקלאָר־קאָמיסיע בא דער וויסנשאפט־אקאדעמיע פונ ווססר. אינעמ זאמלבוכ איז פאָרגעשטעלט נאָר א באשיידענער טייל פונ דער פאָלקסשאפונג, הויפטזעכלעכ פאר די לעצטע צוויי יאָר, געזאמלט בא פארשיידענע קאָלווירטניקעס, קאָלווירטניצעס, דערציילערנס פונ ווססר.

דער זאמלבוכ באשטייט פונ דערציילונגענ, מײַסעס אונ לעגענדעס, לידער, טשאסטושקעס, שפריכווערטער, רעטענישנ.

אינ די געזאנגענ איז ניטאָ קיינ טרערנ, פארלוירנקײַט אונ פארצווייפלונג ווי מיר האָבנ געקענט באגעגענענ אינעמ פארסאָוועטישנ פאָלקלאָר. פארקערט, מיט שטימונגענ פונ מונטערקײַט, פרייד אונ גליק איז אָנגעזעטיקט דער גאנצער בוכ.

די מײַסעס אונ דערציילונגענ, וואָס פארמאָגנ אינ זיכ ערדישקײַט, אומיטלבארקײַט דריקנ אויס די בעסטע געפילנ פונ פאָלק צו זייערע פירער לענינ אונ סטאלינ דורכ גרויסע פאראלגעמיינערונגענ. די גארונג פונ פאָלק צו עמעס, ליכטיקײַט, זונ, קראפט איז פערזאָניפיצירט אינ די געשטאלטנ פונ אונדזערע פירער. מיינסטנס פיגורירנ פאריאָכטע פויערימ, וואָס זוכנ א רעטונג אינ לעבנ פונ דער פארפינצטער־

טער לאגע אונ פארבינדנ ענדלעכ זײער גוירל מיט די נאָענטסטע צו זײ מענטשנ— לענינ אונ סטאלינ. דער פינאל איז אומעטום א ליכטיקער, א פרײדיקער.

אינ די מײַסעס „לענינישער עמעס" אונ „ווי אזוי דער מושיק דער קאפצנ האָט זיכ דערשלאָגנ זײַנ עמעס" איז דער באגריפ „עמעס" אויסגעדריקט אינ דער ברײ־ דערונג צווישנ ארבעטער־קלאס אונ פויערטום.

דער באגריפ „עמעס" האָט קײנמאָל ניט געהאט זײַנ אײגנטלעכנ באטײַט, זײַנ אבסאָליוטנ באטײַט האָט ער באקומענ אינ דער פערזאָנ פונ לענינען, פונ סטאלינען, פונעמ ארבעטער־קלאס, פונ דער סאָוועטישער סיסטעמ.

דער כאווער וו. מ. מאָלאָטאָוו אינ זײַנ רעדע צומ 20־טנ יאָרטאָג פונ אָקטיאַ־ בער־רעוואָליוציע האָט געזאָגט: „זאָלנ די פויערימ אונ ארבעטער פארגלײַכנ אפ וועמענס צאד איז דער עמעס אינ דער פארמעסטונג צווישנ סאָציאַליזמ אונ קאפי־ טאליזמ". דאָס פאָלק האָטווירקלעכ דערפילט דעמ סאָציאַליסטישנ עמעס.

לענינ אונ סטאלינ ווערנ באוויזנ אינעמ דאָזיקנ זאמלבוכ ניט נאָר אינ דער סימ־ וואָליזירונג פונ עמעס, נאָר אויכ פונ כאָכמע „לענינ איז געווענ דער קלוגסטער מענטש, ער האָט געוווסט פאר הונדערט יאָר פאָרויס וואָס וועט זײַנ" (זײַט 23).

לענינ אונ סטאלינ איז די סימוואָליזירונג פונ פיזישער אלמעכטיקײַט אונ אומ־ שטערבלעכקײַט („גרויסער גיבער", „די לעגענדע וועגנ גרויסנ גיבער").

אינ די לידער אונ טשאסטושקעס ווערט באזונגענ דער סאָציאַליסטישער הײַנט. די 77־יאָריקע קאָלווירטניצע דריקט אויס אינ פערזנ איר געמיט־צושטאנד אפ פאָלגנ־ דיקנ אויפנ:

האָט די אָרעמקײַט מײַנע ברוסטנ צונויפגעקוועטשט,
מײַנע אויגנ זײַנענ מיט טרערנ פארשוומענ,
די מענטשנ האָבנ ווי די כאיעס דאָס הארצ אויסגעגעסנ.

אונ איצט

אָ, טויט, גײ ניט, גײ ניט אינ מײַנ הויז,
אינ מײַנ הויז האָב איכ ניט ווו אהינצוטאָנ דיכ,
אָ, דו וואָלסט זיכ זעצנ אינ די שפײַכלערס,
וואָלסטו דאָרט טרעפנ פיל קאָרנ אונ מעל.
דו וואָלסט זיכ זעצנ אינ מײַנ הויז
וואָלט דיכ מײַנ בעזימ פארקערט,
אוועק פארשאָלטענער פונ מײַנ הויפ
מיר, דער אלטער, ווילט זיכ ניט שטארבנ
איכ מיט מײַנע קינדערלעכ וויל לעבנ,
מיט מײַנע אײגענע כ'וויל זײַנ". (זײַט 78).

ס'איז שוינ פארשווונדנ דער מאָטיוו „אײדער אזא לעבנ בעסער דער טויט". די מונטערע שטימונג טרײַבט פונ זיכ די געדאנקענ וועגנ טויט.

די ליבע צום כ׳ סטאלין איז טיף אריינגעדרונגען אין שטייגער. אין דער וויג־ליד „באם וויגעלע״ זינגט די מוטער ווי א רעפרען:

„איך האָט ליב דער קלוגער סטאלין״.

די לידער רופן זיך אָפּ אפּ אלע געשעענישן פון אונדזער סאָציאַליסטישן לעבן. פיל לידער פון בירגער־קריג־מאָטיוון, אסאך לידער געווידמעט לענינס טויט, וועגן סטאכאנאָווצעס, ליבע צום היימלאנד. פון יעדער ליד אָטעמט ארויס הארציקע ליבע צו די פירער.

אָט מיט וואָס פאר אן עפּיטעטן דאָס פאָלק באצייכנט זיינע פירער.

דער אָדלער לענין איז געקומען צו פליִען...
פון זומער־זון איז קלאָרער דיין סייכל

אפ לענינס טויט:

אונדזער שטערן האָט זיך אָפּגעריסן

וועגן סטאלינען ווערט געזאָגט:

ער האָט א בליק געטאָן אפ אונדז,
איז דער מאָרגן־שיין אופגעגאנ

אָדער:

און וואָס פאר א לויטערע זון
איבער דער ערד ברענט,
דאָס איז אונדזער באליבטער סטאלין
ווארעמקייט און גליק שענקט אונדז

וועגן אונדזער היימלאנד ווערט געזאָגט:

בלי זשע, מיין לאנד, ווי א רויז אין די סעדער,
ווי א ברונעם וואָס פליסט
אזוי אונדזער מאכט וואקסט א. א. וו.

דאָס יִידישע פאָלק, וועמען די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט אויך באפרייט צו־זאמען מיט אלע פעלקער פון סאָוועטנפארבאנד, זינגט אויך אין פילצאָליקע לידער וועגן די אויסלייזער לענין און סטאלין, וועגן גליקלעכן לעבן. ס׳וואָלט געווען גע־ווּנטשן, אז ס׳זאָל אויך דערשיינען אזא זאמלבוך פון יִידישן פאָלקלאָר.

ס׳האָט זיך בארעכטיקט מ. גאָרקיס ווערטער:

„די פייִקייט פון די ארבעטנדיקע מאסן צו קינסטלערישער שאפונג אנטשטייט ווידער און מוז אנטשטיין, ווייל די רעוואָליוציע באפרייט דעם מענטשן ניט נאָר סאָציאַל, פיזיש, נאָר אויך עמאָציאָנעל, „אינטעלעקטועל״.

ס׳איז דער ערשטער בוך פון ווייסרוסישער סאָוועטישער פאָלקסשאפונג געווידמעט לענינען און סטאלינען, וואָס איז ארויסגעלאָזן געוואָרן צום 20־טן יאָרטאָג פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. מע דארף באגריסן אזא אופטו.

## אינהאלט




רעדקאָלעגיע.

דרוקערײַ א. נ. סטאלינ. באשטעלונג 1866. גלאווליטבעל 3462.

## ЗМЕСТ

אבאָנירט זיכ אפנ זשורנאל

# „שטערנ“

אפנ 1938 יאָר

פרײַז 3 רובל.

# ШТЭРН
# (ЗОРКА)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс

ВЫДАННЕ
„Окцябр“
Менск, Рэволюц. вул., 2.